דר. בן ציון ליבער

# דאָס געשלעכטס לעבּען

אַ פּאָפּולער־וויסענשאַפטליך בוך

פערטע, פאַרבעסערטע אויפלאַגע

---

# SEXUAL LIFE

*A Popular Scientific Book*

**By BENZION LIBER, M. D., Dr. P. H., New York**

Fourth, improved edition

1927

**Published by Rational Living, Box 2, Station M, New York.**



## THIS BOOK AND THE POST OFFICE

In 1917 this book was suppressed by the Post Office. Although ostensibly it was declared non-mailable because it was regarded as obscene, the real reason was its radicalism in social and economic matters particularly as related to modern prostitution and venereal diseases and its advocacy of birth control. This was found out by the Division of Venereal Diseases of the United States Public Health Service which "put in—in vain—a strong plea for the value of the book in educating the public." But after much correspondence and after the appearance of the author's energetic protest in The New Republic of New York, the Solicitor of the Postmaster approved the mailing of the book, provided certain small, stupidly insignificant changes, indicated by the Solicitor, are made. It is evident that the much desired suppression of the book had become impossible; therefore these changes had to be insisted upon. But they were a poor excuse.

*As it will be seen, the present edition has been printed in conformity with the order of the Post Office.*

Here are its letters which finally permitted the mailing of the book:

POST OFFICE DEPARTMENT
Office of The Solicitor
Washington
January 24, 1922

Dr. Benzion Liber,
New York, N. Y.

My dear Sir:

Referring to the matter of admission to the mails of your book entitled "Sex Life", I have to advise you that this Department will not object to its admission to the mails if the following changes be made, to wit:

In the article "Criminal Morality", pages 29 to 33, omit the two paragraphs beginning "One of the first things a young man learns is that he must", etc., and "Pressed from all sides," etc.

Omit the article entitled "The Incomplete Intercourse", pages 158-161.

In "Preventative Means", on page 161: As you state that the plan for a European edition has been abandoned, it is desirable that you omit the words, "I hope that in the European edition of this book it will be possible to print a description of preventatives", which are regarded as an advertisement of the European edition giving information such as is forbidden by Section 211 of the Penal Code.

Omit the four illustrations at the end, figures 4, 9, 39 and 51.

Yours truly,
JOHN H. EDWARDS,
Solicitor

U. S. POST OFFICE
New York, N. Y.
April 21, 1922

Dr. B. Liber,
New York, N. Y.

My dear Sir:

In connection with previous correspondence concerning the mailability of the book "Sexual Life", a copy of the letter sent to you January 24, 1922, by the Solicitor for the Post Office Department has been received and the Solicitor advises that the revised book may be accepted for mailing in accordance with the statement between you and the Department as shown by the letter referred to and your letter of April 13, 1922.

Copies of the book and advertisements relating to it will therefore be accepted for mailing.

Sincerely yours,
E. M. MORGAN,
Postmaster

One day I received a note from this editor in regard to a patient, about whom you have already heard from Mr. Vandiver (Counsel for the Medical Society of the County of New York.) This patient had a swelling in the lower abdomen, but Dr. G., whose advertisement he saw in a paper and whom he visited, told him that he had syphilis. The patient has very kindly consented to come here tonight and is sitting on the front seat. He will be very glad to be questioned by any one of the audience after the meeting. He was examined by us and showed nothing that even remotely suggested syphilis. A Wasserman test of his blood was negative. He was also examined by your President who confirmed our diagnosis. I bring him simply to emphasize two points: First, what good a small fearless paper can do in talking against and in printing matter against the advertising venereal quack; and second, as a typical case of what these advertising venereal quacks are doing every day.

From the records of a meeting of The Society of Sanitary and Moral Prophylaxis, held at the New York Academy of Medicine, April 9, 1914, as published in the Journal of the Society, in its issue of May, 1914, page 133.

## ACKNOWLEDGMENT

**As most of the chapters published in this book have been reprinted from the Yiddish magazines "Unser Gesund" (Our Health) and "Dos Ratzionale Leben" (Rational Living), both edited by Dr. B. Liber, the following opinions will interest the readers:**

### AN APPRECIATION

The Department of Health is constantly experiencing great difficulties in securing publicity for its work against venereal disease. In most newspaper offices the words "syphilis" and "gonorrhoea" are still tabooed, and without the use of these terms, it is almost impossible to correctly state the problem which the Department of Health has undertaken to solve. We are, therefore, pleased to record that a Yiddish health journal, "Unser Gesund", publishes most of our press bulletins and announcements in full. Moreover, our Medical Adviser reports being consulted by a number of patients desiring advice in venereal and other sexual matters, who came to him in response to publications in this health journal. We beg to assure the editor of "Unser Gesund" of our cordial appreciation of his co-operation.

Bulletin of the Department of Health of New York City.
April, 1914.

B. S. Barringer, M.D., Medical Adviser Venereal Clinic, Department of Health:

For the past few months we have been somewhat mystified at the Department of Health by a certain class of cases which have come to us for advice. These cases all had a number of peculiarities; they were Hebrews, spoke English very indefinitely, had very up-to-date views on eugenics, asked about the Wisconsin law and many other questions which I could not hope to answer. Upon inquiring further I found that they had been reading a Journal called "Unser Gesund", of which I have a copy ,and which is, as far as I know, *the only New York paper, having a general circulation, which prints matter decrying the advertising venereal quack.* I will pass around a copy of this paper. On the one side is an article in Yiddish and on the other side a particular translation of this article. I got in touch with the editor and gave him what material we had at the Department of Health, which he has published very gladly.

# אַנערקענונג.

אזוי ווי די מעהרסטע קאַפּיטלען פון דיזען בוך זענען איבער־געדרוקט געוואָרען פון די צייטשריפטען „אונזער געזונד" און „דאָס ראַציאָנאַלע לעבען", ביידע רעדאַקטירט פון דר. ב. ליבער, ווילען די פאָלגענדע מיינונגען אינטערעסירען די לעזער:

## אַן אַבשאַצונג.

די געזונהייטס אָבטיילונג האָט שטענדיג גרויסע שוועריג־קייטען צו קריגען עפענטליכע מיטאַרבייט אין איהר קאַמף געגען ווענערישע קראַנקהייטען. אין די מעהרסטע צייטונגען זענען די ווערטער „סיפיליס" און „גאָנאָרעע" נאָך אַלץ ניט ערלויבט, און אָהן דעם געברויך פון די ווערטער איז עס כמעט אונמעגליך פאָרצוברענגען אויף אַ קאָרעקטען אופן די פראַגע וואָס די גע־זונדהייטס אָבטיילונג האָט זיך אונטערגענומען צו לעזען. דעריבער איז עס אונז אָנגענעהם צו נאָטירען אַז אַ אידישע געזונדהייטס צייטשריפט, „אונזער געזונד", פערעפענטליכט אינגאַנצען די מעהר־סטע פון אונזערע פרעס בולעטינען און אַנאָנסירונגען. אַ חוץ דעם בעריכטעט אונזער מעדיצינישער ראַטגעבער אַז ער ווערט קאָנ־סולטירט פון מעהרערע פּאַציענטען וואָס ווינשען צו קריגען אַן עצה אין ווענערישע און אין אַנדערע סעקסואַלע זאַכען, און וועלכע קומען צו איהם אַלס אַן ענטפער אויף אַרטיקלען אין דעם דאָ־זיגען געזונדהייטס זשורנאַל. מיר פערזיכערען דעם רעדאַקטאָר פון „אונזער געזונד" אַז מיר שעצען הערצליך אָב זיין מיטאַרבייט.

בולעטין פון דער געזונדהייטס אָבטיילונג פון ניו יאָרק.

אַפּריל, 1914.

---

**דר. ב. ס. באַררינדזשער, מעדיצינישער ראַטגעבער פון דער וועגערישער קליניק פון דער ניויאָרקער געזונדהייטס אָבטיילונג:**

אין די לעצטע עטליכע מאָנאַטען האָבען מיר, אין דער גע־זונדהייטס אָבטיילונג, ניט פערשטאַנען אַ געוויסע קלאַסע פון פאַ־לען וואָס פלעגען קומען צו אונז פאַר עצות. אַלע די פאַלען האָבען געהאַט איניגע אייגענטימליכקייטען; זיי זיינען געווען אידען, האָבען זעהר אונזיכער גערעדט ענגליש, האָבען געהאַט זעהר גענויע און מאָדערנע מיינונגען איבער עוגעניק, זיי האָבען געפרעגט איבער דעם וויסקאָנסין געזעץ און אַ סך אַנדערע פראַגען וועלכע איך האָב זיי ניט געקאָנט ענטפערען. אויף מיין ווייטערער

נאָכפראַגע האָב איך געפונען אַז דאָס זיינען לעזער פון אַ זשורנאַל מיט דעם נאָמען „אונזער געזונד", פון וועלכען איך האָב דאָ אַן עקזעמפּלאַר און וועלכער איז, אַזוי ווייט ווי איך ווייס, די איינציגע ניויאָרקער פּובליקאַציע האָבענדיג אַן אַלגעמיינע צירקולאַציע, וועלכע דרוקט אַרטיקלען געגען דעם וועגערישען שווינדעל וואָס מאַכט זיך רעקלאַמע. איך וועל איבערגעבען אַן עקזעמפּלאַר פון דיזען זשורנאַל. אויף איין זייט איז פאַראַן אַן אַרטיקעל אין אידישען און אויף דער אַנדערער זייט אַ טיילווייזע איבערזעצונג פון דעם אַרטיקעל. איך האָב זיך געשטעלט אין פערבינדונג מיט דעם רעדאַקטאָר און האָב איהם געגעבען דעם מאַטעריאַל וואָס מיר האָבען געהאַט אין דער געזונדהייטס אָבטיילונג און ער האָט עס מיט גרויס פערגניגען געדרוקט.

איין מאָל האָב איך ערהאַלטען פון דעם רעדאַקטאָר אַ נאָטיץ וועגען אַ פּאַציענטען פון וועלכען איהר האָט שוין געהערט רעדען מר. וואַנדיוועער (דער אַדוואָקאַט פון דעם ניויאָרקער אָפיציעלען מעדיצינישען פעריין). דיזער פּאַציענט האָט געהאַט אַ שוועלונג אין דעם אונטערשטען טייל פון בויך, אָבער דר. ג., וועמעס אַנאָנסע ער האָט געזעהן אין אַ צייטונג און וועמען ער האָט בעזוכט, האָט איהם געזאָגט אַז ער האָט סיפילים. דער פּאַציענט איז געווען אַזוי פרוינדליך צו קומען אַהער היינט אָבענד און זיצט דאָ אין דער ערשטער באַנק. ער וועט זיך לאָזען מיט פערגניגען אויספרעגען, נאָך דער זיצונג, פון סיי וועמען פון דער פערזאַמלונג. ער איז אונטערזוכט געוואָרען פון אונז און האָט ניט געוויזען קיין שום זאַך וואָס זאָל אפילו פון דער ווייטענס דערמאָנען סיפילים. אַ וואַסערמאַן אונטערזוכונג פון זיין בלוט איז געווען נעגאַטיוו. ער איז אויך אונטערזוכט געוואָרען פון אייער פרעזידענט, וועלכער האָט בעשטעטיגט אונזער דיאַגנאָזע. איך ברענג דעם פּאַציענטען אַהער איינפאַך כדי צו בעטאָנען צוויי פונקטען: ערשטענס, וויפיל גוטס אַ קליינע מוטיגע צייטשריפט קאָן אויפטון רעדענדיג און דרוקענדיג מאַטעריאַל געגען דעם וועגערישען שווינדלער וואָס מאַכט זיך רעקלאַמע; און צווייטענס, אַלס אַ טיפּישער פאַל פון דעם וואָס די דאָזיגע וועגערישע רעקלאַמע־שווינדלער טוען יעדען טאָג.

(פון דעם בעריכט פון אַ זיצונג פון דעם פעריין וועגען סאַניטאַרער און מאָראַלישער פערהיטונג, געהאַלטען אין דער ניויאָרקער מעדיצינישער אַקאַדעמיע, דעם 9־טען אַפּריל, 1914. דער באַריכט איז געדרוקט אין דעם זשורנאַל פון דעם פעריין אין דער אויסגאַבע פון מאַי 1914, זייט 133.)

## PREFACE

**By Maurice Fishberg, M. D.**

*Author, Clinical Professor of Tuberculosis, New York University and Bellevue Medical College.*

Some time ago I heard the following story told: A woman in a small American town has learned to swim to the great dismay of her relatives and neighbors. In fact the community was actually shocked, and the clergyman of the city called upon her, telling her that she is not doing the right thing. "Swimming," he told her, "is a sport only suitable for men." "But supposing I am drowning, how will I save myself?" she naively asked. "Then wait till a man comes to rescue you," was the prompt response.

Our education at the present time is pursuing along the lines laid down by this well meaning, but decidedly misguided clergyman. We teach our young folks everything, from superstitutions to religion on the one hand and belles lettres and literature on the other, but the most vital part of education, the relation of the sexes, is altogether left out. Some remain in entire ignorance of this, the most important of human functions; others have to learn it from their chance acquaintances; still others from literature, good, bad or indifferent. The result is usually disastrous.

The young and growing man is not taught the dangers lurking in indiscriminate sexual relations; the maturing young woman is not informed about the facts of life; the married woman becomes a mother without any preparation and knows less about maternity than she knows of Chinese literature. And when these people, owing to their ignorance, drown in the sea of life, salvation depends whether by chance some one who knows about the problems of life will happen to be around and save them. But unfortunately a savior is only rarely around.

For this reason, in addition to many others which could be enumerated, a book on the sexual problems which confront the modern young man and woman is very useful. I have no doubt that Dr. Liber, who has done so much and so well in popularization of medical literature for the Jewish readers, has succeeded in preparing a suitable book on the sex problems of today. While some may question the wisdom of stating the sexual facts in plain language for the average reader, just as the above mentioned clergyman questioned the propriety of swimming by a woman, teh vast majority of educators, as well as physicians, welcome a good book of this character.

New York, February 3rd, 1918.

# פאָרוואָרט

## פון דר. מאָריס פישבערג.

**פון דער „ניו יאָרק יוניווערסיטי און בעללוויו מעדיקעל קאָללעדזש".**

פאַר איינעיגער צייט האָב איך געהערט דאָס פאָלגענדע מעשה'לע: אין אַ קליינער אַמעריקאַנער שטאָדט האָט זיך אַ פרוי אויסגעלערנט שווימען; איהרע קרובים און שכנים זענען געווען זעהר אונצופרידען. דאָס גאַנצע שטעדטעל איז געווען דערציטערט. דער גלח איז צו איהר געקומען און איהר געוואָלט בעווייזען אַז זי פיהרט זיך ניט אויף ריכטיג.

— שווימען איז אַ ספּאָרט וואָס געהערט זיך נאָר פאַר מענער, האָט ער צו איהר געזאָגט.

— אָבער שטעלט זיך פאָר אַז איך דערטרענק זיך, ווי אַזוי וועל איך זיך רעטען? — האָט זי נאַיווערהייט געפרעגט.

— איהר וועט וואַרטען ביז אַ מאַן וועט קומען אייך רעטען, האָט ער איהר שנעל געענטפערט.

אונזער היינטיגע ערציהונג איז געבויט נאָך דעם פּלאַן פון אָט דיזען גייסטליכען, וועלכער האָט עס גוט געמיינט אָבער איז זיכער געווען אויף אַן אונריכטיגען וועג. מיר לערנען אונזערע קינדער אַלעס, פון איין זייט אַבערגלויבענס און רעליגיאָן, פון דער אַנדערער זייט ליטעראַטור, אָבער דער לעבענסוויכטיגסטער טייל פון דער ערציהונג, די בעציהונגען צווישען די געשלעכטער, ווערט אין גאַנצען אַרויסגעלאָזען פון'ם פּראָגראַם. אַ סך בלייבען פאָלשטענדיג אונוויסענד וועגען דיזער הויפּטזעכליכסטער פון אַלע מענשליכע פונקציעס; אַנדערע מוזען קריגען זייער ערפאַהרונג פון צופעליגע בעקאַנטשאַפטען; אַנדערע ווידער פון גוטע, שלעכטע אָדער גלייכגילטיגע שריפטען. דאָס רעזולטאַט איז געוועהנליך אַן אומגליק פאַר דער יוגענד.

מען לערנט ניט דעם יונגען, אויפוואַקסענדיגען מאַן וועגען די געפאַהרען וואָס וואַרטען בעהאַלטענערהייט אויף איהם אין די

ניט געקליבענע, אין די צופעליגע, געשלעכטליכע בעציהונגען; דאָס יונגע מיידעל וואָס האלט אין רייף ווערען ווערט ניט אינפאָרמירט וועגען די לעבענס פאקטען; די פערהייראטע פרוי ווערט א מאמע אָהן קיין שום פאָרבערייטונג און זי ווייסט ווינציגער איבער מוטערשאפט ווי איבער כינעזישער ליטעראטור. און ווען אלע די מענשען דערטרענקען זיך, דורך זייער אונוויסענהייט, אין דעם ים פון לעבען, הענגט די רעטונג אָב פון דעם צופאל אויב אימיצער וואָס קען די לעבענס פראָבלעמען טרעפט זיך צו זיין ביי דער האנד און רעטעט זיי. אָבער אומגליקליכערווייז איז אן ערלעזער זעלטען פאראן.

דערפאר און פאר נאָך מעהרערע אנדערע גרינדען וועלכע מען וואָלט געקאָנט אויסרעכענען, איז א בוך איבער די סעקסואלע פראגען וואָס שטעלען זיך פאר דעם מאָדערנעם יונגען מאן און דער מאָדערנער יונגער פרוי, זעהר ניצליך. איך האָב קיין שום צווייפעל אז דר. ליבער'ן, וועלכער האָט אזוי פיעל און אזא גוטעס אויפגעטון אין דער פאָפולאריזירונג פון מעדיצינישער ליטעראטור פאר די אידישע לעזער, איז געלונגען צוצוגרייטען א פאסענד בוך איבער די היינטיגע געשלעכטס פראָבלעמען.

כאָטש וואָס מאנכע מענשען צווייפלען אפשר צו ס'איז קלוג צו ברענגען פאר דעם דורכשניטליכען לעזער די סעקסואלע פאקטען אין אן איינפאכען לשון, פונקט אזוי ווי דער אויבען דערמאָנטער גלח האָט געהאלטען דאָס שווימען פון א פרוי פאר אונפאסענד, וועלען אָבער די מעהרסטע ערציהער, ווי אויך דאָקטוירים, גוטהייסען א גוט בוך פון דעם סאָרט.

# פ אָ ר ר ע ד ע

צו דער דריטער אויפלאגע, 1919

פון'ם פארפאסער.

ווען איך בין געקומען קיין אמעריקא, אין 1904, האָב איך געהאט הינטער מיר א קאריערע פון קאמף און ליידען אין די סאָציאליסטישע רייהען, אלס רעדנער און שרייבער, אלס פובליציסט און זשורנאליסט. די סצענע פון מיין טעטיגקייט איז ניט תמיד געווען צווישען אידען. איך האָב געהאט אנגעווענדט פארשידענע אייראָפעישע שפראכען, אָבער ניט די אידישע.

ניו יאָרק האָט פאר מיר אָבער געעפענט א נייע וועלט און נייע מעגליכקייטען. אריינפאלענדיג אין דער מיט פון אזא גרויסער אידישער באפעלקערונג, האָב איך זאָפאָרט באשלאָסען זיך צו לערנען וואָס בעסער און וואָס מעהר די אידישע שפּראך, כדי צו קאָנען רעדען און שרייבען צו מיין פאָלק אזוי אז עס זאָל מיך קאָנען גרינדליך פארשטעהן.

און צו זאָגען האָב איך געהאט זעהר פיעל. א חוץ די נויטווענדיגקייט צו ערקלערען די סאָציאלע און נאציאָנאלע פראגען, האָב איך געפיהלט א באדירפניש צו ערציהען, צו לערנען אלע די מיט וועלכע איך האָב געזאָלט קומען אין באריהרונג. איך האָב זיך ניט געקאָנט באגניגען מיט דעם פּרעדיגען פון ווייטע אידעאַלען. איך האָב געוואָלט פארשפּרייטען אזא אויפקלערונג וואָס זאָל יעדען העלפען וואָס מעהר צופּאסען זיין איצטיג לעבען, זיין לעבען אין דער היינטיגער געזעלשאפט, צו די פאָרגעשריטענסטע אידעאַלען פאר דער צוקונפט.

וואָס מיך האָט מעהרסטענס אינטערעסירט אין דעם פּריוואט לעבען פון דעם א י י נ צ ע ל נ ע ן אידישען ארבייטער, איז געווען: ערשטענס, די פרייע קינדער ערציהונג, אלס א גרונדלאגע

פאר דעם קאמף פאר דער באפרייאונג פון די דערוואקסענע; צווייטענס, דער קאמף געגען רעליגיאָן און אבערגלויבענס, די גרעסטע שטערונגען צום פאָרטשריט; דריטענס, די באוואוסטזיניגע באשרענקונג פון די צאָהל קינדער; פערטענס, די ערציהונג פון דעם עולם צו פארשטעהן און אָפּצושאצען די קונסט, וועלכע קאָן דערהויבען און באפרייען דעם גייסט; און ענדליך, די אויפקלערונג אין געזונד פראגען, דאָס לערנען ווי אזוי צו לעבען אין די איצטיגע אונגאָרמאלע אומשטענדען כדי וואָס מעהר צו פארהיטען קראנקהייטען.

די לעצטע אויפגאבע האָב איך געהאלטען פאר די וויכטיגסטע. איך האָב באטראכט פאר א הייליגען חוב צו העלפען פארשטארקען און פארשענערען דעם קערפער פון אלע די וואָס זענען געוואָרען מיינע דירעקטע און אינדירעקטע תלמידים, וואָס האָבען מיך געלעזען און זיך צו מיר צוגעהערט. איך האָב טאָג און נאכט געארבייט פאר דעם צוועק. איך האָב געמאכט די העכסטע מאטריעלע און גייסטיגע אָפּפער. כדי צו קאָנען דערגרייכען א וואָס גרעסער פובליקום, האָב איך, אונטער די גרעסטע שוועריגקייטען, ארויסגעגעבען און רעדאקטירט א מאָנאטליכע צייטשריפט מיט דעם נאָמען „אונזער געזונד", וועלכע, צוזאמען מיט איהר נאָכפאָלגערין, „דאָס ראציאָנאלע לעבען", האָט עקזיסטירט פון אָקטאָבער 1910 ביז אָקטאָבער 1917, און פון וועלכער די מעהרסטע קאָפּיטלען פון דיזען בוך זענען גענומען געוואָרען.

אָבער אנשטאָט מיין ארבייט צו לויבען אָדער זי זאכליך צו קריטיקירען, האָט די אמעריקאנישע אידישע פרעסע געהאנדעלט זעהר אונעהרליך. איין טייל האָט די גאנצע באוועגונג וואָס איז דורך מיר געשאפען געוואָרען, פארשוויגען, גלייך ווי זי האָט גאָר ניט עקזיסטירט. אַן אנדערער טייל האָט מיך פערזענליך אָנגעגריפען, מיך פארלוימדעט, געזוכט מיט אלע מיטלען מיך מאָראליש און פינאנציעל צו רואינירען, וועלכעס איז זיי גליקליכערווייז ניט געלונגען, — אָדער ווענינגסטענס איז זיי נאָר אין א קליינעם גראד געלונגען, ווייל עפּיס בלייבט דאָך איבער פון יעדער פארלוימדונג.

און דוקא ניט די קאָנסערוואַטיווע פּרעסע האָט געדרוקט די פאַרברעכערישע ליגען געגען מיר; נאָר מאַנכע פון די ראַדיקאַלע צייטונגען. דאָס איז ניט צו פאַרוואונדערן ווען מען באַדענקט אַז די אידישע סאָציאַל פּראָגרעסיווע שרייבער אין אַמעריקא

זיינען אונוויסענד כמעט אין אַלעמען, נאָר איבערהויפּט אין געזונד פראַגען, און שווער צוגענגליך צו נייע אידעען;

אַז זיי זענען אָפּט אונטער דעם איינפלוס פון געוויסע דאָק־טוירים, וועמעס פּראַקסיס איז ניט אין גאַנצען אויף דער הויך פון דער אמת'ער מעדיצינישער עטהיק און וואָס זענען אינטאָלע־ראַנט צו נייע פּרינציפּען און מעטאָדען;

אַז מאַנכע פון די צייטונגען האָבען געהאַט אַן אינטערעס צו לעבען אין גוטע באַציהונגען מיט די שווינדעל־דאָקטוירים וועמענס אַנאָנסען זיי פּלעגען דרוקען, אַ פּראַקטיקע וועלכע איך האָב שטאַרק באַקעמפּט.

אַ חוץ דעם האָט מיר די אידישע ראַדיקאַלע פּרעסע ניט געקאָנט פאַרצייהען מיין אונאָפּהענגיגקייט, מיין העזה צו ארביי־טע אָהן קיינעמס הילף, זיך צו ווענדען דירעקט צום פאָלק, ניט צו געהערען צו קיין שום פּאַרטיי אָדער קלייזעל.

איך בין זיי איצט דאָס אַלעס מוחל.

אָבער ליידער איז פון יענעם קאַמף צווישען זיי און מיר איבער־געבליבען אַזאַ לאַגע אַז אַפילו ווען איינינע שריפטשטעלער וואָלטען זיך שוין יאָ וועלען אָננעהמען מיין קריוודע ווען מען טוט מיר אַן אומגערעכטיגקייט, האָבען זיי מורא דאָס צו טון. אָט איז אַ ביישפּיל: די צווייטע אויפלאַגע פון מיין בוך „דאָס געשלעכטס לעבען" איז פאַרהאַלטען געוואָרען פון דער רעגירונג דערפאַר ווייל עס איז געווען „צו רעוואָלוציאָנער", ווי ס'איז מינדליך ערקלערט געוואָרען, — אונטער דעם אויסרייד אַז ס'איז געווען אונמאָראַליש, ווי ס'איז שריפטליך ערקלערט געוואָרען. (דאָס קאָן איך באַווייזען.) נו, האָט קיין איינציגע אידישע צייטונג ניט פּראָטעסטירט. קיין איינציגע פון די גרעסערע צייטונגען האָט ניט אַפילו געהאַט דעם מוט צו דרוקען אַ רעצענזיע פון דעם בוך, כאָטש וואָס פּערזענליך האָבען מיר מעהרערע צייטונגס־שרייבער צוגעזאָגט דאָ צו טון. נע־

בענביי באמערקט, האָט דאָס אבער נאַטירליך ניט געהינדערט אַז די גאַנצע אויפלאַגע זאָל אין עטליכע מאָנאַטען פאָלשטענדיג אויס־פאַרקויפט ווערען. די אידישע ראַדיקאַלע פרעסע האָט ניט נאָר מורא געהאַט פאַר דער רעגירונג; זי האָט מורא געהאַט זיך צו קאָמפּראָמיטירען און מ י ר צו העלפען.

אינטערעסאַנט איז אַז וועהרענד מיין צייטשריפט איז פון דער אידישער פרעסע און פון די „איסט סיידער” דאָקטוירים פאַר־פאָלגט געוואָרען, האָט די ניויאָרקער שטאָדטישע געזונד אָפּטיי־לונג (דעפּאַרטמענט אָף העלטה) געלויבט מיין אויפקלערונגס אַר־בייט אין איהר אָפיציעלען בולעטין, — און אַז וועהרענד מיין בוך איז פון איין צווייג פון דער רעגירונג אונטערדריקט געוואָרען, האָט אַן אַנדער צווייג מיך איינגעלאַדען איבערצונעהמען דאָס אַמט פון רעדאַקטאָר פון דער מעדיצינישער אָפּטיילונג פון דעם אויסלענדי־שען פרעס ביוראָ, פון דעם „קאָמיטעטע אָף פּאָבליק אינפאָרמיי־שאָן.” נאָר דאָס איז צו ערקלערען דורך דעם וואָס מאַנכע צענ־טראַלע און לאָקאַלע רעגירונגס צווייגען זענען פאָרגעשריטענער ווי אַנדערע, און דורך דעם וואָס אין מעדיצינישע פראַגען זענען אַלע אויטאָריטעטען פאָרגעשריטענער ווי די ראַדיקאַלערע פרעסע.

איך ערוואַרט נאָך אויך איצט אַז די אידישע פרעסע וועט ניט דערמאָנען די ערשיינונג פון אָט דעם בוך. נאָר איך ווייס אַז דאָס פובליקום וועט פאַרשטעהן אַז וואָס איך גיב איהם דאָ איז פשוט אַ נויטיגע זאַך, און וועט מיר העלפען פאַרשפּרייטען דאָס בוך מיט די אמת'ען וואָס עס ענטהאַלט.

*　　*　　*

אין די לעצטע יאָהרען איז אין די מוחות פון אַלע די וואָס גע־בען זיך אָב מיט סעקסואַלע און סאָציאַלע פראַגען געשעהן אַ גרוי־סע אומוועלצונג. זיי זענען געקומען צו דער איבערציינונג אַז אַן אויפקלערונג אין געשלעכטס פּראָבלעמען איז נויטיג, און צוואַר, פאַר אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט. און עס זענען ערשינען ביכער איבער דעם געשלעכטס לעבען, אָריגינאַלע און איבערזעצונ־גען אין אַלע שפּראַכען. איך האָב נאַטירליך געקאָנט נעהמען איינס פון די ביכער און עס פשוט איבערזעצען אין אידישען. אָבער איך

האָב ניט געפונען קיין איינציגס וואָס זאָל ענטשפּרעכען מיין ציועק: צו רעדען פון דעם שטאַנדפּונקט פון דעם אידישען לעזער און פאַר דעם אידישען לעזער, וועמעס באַדערפנישען איך קען אַזוי גוט. דעריבער האָב איך געמוזט אַליין שאַפען אַ ווערק וואָס איז ספּעציעל געשריבען פאַר דעם סאָרט אידען וואָס מוז לעזען אַזעלכע ווערק אין אידישען.

די מעהרסטע פון די סעקס־ביכער וואָס זענען ערשינען, סיי אין ענגלישען, סיי אין דייטשען, סיי אין פראַנצויזישען. האָבען חסרונות, וועלכע מאַכען זיי ניט צוגענגליך צו דעם אויבען דער־מאָנטען מין לעזער. מאַנכע פון די ווערק זענען געשריבען פאַר מעג־שען וואָס זענען פאַרבערייט צו העכערע שטודיען, אַנדערע זענען צו איינזייטיג און פאַרנאַכלעסיגען געוויסע אינטערעסאַנטע פראַ־גען, אַנדערע זענען ניט פּראַקטיש גענוג.

* * *

איך וויים אַז אַ סך אידען האַלטען ווייניג פון אָריגינאַלע אי־דישע ווערק און רעספּעקטירען נאָר אַ ניט־אידישען אויטאָר. אָבער איך האָף אַז מיינע לעזער, דאָס הייסט דאָס קלוגערע אידישע לע־זענדיגע פּובליקום, בעזונדערס דאָס ראַדיקאַלע, וועט אַנדערש אור־טיילען, און וועט זיין גערעכט צו מיר, ווייל נאָר אויף אַזאַ אופן קאָן מען ערמוטיגען די וייטערדיגע אַרויסגאַבע פון אידישע אויפ־קלערענדיגע שריפטען.

* * *

„דאָס געשלעכטס לעבען" איז אַן עלעמענטאַר טעקסט בוך. עס האָט ניט קיין פּרעטענציעס צו זיין העכער ווי ס'איז נויטיג פאַר אונזערען עולם.

כדי צו פערמיידען עס זאָל ווערען אַ צו דיק בוך, איז עס געשריבען געוואָרען שפּאָרעוודיג, עקאָנאָמיש; דעריבער בעט איך דעם לעזער עס ניט צו לייענען ווי אַ ראָמאַן, נאָר עס צו לערנען מיט אויפמערקזאַמקייט און אויפצופּאַסען אויף יעדען וואָרט, כדי עס גוט צו פערשטעהן.

* * *

**אזוי ווי עס איז ניט וויסענשאַפטליך און עס קאָן אמאָל זיין שעדליך אז א**

געוועהנליכער מענש זאָל זיך אליין בעהאנדלען ווען ער איז קראנק, א חוץ אין איינפאכע, ניט קאָמפּליצירטע פאלען, האָב איך אין דעם בוך ניט פיעל גערעדט פון בעהאנדלונג, נאָר איך האָב געזוכט צו העלפען דעם לעזער פערהיטען קראנקהייטען.

די עהרליכע לעזער וועלען לייכט איינזעהן אז דער צוועק פון דעם בוך איז ניט קיין געלד פּראָפיט פאר דעם פּארפאסער, נאָר אויפקלעהרונג. צו מיר וועט געלינגען צו ברענגען קלאָרקייט אין די מוחות, צו ניט, דאָס וועט דער לעזער אליין אורטיילען. אָבער אין דער ערנסטקייט, אין דער איבערגעבענהייט, אין דער ליעבשאפט, אין די גוטע מאָטיוועז, מיט ויעלכע עס איז געשריבען געוואָרען, אין דעם, ערלויב איך קיינעם ניט צו צווייפלען. אויב א פינאנציעלער פּראָפיט זאָל ארויסקומען, האָב איך אין זין איהם אָנצואווענדען אויף אזאַ אופן אז ער זאָל ווידער צוריק קומען צום עולם אין דער פאָרם פון אַן אנדערער אויפקלערונגס ארבייט, מינדליכע און שריפטליכע.

* * *

די צייט ווען א דאָקטאָר זאָל זיך שעמען מיט אזא פּאָפּולער ווערק, איז פאָראיבער; די אלטע מעדיצינישע „עטהיק" צופאלט איצט אויף שטיקלעך; א נייע האלט אין געבוירען ווערען. ניט נאָר דער עולם איז אין די גאָר לעצטע יאָהרען צוגעוואָינט געוואָרען צו דער נייער ראָלע פון דעם דאָקטאָר, צו זיין ראָלע אלס לעהרער און אויפקלערער; אפילו דער דורכשניטליכער דאָקטאָר הויבט אָן צו פערשטעהן דעם נייעם טיפּ מעדיצינער; ער הויבט אָן איינצוזעהן די נויטווענדיגקייט אראָבצוגעהן פון זיין הויכען שטומען טורם און רעדען צום איינפאכען עולם אין אַ איינפאַכער שפּראַך.

נאָך פאַראַן מענשען מיט פאַרדאַרבענע מוחות ,וועלכע האַלטען אַזאַ בוך פאַר שמוציג, אונאַנשטענדיג, אַבסצען. איך באַטראַכט עס פאַר ריין, זויבער ; ס'איז אַזוי שמוציג ווי דאָס רייניגען פון שמוץ סיי וואו, אין די גאַסען, אין די הייזער, אין די קערפּערס, אין די קעפּ.

* * *

באַמערקונג צו דער פּירטער אויפלאַגע.

די וויכטיגסטע ענדערונגען זיינען געמאַכט געוואָרען אויף פאָלגענדע ערטער : זייט 32, 154, 158, 159, 180, 202, 251, 279, 296 ; ביים סוף, די בילדער : 4, 9, 39, 51.

דאָס בוך קאָן טון אַ סך גוטעס אָבער אויך אַ סך שלעכטס — עס הענגט אָפּ פון'ם לעזער. אויב ער איז אַ נאַר זאָל ער עס בעסער ניט לייענען !

# אינהאַלטס פערצייכנים:

פערטע אָבטיילונג:

## דאָס געוועהנליכע געשלעכטס לעבען.



פיפטע אָבטיילונג:

## סעקסואַלע קינדער־ערציהונג.



זעקסטע אָבטיילונג:

## אַנאָמאַליען אין דעם געשלעכטס לעבען.

זייט



זיבעטע אָבטיילונג:

## געשלעכטס קראַנקהייטען.

פיגור א: — מאַלטהוס.
ב: — דזשאָרדזש דריסדייל.
ג: — פּאָל ראָבען.
ד: — מאַרגאַרעט סענגער.
1. ספּערמאַטאָזאָען.
2. צעלע.
3. אָוואולום.
4, 16, 17. מענליכע געשלעכטס אָרגאַנען.

9, 7, 5. ווייבליכע געשלעכטס אָרגאַנען.

6. געבערמוטער.

8. עפענונג פון דער געבערמוטער.

10. ריכטונג פון געבערמוטער.

11. אייערשטאָק.

12. פאָליקלען.

13. זאַמען־פעדים און אָוואולום.

14, 15. טעסטיקעל.

18, 19. שוועלקערפער.

20, 21, 22. ברוסט.

23, 24. שוואַנגערע געבערמוטער.

25. פעטוס אין דעם וואַסערזאַק.

26. לאַגע פון׳ם קינד.

27. נאָרמאַל בעקען.

28, 29, 30, 31. פערזאָרגונג פון׳ם נאָפּעל.

32, 33, 34, 35. ברוסטבינדער.

36. ראַכיטיש בעקען.

37. נאָרמאַלע שוואַנגערע פרוי.

38. אָסטעאָמאַלאַציע.

39. פימאָזים.

40, 41. שפּריצעריל.

42, 43. קאַטהעטער, בוזשי.

44. סאָנדען.

45. האָר אויספאַלען ביי סיפּילים.

46. קאָנדילאָמען.

47, 48. גוממאַ.

49. צייהן ביי הערעדיטערער סיפּילים.

50. הערעדיטערע סיפּילים.

51. איינשפּריצונג.

52, 53, 54. בעט שיסעל.

## אַ פערבערעכערישע מאָראַל

האָט איהר זיך אַמאָל געשטעלט די פראַגע, פאַר וואָס מיר געהן אָנגעטוהן? מיינט איהר אפשר, אַז דער איינציגער גרונד איז וויַיל די קליידער שיצען אונז געגען קעלט און רעגען? אַ סמן, אַז דאָס איז נישט דער פאַל, איז וואָס מען טראָגט קליידער אין שענסטען וועטער און אין די וואַרעמסטע טעג. מיר בעדעקען אונ־זער קערפּער וויַיל מיר שעמען זיך מיט איהם. ס'איז אמת, אַז פאַר מאַנכע מענשען איז דאָס אַ גרויסע טובה, וויַיל די קליידער בעדעקען אַ סך פעהלער פון קערפּער און נאַרען אָב די וואָס מען האָט אַן אינטערעס אָבצונאַרען. ווען מען קאָן זיך פאָרשטעלען, אַז מען זאָל אַרומגעהן אין געוויסע צייטען אָהן קליידער, וואָלטען די מענשען אין אַלגעמיין געמוזט מעהר אויפּפּאַסען אויף זייער קערפּער ווי אויף זייערע קליידער. אָבער אפילו די גליקליכע בע־זיצער פון אַ שענעם קערפּער, שעמען זיך מיט איהם, וויַיל — ס'איז איינגעפיהרט, אַז מען דאַרף זיך מיט איהם שעמען. די מענשען וואָס מיר רופען אָן „נישט ציוויליזירט" געהן אַרום נאַקעט אָדער כמעט נאַקעט און עס פאַלט זיי גאָר נישט איין זיך צו שעמען. אַ נאַקעטער מאַן בעגעגענט נאַקעטע פרויען אויף שריט און טריט און קיינער פון זיי ווערט נישט דורך דעם געשלעכטליך אויפגערעגט, ווערהרענד ביי אונז איז אַ געוואַלד ווען מען זעהט אַ פרוי אויפהעבען איהר קלייד אַ ביסעל העכער ווי געוועהנליך. ווער איז ווילדער? ווער האָט אונרייַנע געדאַנקען, ווער איז תמיד בערייט צו בעגעהן אַ ווילדע טאַט?

און מען קאָן דיזען אונטערשיד צווישען „ווילדע" און „ציווי־ליזירטע" (גיט די נעמען וועמען איהר ווילט!) פערשטעהן, ווען מען דענקט וואָס פאַר אַ מאַכט עס האָבען די געוואָיהנהייטען, די אַלטע, איינגעוואָרצעלטע געוואָיהנהייטען. אַזוי, צום בייַשפּיעל, שעמען מיר זיך קיין מאָל נישט צו זעהן און צו צייגען דאָס פּנים אָדער די הענד; אָבער זעהן די בלויזע פיס פון אַ פרוי,

די פיס אָהן זאָקען, איז פאַר אַ געוועהנליכען בשר ודם אַ שרעקליכע זאַך. אַ בעסער ביישפּיעל איז דער פאַקט, וואָס ווילדע מענשען, ווען מיר ברענגען זיי אונזער „ציוויליזאַציע“, אונזערע קראַנקהייטען וועלכע אַ גייסטיגער פּראָפעסאָר האָט אָנגערופען אַמאָל אונזער „סיפיליזאַציע“, אונזערען בראָנפען, אונזערע ביקסען און אונזערע קליידער, צוזאַמען מיט אונזער זעליגמאַכענדען גלויבען, שעמען זיך אָם אָנפאַנג מיט די קליידער. עפּיס שיינט דער פרוי, אַז אָנגעטונענערהייט האָט מען מעהר דאָס אויג געריכטעט אויף איהר פערשידענער געשלעכטליכקייט און די מענער ווערען אויפגערעגט ווען זיי זעהן אַ פרוי פון זייער אייגען פאָלק אָנגעטון אין פרויען קליידער. מען דערצעהלט פאָלגענדע לעהרייכע אַנעקדאָטע פון שווייצערישען לעבען: מעהרערע קינדער פוןביידע געשלעכטער האָבען זיך נאַקעט געבאָדען אין אַ טייך. זיי האָבען זיך אָבגעשפּריצט, זיי זענען ארומגעלאָפען, געשטיפט, געלאַכט, זיי זענען געווען גליקליך. ס'איז, פערשטעהט זיך, קיינעם פון זיי ניט איינגעפאַלען אַז אין דעם איז דאָ אַ פעהלער, דען עס זענען געווען ריינע, אונפערדאָרבענע, נאַטירליכע קינדער. אַן אַלטער מאַן געהט דורך, בלייבט שטעהן ווי פון אַ דונער דערשלאָגען. ער הויבט אויף זיין שטעקען און צושרייט זיך: איהר אונפערשעמטע, אויסגעלאַסענע טייפעלס! ווי קאָנט איהר זיך ערלויבען זיך צו באָדען אין איינעם, אינגלעך און מיידלעך. די קינדער זענען שטיל געבליבען, נישט פערשטעהענדיג אין וואָס זייער חטא איז בעשטאַנען... נאָר איינער פון זיי האָט געענטפערט: „אָבער מיר ווייסען דאָך נישט ווער ס'איז אַ אינגעל און ווער אַ מיידעל, מיר זענען דאָך אַלע נאַקעט!“

יאָ, איהר אין אייער צו קאָמפּליצירט דענקען, קאָנט אפשר נישט פערשטעהן ווי אַזוי די קינדער זעהען נישט זייערע געשלעכטס־אונטערשידען. אָבער ס'איז גאַנץ איינפאַך ווען מען בעדענקט אַז פאַר זיי זענען ניט די געשלעכטס־אָרגאַנען קיין אונטערשידים־מערקמאַל; זיי ווייסען אַז מען רופט אינגעל דאָס קינד וואָס טראָגט הויזען און מיידעל דאָס קינד וואָס טראָגט אַ קליידעל.

אונזער „מאָראַל“ פערדערבט אָבער אונזער איינפאַכקייט. מיר ווערען ערצויגען אויף אַזאַן אופן אַז ביידע געשלעכטער

זיינען גאַנץ ווייט איינס פון אַנדערען, און דורך דעם בילדעט זיך בייביידע אַ מין אומגעזונטע נייגעריגקייט, וועלכע ענדערט זיך אום אין אַ שטענדיגער, נישט נאָרמאַלער אויפרעגונג, וועלכע, ביי דער קלענסטער געלעגענהייט, ביי דער לייכטסטער בעריהרונג, צופלאַקערט זיך אין אַ שרעקליכער פלאַם, אין אַ העליש פייער. „די קינדער דאַרפען גאָר נישט וויסען פון געשלעכטס־זאַכען״; גיין, אַזעלכע זאַכען עקזיסטירען גאָר נישט אין אונזער ערציהונג. זענען דען פאַראַן געשלעכטס־טיילען אין שולען, אין שול־ביכער, — עקזיסטירען זיי איבערהויפט אָפיציעל? פון וואַנען ערפאַהרען מיר, פון וואַנען לערנען מיר אַלעם וואָס מיר דאַרפען וויסען וועגען געשלעכטס־לעבען? לערנט אונז וועגען דעם די נאַטור, ווען די צייט קומט? ניין, מיר האָבען לוסט צו געשלעכטליכען פאַרקעהר אַ סך פריהער. אונזער פערלאַנגען ווערט הערויפגערופען נישט נאַטירליך, נאָר אויף אַ קינסטליכען אופן, דורך די אומנאַטירליכע אומשטענדען אין וועלכע מיר לעבען.

פרעגט אַמאָל דאָס קינד ווי אַזוי מיר קומען אויף דער וועלט. אַנשטאָט איהם צו געבען אַן איינפאַכען, אָבער אמת'ען ענטפער, וואָס זאָל זיין נייגירדע צופרידען שטעלען, זאָגט מען איהם אַ ליגען אָדער מען שלאָגט איהם פאַר'ן פרעגען אָדער מען לעגט אָב דעם ענטפער אויף שפּעטער „ווען ער וועט זיין גרויס״. אַז מען ענטפערט איהם נישט, זוכט דאָס קינד אַנדערע, זעהר אומריינע קוועלען כדי צו וויסען וואָס עס וויל און דאַרף וויסען. יעדער שמייכעל, יעדער האַנד־דרוק, יעדעם שעפּטשען, וואָס ערוואַקסענע צייגען, נישט וויסענדיג ווי פערשטענדיג די קינדער זענען אין דער בעציהונג, יעדעם אומפאָרזיכטיגע וואָרט העלפט דעם קינד אין זיינע פאָרשונגען נאָך דעם אמת. נאָר אין דער זעלבער צייט שטייגט אין איהם אַרויף אַ געדאַנק וועלכער וועט איהם שפּעטער גאַנץ בעהערשען: אַז אין געשלעכטס־זאַכען דאַרף מען זיך היטען, דאַרף מען זיך שעמען, אַז ס'איז אין דעם דאָ עפּיס שמוציגעס, שענדליכעס, העסליכעס. און, ווען מען ווערט עלטער, הערט מען רעדען וועגען דעם נאָר אין אַ מיאוסער פאָרם, נאָר אין אַ שפּאָטישער אַרט, נאָר אין פערבינדונג מיט דעם געדאַנק פון פערדאָרבענהייט. ווען דאָס אינגעל פיהלט, מעהרסטענס קינסטליך הערפאָרגערופען,

געוויסע אונזיכערע, אונבעשטימטע, וועגן פערשטענדליכע בעדירפ־נישען, קומט ער נאַטירליך נישט פרעגען טאַטע־מאַמען, ווייל ער ווייסט אַז זיי וועלען איהם נישט ענטפערען, ער ווייסט אַז זיי זענען קיינע פריינד, זיי זענען צו הויכע אויטאָריטעטען, זיי וועלען זיך נישט אראָבלאָזען צו איהם. ווען ער האָט אונערקלערליכע ליידען, שמערצען, וואָס האָבען צו טון מיט די געשלעכטס־אָרגאַנען, ווענדט ער זיך נישט צו די עלטערען: ער ווענדעט זיך צו חברים. און די חברים ענטפערען איהם וואָס זיי ווייסען איז זייער איגנאָראַנץ.

(אונטערדריקט דורך דער אמעריקאַנישער פּאָסט־צענזור.)

און וויבאַלד ער האָט איבערגעטרעטען די שוועל, די שרעק־ליכע שוועל פון דער פּראָסטיטוציאָנס־קלאָאַקע, פון איינעם פון די ערגסטע קעסעל־גריבער פון אונזער עלענדען לעבען, איז אָפט דער רעסט פון זיין אונשולד אין גאַנצען געבראָכען געוואָרען, און דאָס שענע וואָס האָט נאָך געשוועבט ביי איהם אין הארצען וועגען ליעבע, וועגען זעעלישער און קערפּערליכער אויפריכטיגער אומאַרמונג, איז אַלעס דאָס אָפט פאַר תמיד פערלעצט, טויטליך פערוואונדעט גע־וואָרען, אונווידעררופליך פערשוואונדען. דער פּראָסטיטואירטער'ס בעריהרונג האָט איהם גייסטיג פערגיפטעט...

נאָר די פּראָסטיטוציע בעגניגט זיך נישט מיט דעם צושטערען פון דער נשמה. עס קומען דאַן די געשלעכטס־קראַנקהייטען.

און וואָס ווייסען די עלטערען פון דעם געהיימען לעבען פון זייערע קינדער? וואָס ווייסען די יונגע מיידלעך פון דעם שמוציגען געשלעכטס־לעבען פון זייערע צוקינפטיגע מענער און פריינד?

די יונגע מיידלעך, וועלכע דאַרפען שפּעטער אַזאַ גרויסע ראָלע שפּיעלען אין לעבען, וועלכע דאַרפען ווערען די מאַמעס פון אונזערע קינדער, אין וועמעס שויס עס ליגט די צוקונפט פון פאָלק, די מיידלעך האַלט מען כלומרשט ווייט פון געשלעכטליכע ערפאַהרונגען. זיי דאַרפען זיך שעמען, זיי דאַרפען „גאָר נישט וויסען", זיי דאַרפען גאָר נישט פרעגען: דאָס געהערט צו זייער פליכט. און מען האַלט זיי און איבערהויפּט די קינדער פאַר אידיאָטען, ווען מען דענקט אַז זיי פערשטעהען נישט אַזאַ מין געשעהעניש: דער מאַמע'ס בויך וואַקסט לאַנגזאַם, לאַנגזאַם; איין מאָל ווערט די מאַמע קראַנק, ליגט א ן בעט, שרייט די גאַנצע נאַכט און אין דער פריה ליגט לעבען איהר אַ ניי קינד. און מען זאָגט דעם גרעסערען שוועסטעריל אַז דאָס איז געקומען פון שטערן, אָדער דער שטאָרך האָט עס געבראַכט, אָדער גאָר דער דאָקטאָר! גלייך ווי די מאַמע האָט בעגאַנגען אַ פערברעכען, אַ שאַנדטאַט וועלכע מען מוז האַלטען געהיים!

איין זאַך פיהרט מען מיט דעם זיכער אוים. אַ גרויסער טייל פון די פּראָסטיטואירטע האָבען זייער טרויעריג לעבען צו פערדאַנקען דער אונוויסענהייט אין וועלכער די עלטערען און די שולע האָבען זיי געהאַלטען. און דער זעלבער אונוויסענהייט האָבען אַ סך פרויען צו פערדאַנקען זייערע ליידען אין פערהייראַטעטען לעבען, די קראַנקהייטען וואָס זייערע מענער גיבען זיי, די געהיימע אומגליקען אין זייער אינטימען לעבען.

די אונוויסענהייט וועגען געשלעכטס־לעבען איז די אורזאַך פון טויזענדער פערברעכען, פון טויזענדער קראַנקהייטס־פאַלען און שטערבע פאַלען, פון אַ שמוציג, אומגליקליך לעבען אין אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט. און דער פערברעכער איז קיין אַנדערער ווי: אונזער שעדליכע, אומריינע „מאָראַל".

# פאָרטשריט פון סעקסואַלער אויפקלערונג.

אין די לעצטע יאָהרען האָט אַ פּראָגרעסיווע מינאָריטעט אין די מעהרסטע לענדער איינגעזעהן די נויטווענדיגקייט פון סעקסואַלער אויפקלערונג. ביכער, צייטשריפטען, אַרטיקלען אין דער פּרעסע בעהאַנדלענדיג די געשלעכטס פראַגע זענען ערשינען און ערשיינען מעהר און מעהר. פאָרטראַגען און פּאָפּולערע לעקציעס איבער דער פראַגע ווערען געהאַלטען. אָבער נאָך אַלץ אין אַ זעהר קליינער, אונגעניגענדער מאָס, אין אַ זעהר שוואַכער דאָזע.

די קאָנסערוואַטיווען פּראָטעסטירען און קעמפּען אפילו געגען דעם ביסעל אויפקלערונג; זיי הינדערען זי וויפיעל זיי קאָנען; זיי שטעלען איהר קלעצער אין וועג. זיי האָבען מעהר אָדער ווענינער אויטאָריזירטע צענזאָרען וועלכע, אונטער דעם תירוץ אַז זיי זענען די היטער פון דער „מאָראַל“, שטערען זיי וויפיעל עס איז אין זייער מאַכט, די פערשפּרייטונג פון וויסענשאַפט און אמת.

נאָר אויך אַ סך ליבעראַל און ראַדיקאַל געזאָנענע מענשען, אָנגעפילט מיט די אבערגלויבענס, מיט די פאַלשע פּרינציפּען פון זייער ערציהונג אַלס קינדער, טראָגענדיג אויף זיך דעם גייסטיגען יאָך פון דער פינסטערער פערגאַנגענהייט, זענען געגען סעקסואַלער אויפקלערונג. דאָס איז מעהרסטענס ווייל זיי אַליין פעהלט די אמת'ע געשלעכטליכע ערציהונג; אָפטמאָל דערפאַר ווייל זיי, פּונקט ווי אַ גרויסע צאָהל פון זייערע רעאַקציאָנערע חברים, זענען אַליין „צו סעקסואַל“, זענען פול מיט איבערטריבענע, אוננאַטירליכע געשלעכטס בעדירפנישען, אַזוי אַז זיי קאָנען ניט לעזען אָדער הערען מיט רוהיגקייט אַן אמת וועגען געשלעכטס לעבען; זיי ווערען דערביי בעטייבט, זייער גלייכגעוויכט ווערט געשטערט. און זיך פאָרשטעלענדיג אַז יעדער איז אַזוי פערדאָרבען ווי זיי, האָבען זיי מורא אַז יעדע איינפאַכע, אונשולדיגע אויפקלערונג וועט האָבען דיזעלבע ווירקונג אויף אַנדערע.

אַנדערע זענען געגנער פון אויפקלערונגס ארבייט אויף דעם

געביעט, ווייל זיי זענען סעקסואל אונפעהיגע מענשען אָדער אנ־דערש אבנאָרם געשלעכטליך, אזוי אז זיי זעהן ניט איין די וויכ־טיגקייט פון געשלעכטס פראגען און זיי אורטיילען די וועלט נאָך זיך.

ווען מען ווארפט אונז פאָר אז מיר רעדען צו פיעל פון סעקס, קאָנען מיר לייכט ענטפערען אז, אויב מיר ווילען עס אָדער ניט, סעקס איז איינער פון די הויפט פאקטאָרען וואָס בעשטימען די פאָרם פון אונזער לעבען, וואָס בעאיינפלוסען אונז אין יעדען אוי־גענבליק, וואָס געבען א זין אונזער עקזיסטענץ. ווי אָפט איז סעקס נאָך א וויכטיגערער פאקטאָר ווי ערנעהרונג! שוין ניט רעדענדיג פון דעם אז מיר זענען בעשטימט פון דער נאטור, וועמעס ווערקצייג מיר זענען, צו פערמעהרען אונזער מין און אז דאָס איז טאקע ווירקליך די בעדייטונג פון סעקס אין אלע זיינע פאָרמען, — ווייסען מיר אז ס'איז זעלטען דאָ א מענש וואָס זאָל ניט האָבען קיין סעקסואלע אינטערעסען, וועמעס מח זאָל ניט ווערען פערנו־מען פון אירגענד וועלכע געשלעכטליכע געדאנקען, א גרויסען טייל, דעם גרעסטען טייל פון זיין לעבען. און קוקט זיך ארום. איהר זאָגט ארויס דאָס וואָרט „טאטע", „מאמע", רעדט איהר פון סעקס; איהר דערמאָנט זיך אין די פערגאנגענע דורות, איהר דענקט וועגען די צוקינפטיגע דורות, — סעקס; אייער נאציאָן — סעקס; אייער פרוי, אייערע קינדער — סעקס! פרובט נאָר רעדען א ביסעל לענגער איבער עפּיס וואו סעקס זאָל ניט דערמאָנט ווערען פון נאָהענט אָדער פון ווייטען, וועט איהר זעהן אז ס'איז אונ־מעגליך. אונזער ליטעראטור, אונזער טעאטער, אונזער קונסט פון יעדען סאָרט איז פול מיט סעקס.

און כאָטש סעקס איז אפשר דאָס וויכטיגסטע ביים מענשען, איז עס נאָך וייט פון זיין גרינדליך בעקאנט דער מענשהייט; ניט נאָר וואָס די מעהרסטע מענשען ווייסען ניט פיעל פון דער גע־שלעכטליכער פונקציע, נאָר אפילו די וואָס האָבען א פליכט צו וויסען, זענען זעהר אונוויסענד. בלויז וויניציג ספּעציאליסטען און סעקסאָלאָגען זענען פאָרבערייט צו רעדען מיט אזוי פיעל קענט־ניס ווי פיעל די וויסענשאפט ערלויבט אונז; די גרעסטע מעהר־צאָהל דאָקטוירים זענען כמעט בלינד אין דער סעקס פראגע. און

אזוי ווי זיי גיבען זיך ניט אָב מיט איהר, דענקען זיי אָפט אז די ספעציאַליסטען איבערטרייבען.

אָבער טראָצדעם זעהן מיר יעדען טאָג אז די אויפקלערונג וועגען געשלעכטס לעבען ביי וויסענשאַפטס לייט און ביים געוועהנליכען עולם מאַכט פאָרטשריטען און אז דאָס פערשפרייטען פון ליכט אין דער בעציהונג רייניגט מעהר און מעהר אוים אונזער לעבען.

# אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע פון די געשלעכטס־אָרגאַנען.

## איינלייטונג.

(זעה די בילדער סוף פון בוך)

די געשלעכטס־אָרגאַנען בעשטעהן: 1) פון אַזעלכע וואָס האָבען אַלס צוועק צו פּראָדוצירען, אַרויסצוגעבען די עלעמענטען וועלכע פערורזאַכען דאָס געבוירען־ווערען פון אַ קינד, 2) פון אַזעלכע וואָס העלפען צו דיזע עלעמענטען און ערלייכטערען זייער אויפגאַבע, 3) פון אַזעלכע וואָס האָבען אַלס צוועק ביידע געשלעכטער צו פעראייניגען און די דאָזיגע עלעמענטען פון איין געשלעכט צו ברענגען וואָס געהנטער צו די פון דעם אַנדערען געשלעכט און 4) ביי דער פרוי, דאָס אָרגאַן אין וועלכען דאָס קינד ענטוויקעלט זיך.

אייגענטליך נעהמט דער גאַנצער קערפּער אַ געוויסען אַנטייל אין דעם געשלעכטליכען אָדער סעקסואַלען אַקט, אָבער די הויפּט אויפגאַבע פאַלט אויף די געשלעכטס־אָרגאַנען.

די עלעמענטען זענען די **ספּערמאַטאָזאָען** ביים מאַן און די **אייכען** (אייעלעך, אָוואולען) ביי דער פרוי. דאָס פּרינציפּ און דער צוועק פון דעם סעקסואַלען פערקעהר איז, אַז דיזע ביידע זאָלען קומען אין בעריהרונג.

דער ספּערמאַטאָזאָאָן בעשטעהט פון צוויי חלקים: דער קאָפּ וועלכער איז דאָס אייגענטליכע מענליכע עלעמענט וועלכעס ברענגט זיין אינהאַלט צו צום אייכען, און דער פיינער לאַנגער עק, דער „פאָדים", וועלכער האָט אַלס צוועק זיך צו בעוועגען און דעם קאָפּ צוצופיהרען צום ריכטיגען אָרט. דער ספּערמאַטאָזאָאָן איז איין זעקס־הונדערסטעל פון אַן אינטש (צאָל) לאַנג, דער קאָפּ אַליין איז איין זעקס־טויזענדסטעל פון אַן אינטש לאַנג. ער איז ענטדעקט געוואָרען ווען די פערבעסערונג פון דעם מיקראָסקאָפּ האָט עס ערלויבט, אין 1677 פון **לעווענהעק**. אין יעדען זאַמען־אויסגוס זענען פאַראַן אַ זעהר גרויסע צאָהל ספּערמאַטאָזאָען אָדער, ווי מען רופט זיי אויך, זאַמען־פעדים. (פיגור 1.)

דאָס אָ ו ו א ו ל ו ם אָדער א י י כ ע ן איז אַ ספּעציעלע צעלע וועלכע האָט דעם צוועק אויפצונעהמען דעם ספּערמאַטאָזאָאָן (איהר זעהט (פיג. 2) אָבגעבילדעט אַ טיפּישע צעלע, זעהר פערגרעסערט. אַ גוטע פאָרשטעלונג פון אַ צעלע קאָן אייך געבען דאָס געוועהנליכע היהנער־איי. נו, אַזוי ווי יעדע צעלע, בעשטעהט דאָס אייכען פון אַ דרויסענדיג הייטעל, פון פּראָטאָפּלאַסמאַ און פון אַ קערן. דאָס אייכען איז אַ סך גרעסער פון דעם זאַמען־פּאָדים, עס איז איין 120־טעל פון אַן אינטש; מען קאָן עס זעהן מיט דעם פרייען אויג אַזוי ווי אַ קליינער פלעק, אַ פיינער פונקט, ווערהענד דעם זאַמען־פּאָדים קאָן מען ניט זעהן אָהן אַ מיקראָסקאָפּ; און טראָצדעם איז דאָס אייעלע ערשט ענטדעקט געוואָרען אין 1827 פון ב אַ ע ר. (פיג. 2 און 3.)

## די געשלעכטס אָרגאַנען.

די סעקס־אָרגאַנען זענען אין קורצען די פאָלגענדע:

ביים מאַן, — די ט ע ס ט י ק ל ע ן וואָס פּראָדוצירען דעם זאַמען, די ז אַ מ ע ן ־ ו ו ע ג ע ן אָדער קאַנאַלען וואָס פיהרען איהם אַוועק, די ז אַ מ ע ן ־ ב ל אָ ז ע ן וועלכע ענטהאַלטען איהם, אַנדערע קאַנאַלען וואָס פיהרען איהם אַוועק אין דעם אורעטראַל־קאַנאַל, דיזער קאַנאַל (א ו ר ע ט ר אַ) וועלכער געפינט זיך אין פּעניס, דער פּ ע נ י ס וועלכער געהט אַריין אין דער ווייבליכער שיידע ביים פערקעהר, מעהרערע קליינע דריזען וואָס ערלייכטערען דורך זייער שליים דעם וועג פון דעם זאַמען, פון וועלכע איינע אַ גרויסע, די פּ ר אָ ס ט אַ ט אַ. — די אורעטראַ ביים מאַן איז אין דערזעלבער צייט אויך דער קאַנאַל פאַר דעם אורין, וועלכער קומט פון דער אורין־בלאָז. (פיגור 4.)

ביי דער פרוי, — די א י י ע ר ש ט ע ק וואָס פּראָדוצירען די אייכען, די ט ו ב ע ן דורך וועלכע די אייכען געהן זיך בעגעגענען מיט די זאַמען־פּעדים, די ג ע ב ע ר מ ו ט ע ר וואו דאָס קינד ענטוויקעלט זיך, די ש י י ד ע וועלכע נעהמט אויף דעם פּעניס ביים פערקעהר, די ו ו א ו ל ו ו א, דאָס הייסט די דרויסענדיגע פאַלטען וואָס שיצען די שיידע און רייצען אויף צום פער־

קעהר. ביי דער פרוי איז די א ו ר ע ט ר א גאנץ פערשידען פון דער שיידע און זי עפענט זיך העכער פון דער עפענונג פון דער שיידע אין דער וואולווא. (פיגור 5.)

## די געבערמוטער. (דער אוטערום).

די געבערמוטער איז דאס ארגאן אין וועלכען דאס קינד ענטוויקעלט זיך. זי איז אונגעפעהר 7 צענטימעטער, 2 אינטשעס מיט ¾ לאנג; איהר גרעסטע ברייט איז 4 צענטימעטער, איין אינטש און ⅝; איהר דיקקייט איז 2.5 צענטימעטער, 1 אינטש. דאס איז ביי א נארמאלער רייפער פרוי וואס האט נאך ניט געבוירען קיין קינד. ביי אונרייפע מיידלעך איז די געבערמוטער קלענער, ביי פרויען וואס האבען שוין ענטבונדען געהט די געבערמוטער קיינמאל ניט פאלשטענדיג צוריק צון איהר פריהערדיגער גרויס, זי בלייבט אביסעל גרעסער. — מען טיילט די געבערמוטער איין אין ק ע ר פ ע ר און ה א ל ז. דער האלז איז דער אונטערשטער חלק וועלכער איז שמעלער ווי דער קערפער. די וואנד בעשטעהט הויפטזעכליך פון א דיקען מוסקעל, וועלכער איז בעדעקט פון אינוועניג מיט דער שליימהויט, און דרויסען, צו דער בויכהעהל צו, מיט דער הויט וואס בעדעקט אלע בויכארגאנען. די העהל פון דער געבערמוטער איז קליין אין פערהעלטניס צו דער גרויס פון דעם גאנצען ארגאן; אייגענטליך איז זי נישט מעהר ווי אן ענג פלאץ צווישען די פאדערשטע און הינטערשטע וואנד; איהר פארם איז דרייעקיג, מיט דעם קלענערען שפיץ אונטען; אין דעם פאלגט זי מעהר אדער וועניגער נאך די אלגעמיינע פארם פון דער געבערמוטער.

די העהל געהט איבער נאך אונטען אין דעם קאנאל פון דעם האלז דורך דעם זאגענאנטען א י נ ע ר ל י כ ע ן מ ו י ל; דער האלז-קאנאל ענדיגט זיך אונטען אין דער שיידע מיט דעם ד ר ו י ס ע נ ד י ג ע ן מ ו י ל. פון די זייטען ווערט די געבערמוטער געהאלטען דורך בענדער, די ב ר י י ט ע ב ע נ ד ע ר און די ר ו נ ד ע ב ע נ ד ע ר. די נארמאלע לאגע פון'ם קערפער איז אביסעל נאך פארענט איינגעבויגען; אבער די לאגע וועקסעלט זיך נאך די בעוועגונגען פון'ם קערפער און נאך דער לאגע פון די

נאכבאר־אָרגאַנען. די געבערמוטער ליגט צווישען דער אורין בלאָז (פּאָרענט) און דעם רעקטום אָדער מאַסטדאַרם (ריקווערטס). רעכטס און לינקס פון איהר געפינען זיך די איי־ערשטעק. ביים גרונד פון דער געבערמוטער, אויבען, — רעכטס און לינקס, — זענען פאַראַן די טובען, דורך וועלכע די אָוואולען וואנדערען פון די אייערשטעק צו דער געבערמוטער. דאָס דרויסענדיגע מויל פון דער געבערמוטער, וואָס עפענט זיך אין דער שיידע, איז פערשידען ביי פרויען איידער זיי האָבען ענט־בונדען, פון פרויען וואָס האָבען ענטבונדען איין מאָל און פון פרויען וואָס האָבען ענטבונדען מעהר ווי איין מאָל. אין דער צייט פון דער שוואַנגערשאַפט קומען פאָר גרויסע און וואונדערבארע פער־ענדערונגען אין דער געבערמוטער. (פיגור 6, 7, 8, 9 און 10.)

## די אייערשטעק.

די אייערשטעק זענען צוויי אָרגאַנען וואָס געפינען זיך אין דער בויך־העהל פון דער פרוי, איינער רעכטס, דער אַנדערער לינקס פון דער געבערמוטער און וועלכע פּראָדוצירען די אייעלעך אָדער אָוואולען. די אייער־שטעק ביי דער פרוי ענטשפּרעכען די טעס־טיקלען פון'ם מאַן, וועלכע פּראָדוצירען די ספּערמאַטאָזאָען; די אייערשטעק און די טעסטיקלען זענען די אייגענטליכע, די הויפּט, געשלעכטס־אָרגאַנען, ווייל זיי געבען אַרויס די הויפּט־עלעמענטען פון דער געשלעכטליכער פונקציע.

יעדער אייערשטאָק איז אַ האַלב־האַרטער, לענגליך־קיילעכי־גער קערפּער, אונגעפעהר 1½ אינטשעס (36 מילימעטער) לאַנג, ¾ אינטש (18 מילימעטער) ברייט און ½ אינטש (12 מילימעטער) דיק. אָבער די גרויס איז זעהר פערשידען ביי פערשידענע פרויען, אפילו נאָרמאַלע און דערוואַקסענע. ביי יונגע, נאָך אונעטוויקעלטע מיידלעך איז דער אייערשטאָק פיעל קלענער. געוועהנליך וועגט אַן אייערשטאָק פון אַ דערוואַקסענער פרוי, אַן ערך ¼ אונץ (7 גראַם). נאָך דעם ווי די רעגעל הערט אויף, ארום 45 יאָהר, ווערען די אייערשטעק קלענער און קלענער, ביז זיי זענען וועניגער ווי די העלפט פון דער נאָרמאַלער גרויס, ביי גאַנץ אַלטע פרויען.

כאָטש די לאַגע פון דעם אייערשטאָק ענדערט זיך דורך די

ענדערונגען פון די נאָכבאַר־אָרגאַנען, האָט ער דאָך אַ מעהר אָדער ווייניגער בעשטימטע פּאָזיציע, ליגענדיג צווישען דער געבערמוטער און דער טובע פון דער ענטשפּרעכענדער זייט, פערבונדען מיט דיביידע אָרגאַנען דורך דעם ברייטען באַנד און מיט דער געבערמוטער דורך אַ ספּעציעלען באַנד וואָס געהט פון דער גע־בערמוטער צום אייערשטאָק, דאָס אייערשטאָק באַנד. דער אייערשטאָק איז איין אינטש ווייט פון דער געבערמוטער.

דער אייערשטאָק בעשטעהט פון צוויי הויפּט־טיילען, די רינדע (קאָרטעקס), וואָס איז נאָהענט צו דער איבערפלאַך פון דעם אָרגאַן, און דער מאַרך, דער טיעפערער, מיטעלערער טייל. דער אַקטיווער, פּראָדוצירענדער טייל איז די רינדע. אין איהר געפינען זיך די גראַאַף'שע פּאָליקלען אָדער בלעזלעך, וואָס הייסען אַזוי נאָך דעם האָלענדישען אנאַטאָם גראַאַף פון'ם 17־טען יאָהרהונדערט, וואָס האָט זיי ענטדעקט. די בלעזלעך האָבען אַ פערשידענע גרויס, פון אַ מיקראָסקאָפּישער גרויס ביז צו איין פערטעל פון אַן אינטש. אין יעדען בלעזעל בילדעט זיך אַן איי, און ווען דאָס איי ווערט רייף, צורייסט זיך דאָס בלעזעל און דאָס איי פאַלט אַרויס; עס ווערט דאַן אויפגענומען פון דער טובע, וואו עס באַגעגענט זיך מיט דעם ספּערמאַטאָזאָאָן און די שוואַנגערשאַפט הויבט זיך אָן, אָדער — וואו עס ווערט צושטערט, ווען עס באַגעגענט קיין ספּערמאַטאָזאָאָן. דאָס בלעזעל אָדער פּאָ־ליקעל פון וואַנען דאָס איי איז אַרויס פילט זיך אָן מיט בלוט, וועל־כעס ווערט אין אַ קורצער צייט אַזוי פערענדערט, אַז עס זעהט אויס געל; דערפאַר רופט מען עס קאָרפּוס לוטעום, דאָס הייסט געלער קערפּער. מיט דער צייט פערשווינדט דיזער געלער קערפּער אין גאַנצען. ווען אַ שוואַנגערשאַפט פאָלגט נאָך דעם פרייוווערען פון אַן אייעלע, ווערט דער קאָרפּוס לוטעום פערהעלטניסמעסיג זעהר גרויס און מען רופט איהם דער אמת־ער קאָרפּוס לוטעום; ווען קיין שוואַנגערשאַפט פאָלגט ניט, איז דער געלער קערפּער קלענער און ער הייסט דער פאַלשער קאָרפּוס לוטעום. אָבער די גרויס פון דעם דאָזיגען קערפּער איז ניט קיין גאַראַנטי פאַר שוואַנגערשאַפט. איבערהויפּט זענען נאָך פאַראַן דונקלע, ניט קלאָרע פּונקטען אין דער פראַגע פון דער

פראָדוקציע פון די אָוואולען, בעזונדערס אין פערבינדונג מיט דער מענסטרואַציע. ווי עס שיינט, האָבען די אייערשטעק, א חוץ זייער בעקאַנטער אויפגאַבע אַלס פּראָדוצירער פון אייער, נאָך א וויכטיגע כאָטש געהיימניספולע ראָלע אין קערפּער פון דער פרוי: ארויסצוגעבען עפּיס וואָס העלפט איהר געבען ענערגיע, געזונד, לעבען. מען ווייסט דאָס פון דער שלעכטער ווירקונג וואָס עס האָט אויף דער פרוי די אָפּעראַציע פון ארויסשניידען ביידע אייער־שטעק. (פיגורען 7, 11 און 12.)

## די טובען.

רעכטס און לינקס פון דער געבערמוטער איז פאַראַן א רעהר וואָס מען רופט אָן מיט דעם נאָמען פ א ל ל אָ פּ י ש ע טובע, נאָך דעם אַנאַטאָם וואָס האָט זי צוערשט בעשריבען. יעדע טובע האָט צוויי עפענונגען, איינע אין דער ענטשפּרעכענדער זייט פון דער געבערמוטער און די צווייטע נעבען דעם אייערשטאָק. דורך דער טובע געהן איבער די אייעלעך (אָוואולען) פון דעם אייער־שטאָק צו דער געבערמוטער; דערפאַר רופט מען זי אויך דער א י י ל י י ט ע ר (פיהרער פון'ם איי); די לענג פון דער טובע איז אין דורכשניט 12 צענטימעטער (5 אינטשעס). די ברייט איז ניט איבעראַל גלייך; אין דעם ענגערען אָרט, נאָהענט פון דער געבערמוטער, איז זי פון 3 ביז 4 מילימעטער דיק; אָבער וואָס וויי־טער ווערט זי דיקער, 6 ביז 8 מילימעטער, און זי געהט איבער אין א פערברייטונג מיט וועלכער זי ענדיגט זיך און וועלכע האָט די פאָרם פון א טרומייט (טראָמפּעט). דיזער עק צייגט אונרע־געלמעסיגע נאָכהענגזעלען וואָס ווערען אָנגערופען פ ר א נ ז ע ן אָדער פ י מ ב ר י ע ן. איינע פון די פראַנזען איז געוועהנליך לענגער ווי די אַנדערע און דערגרייכט ביז צום אייערשטאָק; זי הייסט די א י י ע ר ש ט אָ ק־פ ר אַ נ ז (פ י מ ב ר י א אָ וו א ר י ק אַ). די אינוועניגסטע זייט פון דער טובע איז א פיין, ענג רעהרעל, און דאָרט וואו עס איז ברייטער, זענען פאַראַן א סך פאַלטען. דער ברייטערער עק עפענט זיך אין דער בויך־הערל, נאָהענט פון'ם אייערשטאָק; דער שמעלערער עק עפענט זיך אין דער געבערמוטער, אויבען, ביים גרונד פון דיזען אָרגאַן, אין דער ענטשפּרעכענדער זייט. (פיגור 7.)

אונטער געוועהנליכע אומשטענדען פעריינינגט זיך דאָס אָוואָלום מיט דעם ספערמאָטאָזאָאָן (זאַמען־פאָדים) אין דער טובע; דאָס הייסט אַז די קאָנצעפּציע אָדער עמפּפענגניש געשעהט דאָרט. פון די פיעלע אייער וואָס קומען אַרויס פון דעם אייערשטאָק און פון וועלכע מעהרערע ווערען וואַרשיינליך פערלוירען אין דער בויך־העהל, געהן מאַנכע אַריין אין דער טובע; זייער וועג ווערט ערלייכטערט דורך די ציליען, די פיינסטע מיקראָסקאָפּישע „האָרעלעך", וועלכע בעוועגען זיך און רופען הערפאָר אין דעם שליים פון דער טובע אַ שטראָם וואָס ריכטעט זיך צו דער געבערמוטער צו. אַזוי געהט דאָס אָוואָלום אַקעגען די זאַמען־פעדים וואָס קומען פון אונטען, פון דער שיידע, און וועלכע געהן דורך דער געבערמוטער אַרויף צו די טובען, ביז איינס פון זיי באַגעגענט אַן אייעלע. ווען דאָס בעפרוכטעטע איי געהט אַריין אין דער געבערמוטער און זעצט זיך פעסט אויף דער וואַנד פון דיזען אָרגאַן, דאַן העבט זיך אָן די שוואַנגערשאַפט. (פיגור 13.)

אָבער עס קאָן זיך טרעפען, דורך אַ ניט נאָרמאַלען צושטאַנד פון דער טובע אָדער דורך אַ טעות פון דער נאַטור, אַז דאָס בעפרוכטעטע איי זאָל בלייבען אין דער טובע, זיך דאָרט פעסטזעצען און זיך אָנהויבען צו ענטוויקלען. דאָס איז אַ טובאַרע, עקסטראַ אוטערינע אָדער עקטאָפּישע שוואַנגערשאַפט. דאָס געשעהט פערהעלטנימעסיג זעלטען און עס איז אַ געפעהרליכער צושטאַנד פאַר דער פרוי.

## די שיידע.

די שיידע איז אַ פלאַכע רעהר, מיט מוסקולעזע ווענד, פון אינעווייניג בעדעקט מיט אַ שליים־הויט, דאָס הייסט אַ הויט וואָס גיט אַרויס שליים; זי איז אונגעפעהר 3 אינטשעס (7½ צענטימעטער) לאַנג; אונטען הויבט זי זיך אָן ביי דעם שפּאַלט צווישען די קליינע ליפּען און בעגרענעצט זיך אויבען מיט דער געבערמוטער, מיט וועלכער זי איז פערבונדען, אַ ביסעל העכער פון דער אונטערשטער עפענונג פון דער געבערמוטער, אויף אַזאַ'ן אופן אַז דער אונטערשטער חלק פון דעם געבערמוטער־האַלז שטעקט אַרויס אין

דער שיידע, אם גרונד פון וועלכען דער אונטערזוכענדער פינגער קאָן איהם פיהלען. (מיר וויסען פון ערפאַהרונג אז די מעהרסטע אונוויסענדע פרויען פערוועקסלען די שיידע מיט דער געבערמוטער; איהר זעהט אלזאָ אז דאָס זענען צוויי פערשידענע אָרגאַנען.) די אונטערשטע עפענונג פון דער שיידע איז געוועהנליך ענגער ווי דער שיידען־קאַנאל און ביי דער יונגפרוי איז זי נאָך פערענגערט דורך א רינגפאָרמיגע פערלענגערונג פון דער שליימהויט, וועלכע הייסט דאָס ה י מ ע ן; דאָס הימען קאָן זיין פערשידען דיק און די עפענונג וואָס עס לאָזט איבער אין דער מיט אַלס איינגאַנג אין דער שיידע, קאָן זיין פערשידען גרויס. עס איז מעהרסטענס נאָר אזוי פיעל אָפען וויפיעל ס'איז נויטיג וועגען דעם מאָנאַטליכען בלוט־אויספלוס. אָבער זעהר אָפט איז די עפענונג גרעסער פון געבורט אויס, אזוי אז ביים ערשטען געשלעכטס־פערקעהר מוז דאָס הימען נישט תמיד צעריסען ווערען און בלוטען, ווי מאַנכע גלויבען. דאָרט וואו דאָס געשעהט, דאָס הייסט אין דער מעהרצאָהל פאַלען, איז די בלוטונג א זעהר קליינע, — עטליכע טראָפּען בלוט. ז ע ה ר ז ע ל ט ע ן איז עס צו הארט און מוז איינגעשניטען ווערען איידער דער קאָיטוס זאָל קאָנען שטאַטפינדען.

נאָך דער ענטבינדונג פון א קינד, בלייבט דער איינגאַנג אין דער שיידע ברייטער ווי ער איז פריהער געווען און א גרויסער טייל פון דעם הימען ווערט פערווישט. — די אינוויינינגסטע שליימהויט פון דער שיידע צייגט מעהרערע רונצלען אָדער פאַלטען, וועלכע מאַכען אז זי זאָל ניט זיין גלאַט, אָבער דער גרעסטער טייל פון דיזע פאַלטען ווערט פערווישט דורך די ענטבינדונגען. די שיידע ליגט צווישען פאָלגענדע אָרגאַנען: די אורין־בלאָז, פאָרענט, אויבען; דער אונטערשטער טייל פון די אורעטערען אָדער די קאַנאַלען וואָס פיהרען דעם אורין פון די ניערען צו דער בלאָז; פאָרענט, די אורערטרא, דער קאַנאל וואָס פיהרט דעם אורין פון דער בלאָז אַרויס נאָך דרויסען, און פון וועלכער די שיידע איז אָבגעטיילט דורך א גערעכטעס געוועבע; דאָס רעקטום אָדער דער מאַסטדאַרם, ריקווערטס; מעהרערע מוסקולען פון'ם בעקען. (פיגור 9.)

## די דרויסענדיגע ווייבליכע געשלעכטס טיילען.

די *ליפען* זענען הויט־פאלטען וואָס בעדעקען און בעשיצען דעם איינגאנג אין דער שיידע. די *גרויסע ליפען* זענען צוויי לאנגע, דיקע פאלטען, וועלכע הויבען זיך אָן פון דעם זאָגענאנטען *ווענוסבערג*, דאָס הייסט פון דעם האָריגען דרייעקיגען טייל פון דעם אונטערשטען חלק פון דער בויך־אויבערפלאך, און געהן נאָך ריקווערטס זיך פערלירענדיג אין דער איבעריגער הויט; זיי זענען, אין זייער אויסערליכער אויבערפלאך, בעדעקט מיט מעהר וועניגער שיטערע האָר. צווישען זיי ליגען די *קליינע ליפען*, וועלכע בעשטעהן פון א דעליקאטערער הויט און זענען אין גאנצען פערדעקט פון די גרויסע ליפען. נאָך פאָרענט, צוטיילט זיך יעדע פון די קליינע ליפען אין צוויי קליינע פאלטען וועלכע געהן איבער אין דיזעלבע פאלטען פון דער אנדערער זייט און לאָזען איבער צווישען זיך אַן אָרט וועלכעס ענטהאלט דעם *קליטאָריס* (דייטש: *קיטצלער*). דער קליטאָריס איז א קליין אָרגאַן וועלכעס איז אונגעפעהר אזוי צוזאמענגעזעצט ווי דער *פעניס* (דאָס גליד)ביים מאַן, אזוי אז ביי אויפרעגונג קאָן דער קליטאָריס שטייף ווערען (איהר וועט דאָס בעסער פערשטעהן ווען איהר וועט לעזען די אנאטאָמיע פון'ם פענים). — דער פלאַץ צווישען די קליינע ליפען הייסט דער איינגאנג אָדער דער *וועסטיבול*; דאָרט געפינט זיך צוערשט די *עפענונג פון דער אורעטרא*, דאָס הייסט די קליינע עפענונג דורך וועלכער דער אורין קומט ארויס, און אונטען, דאָס הימען און די *עפענונג צו דער שיידע*. דאָרט זענען אויך פאַראַן די פיינע עפענונגען פון געוויסע דריזען וואָס גיבען ארויס א פליסיגקייט. אלזאָ פון אויבען נאָך אונטען קומט צוערשט דער קליטאָריס דאַן די אורעטראַל־עפענונג און דאַן די שיידען־עפענונג. דאָס מוז בעטאָנט ווערען ווייל פיעלע זענען נישט קלאָר איבער דער לאַגע פון דיזע טיילען. — אלע דרויסענדיגע ווייבליכע געשלעכטס־אָרגאַנען אין איינעם הייסען די *וואולווא*. — ווען די פרוי שטעהט גלייך, זעהט מען מעהרסטענס בלויז דעם ווענוס־בערג.

די גרויסע ליפּען ענטשפּרעכען דעם *סקראָטום* (האָדען־זאַק) און דער קליטאָרים ענטשפּרעכט דעם פּעניס פון'ם מאַן, ווי מיר וועלען זעהן אין די ווייטערע קאַפּיטלען.

## די טעסטיקלען (האָדען).

די טעסטיקלען זענען די וויכטיגסטע פון די מענליכע געשלעכטס־אָרגאַנען; זיי גיבען דעם מאַן זיין מענליכען כאַראַקטער, אַזוי ווי די אייערשטעק זענען פעראַנטוואָרטליך פאַר דער ווייבליכקייט פון דער פרוי. די טעסטיקלען פּראָדוצירען די זאַמען־פעדים (ספּערמאַטאָזאָאָען). זיי זענען רונדע, לענגליכע אָרגאַנען וואָס הענגען אין *סקראָטום* (האָדען־זאַק) אויף אַזאַ'ן אופן אַז *דער לינקער איז נידריגער ווי דער רעכטער*, דאָס הייסט זיי ווייכען זיך איינער דעם אַנדערען אויס, כדי זיי זאָלען ליגען בעקוועמער. (דאָס איז וויכטיג צו בעטאָנען, ווייל אַ סך יונגע לייט געהן צום דאָקטאָר זיך בעהאַנדלען, דענקענדיג אַז דיזע איינריכטונג איז אַ קראַנקהייט!) יעדער איז 4 ביז 4.5 צענטימעטער (1½ ביז 1¾ אינטש) לאַנג, 2.5 צענטימעטער ברייט און 2 צענטימעטער דיק. — דער האָדען איז איינגעטיילט אין 150 ביז 200 אָבטיילונגען, אין וועלכע עס געפינען זיך צו 1, 2 אָדער 3 קליינע *זאַמען־קאַנאַלען* וועלכע זענען לאַנג אָבער פערנעהמען ניט קיין פיעל פּלאַץ ווייל זיי זענען זעהר געוואונדען; דערפאַר רופט מען זיי אויך די *געוואונדענע זאַמען־רעהרלעך*. זיי געהן איבער אין די *גלייכע זאַמען־רעהרלעך*, וועלכע בילדען, ביים איינגאַנג אין האָדען, אַ נעץ, פון וועלכען עס קומען ענדליך ארויס די גרעסערע רעהרלעך וואָס פיהרען דעם זאַמען, נאָך מעהרערע דרעהונגען און ווינדונגען, אין דעם *אָבלייטענדען קאַנאַל*, דעם *דוקטוס דעפערענס*. — די *זאַמען־פעדים* ווערען געבילדעט אין די געוואונדענע זאַמען־רעהרלעך, זיי ענטוויקלען זיך פון וואַנד־צעלען פון דיזע רעהרלעך, ביי וועלכער געלעגענהייט דיזע מאַכען דורך אַ קאָמפּליצירטע פערענדערונג. — די זאַמען קאַנאַלען, נאָכדעם ווי זיי קומען ארויס פון דעם אויבען־דערמאָנטען „נעץ“, זענען נישט מעהר אין דעם אייגענטליכען

טעסטיקעל, נאָר זיי בילדען א לענגליך אָרגאַן וואָס ווערט אָנגערו־פען דער נ ע ב ע ן ־ ה אָ ד ע ן אָדער ע פ י ד י ד י מ י ס. דער נעבען־האָדען ליגט אויף דעם ריקווערטיגען טייל פון'ם האָדען און איז דיקער אויבען און שמעלער אונטען. דער אונטערשטער, שמעלערער טייל געהט איבער אין דעם פריהער־דערמאָנטען דוקטוס דעפערענס (אָבלייטענדער קאנאל). — די טעסטיקלען ענטוויקלען זיך אין דער בויכהעהל, אָבער פאַר דער געבורט פון'ם מענליכען קינד געהן זיי ארויס פון דער בויכהעהל, דורך צוויי קאנאלען וואָס געפינען זיך אונטער דער הויט אין דעם אונטערשטען חלק פון'ם בויך, און בעזעצען זיך אין סקראָטוס. אין זיין אראָבגאנג נעהמט יעדער האָדען מיט אלעם וואָס איז געווען אין פערבינדונג מיט איהם אין דער בויכהעהל; דאָס בילדעט א שטראנג אויף וועלכען דער האָדען הענגט; ער הייסט דער ז א מ ע ן ־ ש ט ר א נ ג. אין איהם זענען פאראַן די בלוט־געפעסען, די נערוועז וואָס דיענען דעם טעסטיקעל, דער אָבלייטענדער זאמען־קאנאל, די הייטלעך וואָס הילען זיי אלע איין און זאָגאַר א פיין שטיקעל מיט מוסקעל־פעדים. אָט די עפענונגען אין דער בויכהעהל, דורך וועלכער די טעסטיקלען קומען ארויס און שטייגען ארונטער, זענען אָפט די ערשטע דורך וועלכע עס ענטשטעהט א ב ר ו ך (הערניע), דאָס הייסט מען ווערט געברויכט. (זעה ווייטער דאָס קאפּיטעל איבער „ברוך".)

דער ד ו ק ט ו ס ד ע פ ע ר ע נ ס איז א צימליך גע־וואונדענער קאנאל, וועלכענס גאנצע לענג איז 45 צענטימעטער (18 אינטשעס) און וועלכער געהט ארויף דורך דעם זאמען־שטראנג אין דער בויכהעהל און געהט אריין אין דעם ז א מ ע ן ־ ב ל ע ז ע ל, וועלכעס איז פון איהם געבילדעט געוואָרען. דער דוקטוס דעפע־רענס פיהרט אלזאָ זיי זאמען־פעדים צו דעם זאמען־בלעזעל, וועל־כעס דיענט אלס א מין רעזערווע־אָרט וואו די זאמען־פעדים האל־טען זיך אויף ביז זיי דאַרפען ארויסגעהן. עס זענען פאראַן צוויי טעסטיקלען, צוויי נעבען־האָדען, צוויי אָבלייטענדע זאמען־קאנאלען און צוויי זאמען־בלעזעלך; פון אלע די אָרגאנען איז איינס רעכטס און איינס לינקס. (פיגור 14, 15, 16 און 17.)

## די פּראָסטאַטאַ.

די פּראָסטאַטאַ איז אַ פערהעלטניסמעסיג גרויסע דריזע וואָס פּראָדוצירט אַ פליסיגקייט וועלכע איז נויטיג פאַר דעם מענליכען געשלעכטס־אַפּאַראַט. איהר פאָרם איז קאָניש, די שפּיץ זייענדיג געריכטעט נאָך אונטען און דער ברייטער גרונד צו דער אונטערשטער אויבערפלאַך פון דער אורין־בלאָז. זי איז מעהר האַרט ווי ווייך, זי וועגט עפּיס וועניגער ווי אַן אונץ (אַרום 25 גראַם) און ווערט פערגרעסערט ביי זקנים אפילו אין נאָרמאַלען צושטאַנד. זי ווערט דורכגעדרונגען פון דעם אורין־קאַנאַל (אורעטראַ), וועלכער קומט פון דער בלאָז און מוז דורכגעהן דורך דער פּראָסטאַטאַ. פון ריקווערטס איז די פּראָסטאַטאַ אין בעריהרונג מיט די זאַמען־בלעזלעך און מיט דעם רעקטום. זי בעשטעהט פון צוויי מינים געוועב: דריזען־געוועב און מוסקעל־געוועב. דאָס דריזען־געוועב ענטהאַלט צעלען וואָס פּאָרבערייטען די פּראָסטאַטאַ־פליסיגקייט, וועלכע איז אַ גרויע, טריבע פליסיגקייט, וואָס געהט אַרויס פון דער פּראָסטאַטאַ אין דער אורעטראַ דורך קליינע רעהרלעך. דער מוסקעל האָט אַלס צוועק אַרויסצופּרעסען די פליסיגקייט אין דעם אויגענבליק ווען דער זאַמען קומט אַרויס, ביים ענדע פון דעם געשלעכטס־פערקעהר, אַזוי אַז דיזע פליסיגקייט מישט זיך אויס מיט דער פליסיגקייט פון אַנדערע דריזען וואָס געפינען זיך אין די געשלעכטס־אָרגאַנען ווי אויך מיט דעם זאַמען, מיט דער ספּערמאַ, וועלכע קומט פון די זאַמען־בלעזלעך. — ווען מען וויל אונטערזוכען די פּראָסטאַטאַ, שטעקט מען אַריין אַ פינגער אין רעקטום, דורך וועלכען מען קאָן זי דורכפיהלען. מען קאָן זיך דאַן געבען רעכענשאַפט צו זי איז נאָרמאַל אָדער נישט אין איהר גרויס און איהר האַרטקייט אָדער קאָנסיסטענץ. ווען מען רייבט זי אַביסעל, לאָזט זי אַרויס איהר פליסיגקייט, וועלכע רינט נאַטירליך אַרויס דורך דער דרויסענדיגער עפענונג פון דער אורעטראַ. דאָס איז נאָרמאַל. כדי צו וויסען אויב די פליסיגקייט איז נאָרמאַל, אויב מען האַלט עס פאַר נויטיג, דאַרף מען זי אונטערזוכען. אָבער מעהרערע שווינדעל־דאָקטוירים רייבען די פּראָסטאַטאַ ביי זייערע פּאַציענטען דורך דעם רעקטום און ערקלערען די אונוויסענדע יונגע לייט אַז

דאָס ארויסקומען פון דער פליסיגקייט אָן און פאר זיך איז א סמן פון קראנקהייט פון דער פראָסטאטא. דאָס איז א ליגען.

א חוץ דער פראָסטאטא און נידריגער פון איהר זענען נאָך פאראן צוויי קליינע דריזען, די קויפער׳שע דריזען, וואָס גיסען אויף אריין זייער פליסיגקייט אין דער אורעטרא. מען דענקט אז אלע די נעבען־פליסיגקייטען וואָס שטאמען פון די דריזען העלפען דעם זאמען שנעלער ארויסצוקומען און אפשר רייצען זיי אויף די זאמען־פעדים, אז דיזע זאָלען זיך בעסער בעוועגען, — אָבער אויף זיכער ווייסט מען דאָס נישט.

(פיגור 16 און 17.)

## דער פּענים.

דער פּענים, דאָס מענליכע גליד, האָט אלס צוועק שטייף צו ווערען, כדי לייכטער אויסצוגיסען דעם זאמען, די ספערמא, אין דער פרוי׳ס שיידע, וועלכער אקט פיהרט צו בעפרוכטונג. דער פּענים איז נישט נאָר פערשידען אין לענג ביי יעדען פערשידענעם אלטער, נאָר אויך פון איין מאן צום אנדערען. דעריבער איז עס לעכערליך צו זעהן ווי יונגע לייט האָבען מורא אז זייער אָרגאַן איז צו קליין, ווען עס איז בלויז קלענער ווי ביי אנדערע מענער, אָבער עס איז נאָרמאל. ביים ענדע פון׳ם פּענים געפינט זיך דער קאָנישער טייל וואָס מען רופט „די אייכעל“, נאָך דעם נאָמען פון דער פרוכט פון דעם אייכענבוים, מיט וועלכער זי איז עהנליך. די אייכעל איז בעדעקט מיט דער פאָרהויט, א מין הויט־פאלטע וואָס קאָן צוריקגעשאָבען ווערען כדי די אייכעל צו לאָזען פריי, וועלכעס געשעהט פון זיך אליין ביים פערקעהר, ווען דאָס גליד ווערט שטייף. ביי בעשניטענע, ביי רעליגיעזע אידען און מאהאָמעדאנער, איז די פאָרהויט נישט פאראן, זייענדיג אוועקגעשניטען ביי דער רעליגיעזער אָפּעראציע פון מילה. — דער פּענים בעשטעהט הויפּטזעכליך פון דריי לאנגע צילינדרען פון א מין געוועב וואָס קאָן שטייף ווערען, דאָס הייסט ערעקטילעס געוועב: צוויי דיקערע צילינדרען אויבען, און איין צילינדער וואָס איז דינער, אונטען. זיי הייסען די שוועל־קערפער. צווישען די

צוויי אויבערשטע און דעם אונטערשטען שוועלקערפּער געפינט זיך די אורעטראַ. די שוועלקערפּער זענען איינגעוויקעלט אין הייטלעך, וועלכע ענטהאַלטען די בלוטגעפעסען און די נערוועז פון דעם אָרגאַן. די שוועלקערפּער זעהען אויס ווי שוואָמען און ענטהאַלטען העהלען אין וועלכע דאָס בלוט קומט אריין פון די בלוטגעפעסען. ווען די העהלען ווערען אָנגעפילט מיט בלוט, ווערט דאָס גליד שטייף; דאָס שטייף ווערען הייסט ע ר ע ק צ י ע. די געשלעכטליכע אויפרעגונג רייצט די נערוועז וואָס געהן צו די געשלעכטס אָרגאַנען; איינער פון די ווירקונגען פון דיזער רייצונג איז די רייצונג פון די נערוועז פון די בלוט-געפעסען, דאָס הייסט פון די אָדערען, פון'ם גליד. די פאָלגען דערפון איז אַז די אָדערען עפענען זיך, גיסען אריין בלוט אין די העהלען פון די שוועל-קערפּער און פילען זיי אָן, אַזוי אַז דאָס גליד ווערט שטייף. ווען די אויפרעגונג איז פאַריבער, ווערען די שוועלקערפּער צוריק אויסגעפּרעסט און דאָס גליד ווערט ווידער ווייך. ביי דער פרוי איז אויך פאַראַן אַ קליין אָרגאַן וואָס ענטהאַלט שוועלקערפּער-געוועב און ווערט שטייף ביי אויפרעגונג; דאָס איז דער ק ל י ט אָ ר י ס. — די א ו ר ע ט ר אַ געהט דורך די גאַנצע לענג פון'ם פעניס און עפענט זיך ביים שפּיץ פון דעם אייכעל. אין דער וואַנד פון דער אורעטראַ זענען פאַראַן אַ סך קליינע דריזלעך וואָס גיסען אריין זייער פליסיגקייט אין דעם קאַנאַל. די בעשרייבונג פון דער אורעטראַ געהערט ניט אהער, נאָר צו דער אַנאַטאָמיע פון די אורין-אָרגאַנען. (פיגור 18 און 19)

## די בריסט אָדער מילך-דריזען.

די בריסט זענען דריזען-אָרגאַנען וואָס געפינען זיך אונטער דער הויט פון דער ברוסט-געגענד. זיי זענען פאַראַן ביי מאַן און פרוי, אָבער ענטוויקלען זיך פאָלשטענדיג בלויז ביי דער פרוי. ביי זויגעדיגע פרויען ווערען זיי אַ סך גרעסער ווי אין זייער געוועהנליכען צושטאַנד. אַזוי ווי אַלע ד ר י ז ע ן, דאָס הייסט אָרגאַנען וואָס פּראָדוצירען אַ פליסיגקייט אין קערפּער, געבען די בריסט אַ ספּעציעלע פליסיגקייט, ד י מ י ל ך, וועלכע ווערט ארויסגעפיהרט

דורך געוויסע קאנאלען, וואס עפענען זיך אויף דער ב ר ו ס ט־ו ו א ר צ ע. דיזע ליגט אין א מין קרייז פון דונקעלער הויט. א גוט ענטוויקעלטע דריזע ענטהאלט ארום 20 אבטיילונגען וואס מען רופט ל א פ ע ן און יעדער לאפען האט א קאנאל. די קאנאלען קומען ארויס פון א פערצווייגונג פון רעהרלעך און פאר דער ווארצע פערברייטען זיי זיך אין א מין זעקעלעך, נאך וועלכע זיי ווערען ווי־דער ענג אין דער ווארצע. זייער עפענונג אין דער ווארצע איז ווע־ניגער ווי א האלבער מילימעטער ברייט. די דריזע בעשטעהט פון רעהרלעך, וועלכע זענען צווישען זיך פערבונדען דורך בינדע־געוועב; די צעלען פון די רעהרלעך זענען ספע־ציעלע מילך־צעלען, אין וועלכע עס ענטשטעהט, אין יעדער, א מילך־טראפען. דיזער איז נישט מעהר ווי א פיינער פעט־טראפען. די פעט־טראפען הויבען זיך אן צו בילדען אין דער צווייטער העלפט פון דער שוואנגערשאפט. אבער די פליסיגקייט וואס בילדעט זיך אין דער ברוסט אין דער שוואנגערשאפט־צייט איז נאך קיין אמת׳ע מילך, זי איז וואסעריג, ענטהאלט בלויז ווייניגע פעט־טראפען און הייסט ק א ל א ס ט ר ו ם. ערשט שפעטער, נאך דער ענט־בינדונג, קומען אלע מילך־טראפען, אלע פעט־טראפען ארויס און פון זיי בעשטעהט די מילך. כעמיש איז די מילך צוזאמען־געזעצט פון וואסער, קאזעין (דער הויפט־בעשטאנדטייל פון קעז), אלבומין (איי־ווייס־שטאף), פעט, צוקער, מינעראלען.

ביים נייגעבוירענעם קינד זענען די ברוסט־דריזען גלייך ענט־וויקעלט ביי ביידע געשלעכטער; אין דער געשלעכטליכער רייפע־צייט (פ ו ב ע ר ט ע ט) וואקסען זיי און די רעהרלעך פער־מעהרען זיך אי ביי אינגלעך אי ביי מיידלעך, אבער ביי מיידלעך בעדייטענד מעהר. אם שטארקסטען וואקסען די דריזען בלעזלעך און רעהרלעך אין דער שוואנגערשאפט. נאך יעדער פעריאדע פון זויגען פערשווינדען די דריזען־בלעזלעך און נאך דעם ווי די פרוי פערלירט איהר רעגעל (אין ק ל י מ א ק ט ע ר י ו ם) פער־שווינדען די דריזען־בלעזלעך פאלשטענדיג, אזוי אז עס בלייבט נישט מעהר איבריג ווי א מאסע בינדע־געוועב און מעהר אדער ווייניגער פון דעם שמאלץ וואס איז אימער געוועזן אין דער ברוסט־דריזע. ביים מאן בלייבט נאך דער פובערטעט־צייט עפיס איבריג

פון דעם רעהרען־נעץ און נאָר זעהר זעלטען ענטוויקעלט זיך דעם מאַן'ס ברוסט־דריזע ביז צו דער מעגליכקייט פון אַן אמת'ער אויס־שיידונג (סעקרעציאָן) פון מילך.

עס קאָן זיך טרעפען אַז אַ פרוי זאָל האָבען מעהר ווי צוויי מילך־דריזען און זיי זאָלען זיך געפינען אין פערשידענע טיילען פון'ם קערפּער, אָבער דאָס איז זעלטען. (פיגור 20, 21 און 22.)

## בעמערקונג 1.

עס איז וויכטיג צו בעמערקען אַז דאָס געהירן און דאָס גאַנצע נערוועןסיסטעם זענען ענג פערבונדען מיט די געשלעכטס אָרגאַנען און אַז ס'איז פאַראַן אַ קאָמפּליצירטע בעציהונג צווישען די סעקסואַל אָרגאַנען און אַלע טיילען פון דעם קערפּער, אַזוי אַז זיי בעאיינפלוסען זיך געגענזייטיג. פון דעם קאָן מען פערשטעהן פאַר וואָס די גאַנצע גייסטיגע און פיזישע טעטיגקייט פון'ם מענשען איז אָבהענגיג פון זיין געשלעכטליכען לעבען.

## בעמערקונג 2.

ווען אַ מאַן ווערט, אין זיין קינדהייט, דאָס הייסט איידער ער איז נאָך ענטוויקעלט, אַזוי אָפּערירט אַז זיינע טעסטיקלען ווערען ארויסגעשניטען (קאַסטראַציע), ווערט ער אין גאַנצען פערענדערט; ער קריגט ווייבליכע כאַראַקטערען; למשל, ער האָט ניט קיין באָרד, זיין קול איז ווייבעריש, זיינע פאָרמען רונדער ווי ביים נאָרמאַלען מאַן. (זעה „די טעסטיקלען, זייט 48.)

# שוואַנגערשאַפט

(זעה די בילדער סוף פון בוך)

## דער אָנפאַנג פון דער שוואַנגערשאַפט.

נאָכדעם ווי דאָס אָוואולום ווערט בעפרוכטעט פון דעם ספּער־מאַטאָזאָאָן, הויבט זיך אָן די וואונדערבאַרע ענטוויקלונג פון דעם איי. פון איין צעלע בילדען זיך, דורך אַ קאָמפּליצירטען פּראָצעס, צוויי צעלען, פון צוויי בילדען זיך פיער, און אַזוי ווייטער. אין דער ווייטערער ענטוויקלונג איז פאַראַן אַ פאָרם, אין וועלכער די רונדע פרוכט זעהט אויס ווי אַ זעקעל, איז לעדיג אינעווענינ און האָט אַן עפענונג; דיזע פאָרם הייסט ג אַ ס ט ר ו ל אַ. די דרויסענדיגע הויט אָדער דאָס אויסערליכע לאַגער צעלען פון דעם זעקעל, זייענדיג אין אַנדערע בעדינגונגען ווי די אינערליכע הויט אָדער דאָס אינערליכע לאַגער צעלען, קריגט אַן אַנדערעס אויס־זעהען ווי דיזעס; די צעלען פון דיביידע הייטלעך ווערען מעהר און מעהר פערשידען איינע פון די אַנדערע און אַ חוץ דעם וואַקסט אונטער אַ דריט הייטעל אָדער אַ דריט לאַגער צעלען, וועלכעס געפינט זיך אין דער מיט צווישען דעם אינערליכען און אויסער־ליכען הייטעל. די פרוכט בעשטעהט אַלזאָ פון אַ קערפּער וואָס איז איינגעטיילט אין דריי הייטלעך אין וועלכע ס'איז פאַראַן אַ הוילער רוים מיט אַן עפענונג נאָך דרויסען. יעדע פון די דריי הויטען ענטוויקעלט זיך אויף אַ פערשידענעם אופן און פון יעדער בילדען זיך מיט דער צייט אַנדערע אָרגאַנען. פון דעם אויסער־ליכען לאַגער ענטוויקעלט זיך הויפּטזעכליך די הויט, דאָס נערוועני־סיסטעם, עטצ.; פון דעם מיטלערען, די ביינער, די מוסקלען, די בלוט־געפעסען, אינוועניגסטע אָרגאַנען; פון דעם אינערליכען, די פערדויאונגס־אָרגאַנען. — די גאַסטרולאַ־פאָרם איז נאָך פאַראַן אין דער טובע. דאָס בעפרוכטעטע איי וואָס האַלט זיך אין ענט־וויקלען געהט דאַן אריין אין דער געבערמוטער און בעזעצט זיך דאָרט.

## די סמנים פון שוואַנגערשאַפט.

ווען אַ פרוי ווערט שוואַנגער ווייזען זיך, נאָך אַ געוויסער צייט, מאַנכע סמנים, אייניגע זיכערער ווי די אַנדערע. אָט זענען אין קורצען די סמנים פון שוואַנגערשאַפט: אויסבלייבען פון דער מענסטרואַציע, ברעכען, פערענדערונגען אין דעם אַפּעטיט און אין דער פערדויאונג, שטאַרקערע פערדונקעלונג פון די דונקעלע ערטער אויף דער הויט פון דעם קערפּער און פון דעם פּנים; ספּעציעל אַ שוואַרצקייט אַרום די ברוסט וואַרצען און אַ דונקעלע ליניע אין דער מיט פון דער בויך־הויט פון אויבען ביז אַרונטער; פּערגרעסערונג פון די בריסט; פערגרעסערונג פונ׳ם בויך; געשוואָלען און בלויליך אויסזעהן פון די דרויסענדיגע געשלעכטס־טיילען; ענדערונגען אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דער פרוי. *אָבער קיין איינציגער פון דיזע סמנים איז נישט אבסאָלוט זיכער*, ווייל זיי קאָנען זיין צו פערדאַנקען אַנדערע צושטאַנדען אָדער אויך קראַנקהייטען. מען קאָן זיך דעריבער אויף זיי ניט אין גאַנצען פערלאָזען, כאָטש עטליכע פון זיי צוזאַמען, און אין געוויסע צייטען ווען מען קאָן ערוואַרטען שוואַנגערשאַפט, מאַכען די שוואַנגערשאַפט וואַרשיינליך.

דעם דאָקטאָר׳ס הויפּט סמן איז, אַ חוץ די אויבען דערמאָנטע: די גרויס און די פאָרם פון דער געבערמוטער, וואָס ער געפינט אויס דורך אַ דאָפּעלטער אונטערזוכונג, פון אינעווייניג און פון דרויסען; דאָס קאָן איהם אָבער נישט געבען קיין שום רעזולטאַט ווען ס׳איז צו פריה, ד. ה. אין די ערשטע דריי וואָכען פון דער שוואַנגערשאַפט.

די זיכערסטע סמנים זענען דאָס פּיהלען פון די בעוועגונגען פון דעם קינד און דאָס הערען פון דעם קינד׳ס האַרץ־קלאַפּען, וועלכע זענען ערשט מעגליך אין דער מיט פון דער שוואַנגערשאַפט, דאָס הייסט ביי 4½ חדשים שוואַנגערשאַפט. דאָס איז שטרענג וויסענשאַפטליך גערעדט; ווענען געוועהנליכע און פּראַקטישע צוועקען זענען די אויביגע סמנים גענוג אין נאָרמאַלע פאַלען און מען קאָן זאָגען אַז דער דאָקטאָר דערקענט די שוואַנגערשאַפט ווען זי איז דריי אָדער פיער וואָכען אַלט.

## די פרוכט און איהר פערבינדונג מיט דער מוטער.

צום סוף פון דער שוואַנגערשאַפט, בעשטעהט דאָס רייפע איי פון פאָלגענדע טיילען: דער פ ע ט ו ס (דאָס קינד); ד ר י י א י י ־ ה ו י ט ע ן וואָס זענען מעהר אָדער וועניגער צונויפ־געקלעבט און בילדען אַ גרויסען זאַק; דאָס פ ר ו כ ט וו א ־ ס ע ר, וואָס געפינט זיך אין דיזען זאַק און אין וועלכען דער פעטוס איז אויך פאַראַן; די פ ל א צ ע נ ט א (דאָס אָרט) אין וועלכען דער אויסטויש פון'ם קינד'ס און דער מאַמע'ס בלוט גע־שעהט, און די נ אָ פ ע ל ש נ ו ר, וואָס פערבינדט דעם פעטוס מיט דער פלאַצענטאַ.

די פלאַצענטאַ (דאָס אָרט) איז אַ פלאַכער, שוואָמיגער, רונ־דער קערפער, 3 צענטימעטער דיק, 16 צענטימעטער ברייט; זי וועגט אונגעפעהר אַ האַלבען פונט. פון איין זייט קומט אַרויס די נאָפעל־שנור, די אַנדערע זייט איז פערבונדען מיט דער וואַנד פון דער געבערמוטער.

די נאָפעל־שנור געהט פון דער פלאַצענטאַ צום נאָפעל פון דעם קינד. זי איז אַ שטראַנג פון ½ יאַרד אָדער ½ מעטער לענג, כמעט אַזוי דיק ווי אַ פינגער. זי ליגט לויז אין פרוכטוואַסער אָדער ווי־קעלט ארום טיילען פון'ם קינד'ס קערפער. די הויפט אָרגאַנען פון דער נאָפעל־שנור זענען די 3 נאָפעל אָדערען: איינע ברענגט דאָס בלוט פון דער פלאַצענטאַ צום קינד און 2 פיהרען דאָס בלוט פון'ם קינד צו דער פלאַצענטאַ.

דאָס פרוכטוואַסער איז אַ טריבע, גרויע אָדער ווייסליכע פליסיגקייט וואָס געפינט זיך אין וואַסערזאַק; ס'איז פאַראַן ½ ביז 1 ליטער אָדער קוואַרט. דאָס וואַסער האַלט דאָס קינד ווייט פון די זאַק־הויטען און פון דער געבערמוטער־וואַנד, וועלכעס שיצט דאָס קינד פון אַ דרויסענדיגען דרוק און ערלויבט עס זיך צו ענט־וויקלען און זיך צו בעוועגען.

## די דויער פון דער שוואַנגערשאַפט.

די שוואַנגערשאַפט הויבט זיך אָן אין דעם אויגענבליק ווען דאָס אייכען און דאָס ספערמאַטאָזאָאָן טרעפען זיך צונויף. אַזוי ווי עס קאָנען אין יעדער צייט זיך געפינען רייפע אייכען אין די

געשלעכטס־אָרגאַנען פון דער פרוי, איז עס מעגליך אַז אירגענד וועלכער סעקסועלער פערקעהר זאָל האָבען אַלס פאָלגע אַ שוואַנגערשאַפט. דאָס איז מעגליך, אָבער עס מוז נישט זיין. נאָך די בעסטע סטאַטיסטיקען און אויסרעכענונגען דויערט די שוואַנגערשאַפט אין דורכשניט 272 און ½ טעג; אָבער אויסנאַהמען אויף מעהר און אויף וועניגער קומען פאָר. אין די מעהרסטע פאַלען איז עס אַן אונמעגליכקייט צו וויסען ווען די שוואַנגערשאַפט האָט זיך אָנגעפאַנגען און מען ווייסט בלויז אַז דאָס איז געשעהן צווישען דער לעצטער מענסטרואַציע און דער צייט וואָס מען האָט ערוואַרטעט די צווייטע וואָס איז נישט געקומען; עס האָט געקאָנט שטאַטפינדען זאָפאָרט נאָך דעם סוף פון דער לעצטער מענסטרואַציע, אויב מען האָט דענסטמאָל געהאַט פערקעהר, אָדער שפּעטער, אפשר גאָר אַ פּאָר טעג איידער די צווייטע מענסטרואַציע האָט זיך געזאָלט צייגען. אַלזאָ מען קאָן נישט גענוי וויסען פון ווען צו רעכענען די שוואַנגערשאַפט און ביז ווען זי וועט דויערן. אָבער די פאָלגענדע, נ ע ג ע ל ע ' ש ע ר ע כ ע נ ו נ ג איז די פּראַקטישעסטע און די בעסטע: אַזוי ווי פון דער לעצטער רעגעל ביז צו דער ענטבינדונג זענען פאַראַן אונגעפעהר 280 טעג, אָדער 10 לבנה מאָנאַטען אָדער 9 זון־מאָנאַטען מיט 7 טעג און אַזוי ווי די שוואַנגערשאַפט דויערט בלויז 272 טעג, נעהמט מען אַראָב דריי חדשים פון דעם ערשטען טאָג פון דער לעצטער מענסטרואַציע און מען צעהלט צו 7 טעג, דאַן האָט מען דעם טאָג פון דער ענטבינדונג. צום ביישפּיעל: לעצטע רעגעל, 3־טען נאָוועמבער, צעהלט צוריק 3 חדשים, הייסט עס דער 3־טער אויגוסט, לעגט צו 7 טעג, וועט די ענטבינדונג זיין דעם 10־טען אויגוסט פון'ם נעכסטען יאָהר.

### די ענטוויקלונג פון פעטוס.

ביז צום סוף פון צווייטען שוואַנגערשאַפטס־מאָנאַט רופט מען די פרוכט ע מ ב ר י אָ ן; פון דאַן אָן הייסט זי פ ע ט ו ס.

דאָס קינד מוז אין אַ קורצער צייט דורכמאַכען די הויפּט־פאַזען פון דער ענטוויקלונג פון דעם מין מענש, דאָס הייסט די ענטוויקלונג פון דעם מענשען אָרויפשטייגענדיג פון די נידריגסטע,

אונענטוויקעלטסטע חיות. מען רופט די לאַנגע, אפשר מיליאָנען יאָהרען דויערענדיגע מענשליכע ענטוויקלונג: פילאָגעניע; די אָבגעקירצטע, נאָר אָנגעדייטעטע, ענטוויקלונג פון'ם איינצעלנעם מענשען, אין די ערשטע וואָכען פון דער שוואַנגערשאַפט, הייסט: אָנטאָגעניע. אַ ביישפּיעל: אין אַ געוויסען צושטאַנד האָט דאָס עמבריאָן אַ אָנדייטונג פון די עפענונגען וואָס די פיש האָבען ביי דער זייט פון קאָפּ, דאָס הייסט עס געהט דורך די פאַזע פון די חיות וועלכע, ווי די פיש, אָטעמען נישט דורך לונגען.

אין 21־טען טאָג איז די פרוכט 4 מילימעטער לאַנג; זי האָט אויגען, אויערען, אַ מויל, אַ האַרץ, אַלעס רודימענטער, דאָס הייסט אונענטוויקעלט. ווען זי איז 1 מאָנאַט אַלט, איז זי 7 מילימעטערד לאַנג; זי האָט רודימענטערע הענד און פיס; דאָס גאַנצע איי מיט דער פרוכט איז גרויס ווי אַ נוס. סוף פון 2טען מאָנאַט, האָט זי אַ מענשליכע פאָרם און איז 15 מילימעטער לאַנג. סוף פון 3טען מאָנאַט איז דער פעטוס 9 צענטימעטער לאַנג און וועגט 20 גראַם; דאָס געשלעכט איז שוין בעשטימט. כדי געגויער צו זיין, מוז מען זאָגען אַז אינערליך איז דאָס געשלעכט שוין בעשטימט, דאָס הייסט די אינערליכע סעקסואַלע אָרגאַנען זענען שוין פון אַ בעשטימטען געשלעכט אַם ענד פון דער 8־טער וואָך, — און דרויסען, אויף דעם קערפּער פון פעטוס, איז דאָס געשלעכט בעשטימט ביי 10 וואָכען שוואַנגערשאַפט. — ביי 4½ חדשים הויבט אָן דאָס קינד זיך צו בעוועגען און זיין האַרץ צו קלאַפּען. — ביי 7 חדשים קאָן שוין אַ קינד בלייבען לעבען, ווען עס זאָל דאַן, דאָס הייסט פריהצייטיג, געבוירען ווערען; אָבער ס'איז זעהר שווער און מעהרסטענס שטאַרבט אַזאַ קינד. ערשט נאָך 30 וואָכען הייסט דאָס קינד לעבענספעהיג, נאָר די מעהרסטע שטאַרבען נאָך עטליכע שטונדען אָדער טעג. ביי 9 מאָנאַטען בלייבען די מעהרסטע קינדער לעבען. רייף זענען זיי אָבער אַם ענד פון דער שוואַנגערשאַפט, צום סוף פון דעם 10־טען שוואַנגערשאַפטס־מאָנאַט (פיג. 23, 24, 25.)

## „אַ זיבעלע און „אַן אַכטעל".

אין עולם איז פאַראַן אַן אָבערגלויבען, נאָך וועלכען אַ קינד וואָס ווערט געבוירען אין זיבעטען מאָנאַט, אַ „זיבעלע", קאָן לעבען, נאָר „אַן אַכטעל", אַ קינד וואָס קומט אויף דער וועלט אין אַכטען מאָנאַט, קאָן ניט לעבען. דער גלויבען קומט פון אַ טעות וואָס אַ גרויסער גריכישער געלערנטער האָט געהאַט פאַר מעהר ווי צוויי טויזענד יאָהר; די דאָקטוירים און דער עולם פון די פריהעריגע צייטען, גלויבענדיג בלינדערהייט אין דער אויטאָריטעט פון יענעם וויסענשאַפטס־מאַן און זיך ניט ערלויבענדיג אַליין צו פאָרשען און צו האָבען אַ מיינונג, האָבען אויפגעהאַלטען די אונריכטיגע בעהויפּטונג. און אַזוי טרעפט עס זיך, אַז ווען מען האָט אַן „אַכטעל", וויסענדיג אַז „עס קאָן דאָך סיי ווי סיי ניט לעבען", ווי מען זאָגט, פערנאַכלעסיגט מען עס און עס שטאַרבט טאַקע אין אַ סך פאַלען. און ווען עס בלייבט דאָך לעבען, זאָגט מען ס'איז געווען אַ טעות, ס'איז ניט געווען קיין „אַכטעל", נאָר אַ „זיבעלע". ווען מען דענקט אָבער אַז דאָס קינד איז אַ „זיבעלע", פלעגט מען עס זעהר געטריי און מען שטרענגט זיך אָן עס צו דערהאַלטען ביים לעבען.

## די רייפע פרוכט.

די רייפע פרוכט איז 50 צענטימעטער אָדער 20 אינטשעס לאַנג און וועגט 3¼ קילאָגראַם אָדער 7 פונט. זי קאָן וועגען אַ ביסעל מעהר אָדער וועניגער און נאָך זיין נאָרמאַל. אָבער ווען זי איז צו שווער, ווען זי איז צו פעט, איז זי נישט נאָרמאַל און נישט געזונד. אַ סך פרויען זענען שטאָלץ מיט אַ 12 פונטיג קינד און וויסען נישט אַז דאָס איז גאָר נישט קיין גוטער סמן און אַז ס'איז אַ בעוויז אַז די מאַמע האָט ניט געלעבט ווי עס דאַרף צו זיין. וואַרשיינליך איז איהר ערנעהרונג געווען אונריכטיג. מאַנכמאָל וויל אַ דאָקטאָר אָדער אַ העבאַם דער פרוי איינרעדען אַז דאָס קינד איז דאָפּעלט שווער, כדי צו צייגען ווי געשיקט זיי זענען געווען ביי דער ענטבינדונג, ווי שווער דיזע איז געווען און וויפיעל די פאַמיליע האָט זיי צו פערדאַנקען. מען דאַרף זיי ניט תמיד גלויבען. — ווען דאָס קינד ווערט געבוירען רייף, איז דער קערפּער

פול און די גלידער אויך אַזוי. אַלעס איז רונד. **די הויט איז** רויטלעך. אויף דעם קאָפּ זענען דאָ האָר. **די שפּיץ אויערען** און נאָז זענען האַרטליך, — דאָס הייסט די קנאָרפּלען פון די ערטער זענען ענטוויקעלט. די נעגעל זענען האַרט און דערגרייכען די שפּיץ פינגער. די טעסטיקלען ליגען אין סקראָטום. — דאָס קינד שרייט הויך און בעוועגט זיך שטאַרק; עס מאַכט אויף די אויגען. פון דעם רעקטום קומט אַרויס אַ שוואַרצער שטול, מ ע־ ק אָ נ י ו ם. — די ביינער פון דעם שאַרבען בעריהרען זיך נאָך ניט איבעראַל און לאָזען איבער אָפענע ערטער, פון וועלכע דער וויכטיגסטער איז דער פון פאָרענט און אין דער מיט, איבער דעם שטערנביין; זי הייסט ד י ג ר ו י ס ע פ אָ נ ט אַ נ ע ל ע.

## די לאַגע פון׳ם קינד אין דער געבערמוטער.

נאָרמאַלערווייזע ליגט דאָס קינד אין דער לענג, דאָס הייסט די לענג פון דעם קינד איז אין דער לענג פון דער געבערמוטער. ווען דער קאָפּ ליגט נאָך אונטען, אויף דעם ב ע ק ע ן (די ביינער וואָס בילדען די היפטען) פון דער פרוי, ווי עס געשעהט מעהרסטענס, איז עס אַ ק אָ פּ ־ ל אַ ג ע. דאָס איז נאָרמאַל. ווען דער קאָפּ איז געריכטעט נאָך אויבען און דעם קינד׳ס בעקען ליגט אויף דער מוטער׳ס בעקען, איז עס אַ ב ע ק ע ן ־ ע נ ד ־ ל אַ ג ע. די לעצטע געהערט שוין צו די ניט־נאָרמאַלע לאַגען. — 99 פּראָצענט פון די רייפע קינדער ליגען אין דער לענג און 96 פּראָצענט אין דער קאָפּ־לאַגע. — אין דער לענגס־לאַגע קאָן דער רוקען פון׳ם קינד ליגען נאָך לינקס אָדער נאָך רעכטס פון דער פרוי. אין דער גרעסטער צאָהל שוואַנגערשאַפטען ליגט דעם קינד׳ס רוקען נאָך לינקס. — אַ ק ו ו ע ר ־ ל אַ ג ע איז דאַן ווען דעם קינד׳ס לענג איז אין דער ברייט פון דער געבערמוטער. דאָס איז אַ ניט־נאָרמאַלע און מאַנכמאָל אַ געפעהרליכע לאַגע.

אייגענטליך קאָן מען רעדען פון אַ בעשטימטער לאַגע ערשט אין די לעצטע שוואַנגערשאַפטס־וואָכען. אין די ערשטע מאָנאַטען בייט זיך די לאַגע אָפט. וואָס קלענער דאָס קינד איז, וואָס ענגער דער פרוי׳ס בעקען, וואָס ווייכער און שוואַכער די מוסקלען פון

דער פרוי'ס בויך, וואָס גרעסער די געבערמוטער, — דאָס לייכטער און עפטער וועקסעלט זיך דעם קינד'ס לאַגע.

אַלזאָ געגען סוף שוואַנגערשאַפט ליגט דאָס קינד מעהרסטענס מיט דעם קאָפּ אַראָב, מיט דעם רוקען לינקס; דער קערפּער איז שטאַרק איינגעבויגען, דער קאָפּ אויף דער ברוסט געבויגען, די הענד און פיס נאָך רעכטס. (פיגור 26.)

## געשלעכטס בעשטימונג.

די מענשען האָבען אימער געווינשט צו געפינען מיטלען ווי אַזוי צו בעשטימען פון פריהער וואָס פאַר אַ געשלעכט דאָס ערוואַרטעטע קינד וועט האָבען, מיטלען וואָס זאָלען די מאַמע אַזוי בעאיינפלוסען אַז דעם קינד'ס געשלעכט זאָל ענטשפּרעכען דעם וואונש פון די עלטערען. געברויכען אַזוינע מיטלען וואָלט געהייסען ג ע ש ל ע כ ט ס - ב ע ש ט י מ ו נ ג. דאָס איז ניט צו פערוועקסלען מיט דער נייגונג אָדער דעם בעדערפניש צו ד ע ר ק ע נ ע ן וועהרענד דער שוואַנגערשאַפט דאָס געשלעכט פון דעם קינד וואָס די פרוי טראָגט. אַזאַ דערקענען אָדער פאָראויסזאָגען פון דעם געשלעכט איז ביז איצט אַן אונמעגליכקייט; די סמנים וואָס זענען זייט טויזענדער יאָהרען אָנגעגעבען געוואָרען, סיי די זאָגענאַנטע וויסענשאַפטליכע, סיי די אויסגעשפּראָכען אַבערגלויבישע, זענען אונריכטיגע, אונפערלעסליכע און אָפט לעכערליכע. אַזוי אַז עס לוינט זיך ניט פון זיי צו רעדען. דאָס הייסט, איינפאַך גערעדט, אַז קיינער קאָן ניט וויסען צו דאָס קינד וואָס די שוואַנגערע פרוי טראָגט, איז אַ אינגעל אָדער אַ מיידעל. אויב אימיצער זאָגט אייך פאָרויס דאָס געשלעכט און טרעפט, איז עס אַ צופאַל, איז עס געראָטען — און ראָטען הייסט ניט וויסען.

וואָס אַנבעלאַנגט די אַבזיכטליכע און קינסטליכע געשלעכטס־ב ע ש ט י מ ו נ ג, האָבען תמיד געהערשט אַלערליי טעאָריען, מעהרסטענס פאַנטאַסטישע, ניט באַזירט אויף קיין שום אֶמת'ע פאַקטען; אָבער אין די לעצטע יאָהרען האָבען מיר געמאַכט מעהר פאָרטשריט און עס זעהט אויס אַז מאַנכע פאָרשער אויף דעם געביעט זענען צוגעקומען נעהנטער ווי די ווען־עס־איז פריהער צון אַ לעזונג פון דער פראַגע.

מען האָט געגלויבט אַז דער גראַד פון אויפרעגונג אָדער פון פערגעניגען ביים סעקסואַלען פערקעהר, ענטשיידעט דאָס געשלעכט פון דער פרוכט; דאָס בעדייט אַז אויב דער מאַן איז מעהר אויפ־געדעגט אָדער האָט אַ גרעסער פערגניגען, וועט דאָס קינד זיין אַ איינגעל, און אומגעקעהרט. — מען האָט געדענקט אַז די קינדער מוזען זיין איינגלעך אין די פאַלען אין וועלכע דעם מאַן'ס ספּערמאַ איז מעהר אויסגעברויכט, וועניגער לעבהאַפט, — און מיידלעך, ווען דאָס ספּערמאַ איז קרעפטיגער. — אַנדערע האָבען בעהויפּטעט אַז אַ איינגעל ווערט געבוירען דאָרט וואו דער טאַטע איז אין אַל־געמיין שוואַך געשלעכטליך און אומגעקעהרט; ווען די פרוי איז שוואַך געשלעכטליך, אָדער אפילו אַזוי־זיך שוואַך קערפּערליך, וועט דער רעזולטאַט זיין אַ מיידעל. אַזוי, למשל, אַננעהמענדיג אַז די פרוי איז שוואַך באַלד נאָך און פאַר דער מענסטרואַציע (וואָס איז ניט אמת), האָט מען געמיינט אַז פון אַ פערקעהר אין יענע טעג, מוז די קאָנצעפּציע זיין אַ ווייבליכע. דאָס רופט מען די טעאָ־ריע פון דעם שוואַכערען ערצייגער. — ווידער אַנדערע האָבען געזאָגט אַז דאָס פּראָדוקט פון יעדען טעס־טיקעל און פון יעדען אייערשטאָק זענען פאַר אַ געוויסען געשלעכט פון די קינדער. פאַר אַנדערע פאַנטאַסטען האָבען אַזעלכע וועלט־פענאָמענען ווי די ים־בעוועגונג פון „פלוט און עבב", די פאַזען פון דער לבנה, די לאַגע פון די שטערען, געהאַט אַ „זיכערען" איינפלוס אויף דעם קינד'ס געשלעכט.

אָראַנאָווסקאַיאַ האָט אין אַ שריפט אויך געזאָגט אַז דער גראַד פון סעקסואַלער אויפרעגונג אָדער פון פערגעניגען וואָס מען פיהלט וועהרענד דעם פערקעהר, ענטשיידעט דאָס גע־שלעכט. דאָס איז שוין אַן אַלטע טעאָריע, וואָס מען געפינט אויך אין תלמוד. — טהורי האָט געהאַלטען מיט די וואָס דענקען אַז אַ מעהר אויסגעברויכטע ספּערמאַ האָט אַלס רעזולטאַט אַ מענ־ליך קינד.

היפּאָקראַט, גאַלען, אַריסטאָט, דער תלמוד האָבען אויסגעשפּראָכען מיינונגען אין דער פראַגע. פון די מאָדערנע פאָרשער איז אָבער דער וויכטיגסטער: דער פער־שטאָרבענער פּראָפעסאָר לעאָפּאָלד שענק, געוועזען

דירעקטאָר פון דעם עמבריאָלאָגישען אינסטיטוט אין וויען. (אין 1898). זיין ערנסטע ארבייט און זיין אויסזיכט אויף ערפאָלג האָט איהם צוגעצויגען די פערפאָלגונג פון זיינע קאָלעגען, די וויענער פראָפעסאָרען, וועלכע האָבען איהם פערטריבען פון דער פאַקול־טעט. — צוערשט האָט שענק עקספערימענטירט מיט זיין אייגענער פרוי און ס'איז איהם געלונגען צו האָבען, נאָך זיין וואונש, 6 זיהן.

נאָך שענק'ס מיינונג האָט דאָס אייכען, נאָך זייענדיג אין אייערשטאָק, די פעהיגקייט זיך אויסצובילדען אויף א מענליך אָדער וויבליך אייכען. נאָר דאָס ענטשידענע מאָמענט ליגט אין די ערנעהרונגס־פערהעלטניסען פון דעם עמבריאָן. א שלעכטערע ער־נעהרונג פון'ם עמבריאָן, דאָס הייסט אַלזאָ פון דער מוטער, מאַכט עס לייכטער אז עס זאָלען ענטשטעהן די מענליכע פאָרמען און כאַראַקטערען. ס'איז אויך בעקאַנט אז אין אַלגעמיין ווערען א סך מעהר אינגלעך ווי מיידלעך געבוירען, ווען די פרייזען פון נאַהרונגס־מיטלען זענען הויך. און נאָך מלחמות ווערען אויך מעהר מענליכע קינדער געבוירען ווי אין אַנדערע צייטען. — די אייכען אין דעם אייערשטאָק ענטוויקלען זיך, אונטער דעם איינפלוס פון דעם צערפאַל פון אייווייסשטאָפען, צו מענליכע אייכען, און אזאַ צערפאַל געשעהט אין דעם קערפער פון דער פרוי דענסטמאָל מעהר, ווען זי ווערט ניט ערנעהרט מיט צו רייכע שפייזען, ווען זי עסט ניט פיעל פון די עסענס וואָס ענטהאַלטען א סך אייוויים, ווייל דאַן מוז זי אויסגעברויכען א גרויסע קוואַנטיטעט פון איהר אייגע־נעם אייוויים. נו, און ווען די מעהרסטע אייכען זענען בעשטימט צו ווערען מענליכע און ווען זיי, אַרויסקומענדיג פון דעם אייער־שטאָק, ווערען בעפרוכטעט, מוזען די מעהרסטע קינדער זיין מענלי־כע. (אייוויים איז פאַראַן אין פלייש, אייער און אין געוויסע פלאַנ צען שפייזען.)

דעריבער איז שענק'ס אידעע געווען צו ערנעהרען די פרויען א געוויסע צייט פאַר און וועהרענד דער שוואַנגערשאַפט אויף אזאַ'ן אופן אַז דאָס געשלעכט פון דעם קינד זאָל דורך דער ערנעהרונג בעאיינפלוסט ווערען. די פרויען וואָס האָבען געוואָלט האָבען אינג־לעך האָבען געקראָגען א דיעטע אָרים אין אייוויים־שטאָפען און אומגעקעהרט פאַר די וואָס האָבען געוואָלט מיידלעך. שענק האָט

אויסגעאַרבייט אַ סעריע רעגלען ווי אַזוי צו ערנעהרען די פרויען און אפשר וואָלט ער געווען געהאַט ערפאָלג ווען זיין ארבייט וואָלט ניט אונטערבראָכען געוואָרען פון זיין טויט.

אַ חוץ די טעאָריען זענען נאָך פאַראַן אַנדערע, אָבער קיינע איז ניט זיכער און עס זעהט אויס אַז ווענינסטענס דערווייל איז די געשלעכטס בעשטימונג אַן אונמעגליכקייט.

## דאָס לעבען פון׳ם פעטוס.

**ווי אַזוי לעבט דאָס קינד אין דער געבערמוטער?** דאָס קינד איז פונקט אַזוי ווי אַן אָרגאַן אָדער ווי אַ טייל פון אַן אָרגאַן פון דער פרוי׳ס קערפּער. עס לעבט אַלזאָ אין גאַנצען אויף דעם חשבון פון דער מאַמען. עס קריגט ערנייערט בלוט מיט פרישען זויערשטאָף־גאַז פון דער מוטער׳ס לונג, דען דאָס קינד אָטעמט נישט; עס קריגט פערדויעטע און אין בלוט פערשפּרייטע נאַהרונג וואָס איז איבערגעאַרבייט און אָב־סאָרבירט אָדער איינגעזאַפּט געוואָרען אין דער פרוי׳ס פערדויאונגס־אָרגאַנען. און אַלע די שטאָפען און גאַזען וואָס דאַרפען פון דעם פעטוס ארויסגעוואָרפען ווערען, געהן אריין אין דער מאַמע׳ס בלוט און ווערען פון איהרע אָרגאַנען ארויסגעוואָרפען, גראַד אַזוי ווי איהר קערפּער פערזאָרגט איהרע אייגענע אויסוואָרוף־שטאָפען. אין דעם פעטוס ענטוויקעלט זיך אַ לונג, אַ מאָגען, געדערים, עטצ. אָבער זיי זענען דערווייל אוננוציג. זיי ווערען פאָרבערייטעט פאַר דער צייט ווען דאָס קינד וועט געבוירען ווערען. מיט דעם קינד׳ס האַרץ איז עס אָבער נישט אַזוי. אַקעגען מיטע שוואַנגערשאַפט־צייט הויבט דאָס **פעטאַלע האַרץ** אָן צו פונקציאָנירען פאַר זיך אַליין; עס פּאָמפּט דאָס בלוט, עס קלאַפּט; עס שיקט דאָס בלוט צון אַלע טיילען פון דעם קינד׳ס קערפּער. אָבער דאָס בלוט ווערט ערנעהרט און ערנייערט פון דער מאַמען, דורך דער פּלאַצענטאַ און דורך די אָדערען פון׳ם נאָפּעלשנור. ביי אַ געוויסער איבונג קאָן מען הערען דאָס **האַרץ־קלאַפּען** פון דעם קינד ביי אונגעפעהר 4½ חדשים שוואַנגערשאַפט. דאָס האַרץ־קלאַ־פּען איז פיעל שנעלער ווי דער מאַמע׳ס האַרץ־קלאַפּען און ווי איהר פּולס. **דאָס איז אויך די צייט** ווען די פרוי דערפיהלט די ערשטע

**בעוועגונגען** פון דעם קינד. פון דאַן אָן און ווייטער הערען דעם קינד'ס הארץ און דעם קינד'ס בעוועגונגען ניט מעהר אויף, — סיידען עס שטאַרבט אָב. — די ערשטע **אָטמונג** געשעהט אָבער ערשט אין דעם אויגענבליק פון דער געבורט.

## פערענדערונגען אין דער מאַמען.

**די נאָרמאַלע פערענדערונגען אין דער פרוי'ס קערפער וועהרענד דער שוואַנגערשאַפט** זענען: די געבערמוטער ווערט אונגעהייער פערגרעסערט. פון אַ לענג פון 7 צענטימעטער, שטייגט זי לאַנגזאם אַרויף ביז צון אַ לענג פון 36 צענטימעטער, ביים סוף פון דער שוואַנגערשאַפט. איהר מוסקולעזע וואַנד ווערט פערדיקט און פערשטאַרקט. די בלוט־געפעסען אין דער וואַנד ווערען קאָלאָסאַל פערמעהרט און פערגרעסערט.—די מענסטרואַציע הערט אויף און קומט ווידער צוריק נאָך דער קינפּעט אָדער נאָך דעם אַנטוועהנען פון דעם קינד פון דער ברוסט. זעלטען טרעפט זיך עס, אָבער עס טרעפט זיך, אַז אַ פרוי זאָל פּאָרטזעצען איהרע מאָנאַטליכע בלוטונגען אין דער שוואַנגערשאַפט.—די פערגרעסערונג פון דער געבערמוטער קאָן האָבען אַלס פאָלגע אַן אָפטען דראַנג צו אורינירען, ווי אויך אַ נייגונג צו פערשטאָפּונג,—דורך דעם דרוק פון דער געבערמוטער אויף דער בלאָז און אויף דעם מאַסטדאַרם. אויף דעמזעלבען אופן קאָן מען ערקלערען די שוועלונגען פון דער וואולוואַ, פון די פיס, פון די אָדערען פון די פיס: דורך דעם דרוק פון דער געבערמוטער אויף די אָדערען און דורך דער שטערונג פון דער בלוט־צירקולאַציע. — דאָס וואַקסען פון דער געבערמוטער און פאָלגליך פון דער בויך־וואַנד איז פערהעלטניסמעסיג אַזוי שנעל, אַז די טיעפערע לאַגערען פון דער הויט קאָנען זיך ניט אַזוי גיך אויסדעהנען און ווערען איינגעריסען; דעריבער זעהט מען אַ סך רויטליכע סמנים פון דיזע קליינע **איינדרייסונגען** דורך דער בויך־הויט. נאָך דער ענטבינדונג בלייבען זיי שטעהן פאַר אימער, אָבער זיי ווערען דאַן ווייס; ביי אַ צווייטער ענטבינדונג זעהט מען ביידע סאָרטען סמנים, די אַלטע און די נייע. — די פרוי, טראָגענדיג דעם שווערען בויך פאַר זיך, מוז ענדערען איהר קערפּער־האַלטונג; דעריבער קריגט זי אַ מין

„שטאָלצען גאַנג“. — די בריסט ווערען גרעסער און ענטהאַלטען אַ פליסיגקייט וואָס דאַרף זיך אומוואַנדלען אין מילך, דאָס ק אָ ל אָ ס ט ר ו ם. — מעהרערע טיילען פון׳ם קערפּער ווערען טונקעל געפאַרבט אָדער קריגען פלעקען: אַרום די ברוסט־וואַרצען, די מיטעל־ליניע פון בויך, דער שטערען, עטצ. דאָס איז שטאַרקער צו זעהן ביי ברונעטע פרויען ווי ביי בלאָנדע. — דער גאַנצער קערפּער, אָבער בעזונדערס דאָס פּנים, די ליפּען, זעהן אויס ווי געשוואָלען. — די פרויען האָבען מעהר אַפּעטיט ווי געוועהנליך. — זיי לײדען אָפט פון איבעלקייט אָדער זיי ב ר ע כ ע ן אויס די שפּייזען; דאָס קאָן דויערען אַ טייל פון דער שוואַנגערשאַפט אָדער די גאַנצע צייט; עס קאָן זיך צייגען נאָר אין דער פריה אָדער אַ גאַנצען טאָג. — דאָס גלוסטען זיך פון געוויסע אונגעוועהנליכע שפּייזען און די אָנפאַלען פון טרויריגקייט אָדער די שנעלע ענדערונגען פון׳ם געמיט, קומען אָפט פאָר און זענען ערנסטע אונאַנגענעהמליכקייטען; אָבער ביי מאַנכע פרויען איז דאָס בלויז אַ קינדעריש זיך נאַריש־מאַכען, אַן איבערטרייבונג, אַן איבערנעהמעניש.

## צ ו ו י ל י נ ג ע ן.

עס טרעפט זיך פון צייט צו צייט אַז אַ פרוי זאָל טראָגען צ ו ו י י קינדער אויף אַמאָל, דאָס הייסט צ ו ו י ל י נ ג ע ן, אָבער זעהר זעלטען זענען ד ר י י ל י נ ג ע ן און נאָך זעלטענער פ י ע ר ל י נ ג ע ן. אַ צווילינג ענטשטעהט מעהרסטענס דורך דעם וואָס דער זאַמען בעפרוכטעט צוויי אייער (אָוואולאַ) מיט אַמאָל, אַנשטאַט איינס, דורך צוויי ספּערמאַטאָזאָען. עס טרעפט זיך אויך, אָבער נישט אָפט, אַז אין איין איי (אָוואולום) זאָלען זיך ענטוויקלען צוויי פרוכטען, דורך צוויי ספּערמאַטאָזאָען. ווען דאָס לעצטע פּאַסירט, זענען די קינדער תמיד פון דעם זעלבען געשלעכט. אין דעם ערשטען פאַל קאָנען זיי זיין פון דעמזעלבען געשלעכט אָדער נישט, אָבער אויך דאָ זענען זיי עפטער פון דעמזעלבען געשלעכט, אזוי אַז די מעהרצאָהל צווילינגען זענען פון דעמזעלבען געשלעכט. ביי דער געבורט קאָן מען אונטערשיידען אויב דער צווילינג שטאַמט פון איין איי אָדער פון צוויי אייער; מען געפינט אַן אונטערשיד אין די הייטלעך וואָס וויקלען איין דאָס קינד און

אין דער פלאַצענטאַ; ביי קינדער פון פערשידענע אייער זענען פאַראַן צוויי פרייע אָדער צונויפגעוואַקסענע פלאַצענטען. איינצעלהייטען זענען דאָ ניט נויטיג. ווי בעקאַנט זענען זיך אַלע צווילינגען זעהר עהנליך פיזיש און גייסטיג, אָבער נאָך מעהר די וואָס שטאַמען פון דעמזעלבען איי. — גענוי איז די צווילינג־שוואַנגערשאַפט ניט ערקלערט; טעאָריען זענען דאָ, אָבער אונזיכערע; דאָס פערשטעהט זיך ווען מען בעדענקט אַז מען קאָן ניט אַלע מאָל ווינסען צו די קאָנצעפּציע האָט שטאַטגעפונען נאָך איין פערקעהר אָדער נאָך מעהרערע. ס'איז אָבער זיכער אַז צווילינגען קומען אָפט פון איין איינציגען פערקעהר.

צווילינגען מאַכען נאַטירליך די שוואַנגערשאַפט שווערער; די פרוי איז צום ביישפּיעל אָפט מעהר געשוואָלען ווי ביי אַן איינפאַכער שוואַנגערשאַפט.

די קינדער, יעדעס פאַר זיך, זענען געוועהנליך קלענער ווי ווען זיי ווערען געטראָגען איינצעלווייז. איינס פון ביידע קאָן זיך אַמאָל מעהר ענטוויקלען אויף דעם חשבון פון'ם אַנדערען; דאָס צווייטע קאָן זאָגאַר אָבשטאַרבען און זיך אויף פערשידענע אופנים פערענדערען פאַר דער ענטבינדונג.

פאַר דאָקטוירים און העבאַמען זענען פאַראַן סמנים דורך וועלכע זיי זענען אימשטאַנד, אין די שפּעטערע מאָנאַטען פון דער שוואַנגערשאַפט, צו דערקענען אַ צווילינג, כאָטש ס'איז ניט תמיד לייכט.

## היגיענע פון דער שוואַנגערשאַפט.

די שוואַנגערשאַפט איז ניט קיין קראַנקהייט, דעריבער דאַרף נישט דאָס לעבען אין דער צייט זיך זעהר פיעל אונטערשיידען פון דעם פריהעריגען לעבען פון דער פרוי, נאַטירליך אָננעהמענדיג אַז זי איז אַנדערש געזונד און אַז די שוואַנגערשאַפט איז אַ נאָרמאַלע. אָבער אויב אין דעם געוועהנליכען לעבען ערלויבט מען זיך אַמאָל אַריבער צו שרייטען די רעגלען פון דער היגיענע, דאַרף מען דאָס קיין מאָל ניט טון אין דער שוואַנגערשאַפטס־צייט.

טראָצדעם זענען דאָ געוויסע עצות וואָס אפילו אַ נאָרמאַלע טראָגענדיגע פרוי דאַרף אָבהיטען. ערשטענס דאַרף זי ווינסען אַז דאָס איז ניט די צייט פון עקסטרעמע קערפּערליכע און גייס־

מיגע אָנשטרענגונגען. הייסט עס, אז מען דאַרף פערמיידען צו רייטען, שפּרינגען, טאַנצען, אויף דעם בייסיקעל (צווייראַד) פאָה־רען, שטייגען אויף בערג, צו פיעל רייזען, צו שווער אַרבייטען. מען דאַרף שלאָפען גענוג, פערמיידען אַלץ וואָס רעגט שטאַרק אויף. — איך ווייס אז אַן אַרבייטער־פרוי מיט אַ סך קינדער קאָן ניט תמיד דאָס אַלעס אָבהיטען. וויפיעל ס'איז מעגליך, זאָל זי עס טון.

יעדען טאָג אַ שפּאַציער איז נויטיג. צ ו פ י ע ל רוהען איז שלעכט. פרישע לופט דרויסען און אין הויז איז נויטיג.

מען מוז זיך האַלטען ריין; יעדען טאָג אַ לעבליכע, — ניט צו ווארעמע, ניט צו קאַלטע — וואַנע, איז נויטיג. ים־בעדער אין זומער זענען ערלויבט פאַר אַזעלכע פרויען וואָס זענען פאָלשטענדיג געזונד און קרעפטיג. אויב ס'איז דאָ דער קלענסטער צווייפעל אין דער בעציהונג, זאָל מען בעסער דאָס ים־באָד אויפגעבען. — איינשפּריצונגען אין דער שיידע זענען ניט גוט צו מאַכען, סיידען אַ דאָקטאָר ראָט דאָס וועגען אַ צו שטאַרקען אויספלוס. זיץ־בעדער, פוס־בעדער זענען ניט ערלויבט.

די ק ל י י ד ע ר דאַרפען זיין אַזוי אז די פרוי זאָל זיך ניט פיהלען קאַלט אין ווינטער און ניט צו הייס אין זומער. קאָר־סעטען, זאָקען בענדלעך און אַלץ וואָס פערענגערט און פרעסט די הויט, דעם קערפּער, די גלידער, אַלץ וואָס שטערט די בלוט־צירקו־לאַציע, זענען ניט ערלויבט, ניט אפילו אין די ערשטע מאָנאַטען. אַלע קליידער און אויך די זאָקען זאָלען זיין אויפגעהאַנגען, די־רעקט אָדער אינדירעקט, אויף די שולטערען, אויף די אַקסלען. אַ באַנדאַזש פאַר דעם אונטערשטען בויך־טייל איז נאָר ביי אוננאָר־מאַלע פרויען, ביי פאַלען פון אַראָבהענגענדיגען בויך, צו רעקאָמאַנ־דירען. די בריסט זאָלען ניט געדריקט ווערען פון קיין שום מלבוש.

די ב ר ו ס ט ־ ו ו א ר צ ע ן זאָלען געריייניגט און אָב־געטריקענט ווערען ווען עס בעוויייזט זיך אויף זיי די פּליסיגקייט פון דער ברוסט, וועלכע קלעבט זיך אָפּט צו צו דער הויט פון דער ווארצע. אויב די ווארצע איז נישט גענוג ענטוויקעלט, קאָן אַ לייכ־טער מאַסאַזש אמאָל העלפען.

אויב אַ פרוי וואָס זויגט אַ קינד ווערט שוואַנגער, מעג זי דאָס

קינד זויגען אזוי לאנג ווי זי און דאָס קינד פיהלען זיך גוט. אָבער בעסער איז, זי זאָל דאָס קינד אַנטוועהנען.

די שוואַנגערע פרוי מעג און זאָל עסען וואָס זי איז געוואָיהנט צו עסען. די לייכטע פאָרמען פון *ברעכען* דאַרפען זי גאָר ניט דערשרעקען און זי דאַרף דערצו גאָר ניט טון.

די שוואַנגערע פרוי מוז האָבען *שטולגאַנג* יעדען טאָג; ווען דאָס איז ניט מעגליך אויף אַ נאַטירליכען אופן, זאָלען קליסטירען אָנגעווענדעט ווערען.

דער *סעקסואַלער פערקעהר* זאָל אין דער צייט פון דער שוואַנגערשאַפט זיין זעלטענער און ניט אזוי שטאַרק ווי געוועהנליך. אין די לעצטע עטליכע וואָכען, פאַר דער ענטבינ־דונג, איז ראַטזאַם מען זאָל גאָר קיין פערקעהר ניט האָבען. אָבער אפילו אין דער ערשטער צייט זאָל מען זיך דערפון אָבהיטען, אויב עס פערורזאַכט דער פרוי ליידען.

זעהר אָפט זענען פערשידענע טיילען פון'ם קערפער אין דער צייט פון דער שוואַנגערשאַפט געשוואָלען; מעהרסטענס די דרוי־סענדיגע סעקסואַלע טיילען און די פיס. ווען די *שוועלונ־גען* שטייגען אַרויף אויף די הענד און אויף דעם פנים, זאָל מען געהן זיך לאָזען אונטערזוכען; דער אורין וועט אפשר דאַן צייגען אַ שטערונג אין די *ניערען*, וועלכע קאָן געפעהרליך ווערען. די ערשטע זאַך וואָס מען דאַרף אין אַזאַ פאַל טון, איז אויפהערען צו עסען און צו טרינקען אַלע רייצענדיגע און שאַרפע שפייזען און אַלקאָהאָלישע געטראַנקען, ווי אויך פערמיידען פלייש און פיש אין סיי וועלכער פאָרם.

די געוועהנליכע שוועלונגען פאָדערען נאָר רוה און לעבליכע בעדער; דאָסזעלבע איז צו זאָגען וועגען די *געשוואָלענע אָדערען* פון די פיס און פון די געשלעכטס־אָרגאַנען. זעלטען דאַרף מען באַנדאַזשירען די פיס. ווען אַ געשוואָלענע אָדער פּלאַצט און בלוטיגט, זאָל מען זאָפאָרט מאַכען אַ פעסטען באַנדאַזש און זיך אַנידערלעגען. *העמאָראָאידען* אין דער שוואַנגער־שאַפט דאַרפען פערהיט ווערען, דורך אַכטונג געבען מען זאָל האָ־בען נאָרמאַלען שטולגאַנג; די בעהאַנדלונג איז רוה, קאַלטע קאָמ־פּרעסען.

דאָס ב ר ע כ ע ן איז מעהרסטענס גאָר ניט שעדליך; עס פאָדערט קיין בעהאַנדלונג. נאָר ווען עס ווערט געפעהרליך, דאַרף מען זיך ווענדען צון אַ דאָקטאָר. נאָך דעם עסען זאָל די פרוי וואָס ברעכט ליגען פאָלשטענדיג רוהיג.

אין דער שוואַנגערשאַפט־צייט זענען אַ סך פרויען מעהר אָדער ווייניגער נערוועז, אויפגערעגט, געררייצט אָדער לייכט רייצבאַר, אָבער אַ קלוגע, ראַציאָנאַלע פרוי קאָן אָפט אויף זיך ווירקען זיך צו האַלטען רוהיג. יעדענפאַלס דאַרף מען פערמיידען צו געהן אויף פלעצער וואָס רעגען אויף און די פאַמיליע דאַרף אַלץ טון כדי צו שאַפען דער פרוי אַ רוהיגע אומגעבונג. ווען די נערוואָזיטעט פון דער פרוי שטייגערט זיך ביז צו דעם פונקט אז עס זענען דאָ סמנים פון אַן אַבנאָרמען גייסט, זאָל מען זיך ווענדען צון אַ דאָקטאָר.

## געבורטס מאָלען און „זיך פערקוקען“.

עס הערשט אַ גלויבען אז דאָס וואָס די פרוי זעהט, הערט אָדער לעבט איבער אין דער שוואַנגערשאַפט צייט, האָט אַ גרויסען פיזישען און גייסטיגען איינפלוס אויף דעם קינד און אז געוויסע סמנים, פלעקען, געבורטס מאָלען זענען צו פערדאַנקען דעם פאַקט אז די פרוי האָט „זיך פערקוקט“.

קיין שום וויסענשאַפטליכע פראָבע איז ניט פאַראַן די בע־הויפטונג אויפצוהאַלטען. נאָך די מאָדערנע לעהרען איבער ה ע־ר ע ד י ט ע ט (ירש׳ענען אייגענשאַפטען) זענען די דאָזיגע מערקמאָלען אַבסאָלוט ניט צו פערדאַנקען דעם צופאַל פון „זיך איבערשרעקען“. אַזוי, צום ביישפיעל, איז ניט אמת אז אַ קינד ווערט געבוירען מיט אַ רויטען צייכען אויף דעם אָרעם איבער דעם פייער וואָס די מאַמע האָט געזעהן אָדער צוליעב דער מאַמע׳ס ליעבשאַפט פון רויטע קאַרשען. ווי פיעל מאָל טראָגענדיגע מאַמעס האָבען זיך דערשראָקען דורך אַ פייער און זייערע קינדער האָבען קיין שום צייכען ניט, דערמאָנען ניט די וואָס גלויבען אין דעם „פערקוקען זיך“.

אַלע סמנים, ווי אויך די נייגונגען און טאַלענטען פון די קינ־דער, קומען בירושה פון פריהעריגע דורות, נאָך געוויסע נאַטירליכע געזעצען וואָס מען האַלט איצט אין אויסגעפינען.

# ענטבינדונג.

(זעה די בילדער סוף פון בוך)

## געבורטס כחות און ווידערשטאַנד.

**ווען דאָס קינד איז רייף ווערט עס געבוירען.**

די געבורט איז די נאַטירליכע ארבייט פון דעם מוטערליכען קערפּער וואָס האָט דעם צוועק, די פרוכט, דאָס קינד, מיט אַלע אין דער שוואַנגערשאַפט געבילדעטע טיילען וואָס פערבינדען די פרוכט מיט דער מוטער, ארויסצוטרייבען; ביי דער געבורט הויבט דאָס קינד אָן זיין זעלבסט־שטענדיג לעבען.

די כחות וואָס העלפען ביי דער געבורט זענען די צוזאַמענציהונגען פון דער געבערמוטער אָדער די וועהען, און די צוזאַמענציהונגען פון די בויך־מוסקלען.

די שוויריגקייטען, דער ווידערשטאַנד, וואָס די געבורטס־כחות מוזען איבערקומען זענען פערורזאַכט פון דעם וועג וועלכען די פרוכט מוז דורכגעהן. דיזער וועג ווערט געבילדעט פון די געשלעכטס־אָרגאַנען, אָדער בעסער געזאָגט, פון דעם געשלעכטס־קאַנאַל און פון די ביינערנע (קנאָכערנע) אונטערלאַגע, וואָס מען רופט דאָס בעקען.

די שוויריגקייט פון דער ענטבינדונג הענגט מעהרסטענס אָב פון דעם פערהעלטניס צווישען דער גרויסקייט, די פאָרם, די לאַגע פון דער פרוכט, און די גרויסקייט פון דעם בעקען און די מעגליכקייט פון די ווייכע טיילען זיך אויסצוציהען, אויסצודעהנען.

ביי די מעהרסטע פרויען זענען די נאַטירליכע קרעפטען גענוג, כדי דעם ווידערשטאַנד בייצוקומען. דעריבער איז אַן ענטבינדונג קיין קראַנקהייט. די מעהרסטע פאַלען פון קראַנקהייטען ביי דער ענטבינדונג ווערען פערורזאַכט דורך די אונריינע אונטערזוכונגען און אונריינער בעהאַנדלונג.

דער ביינערנער טייל פון דעם געבורטס־קאַנאַל הייסט דאָס בעקען. עס בעשטעהט פון דריי הויפּט קנאָכען און פון אַ פּאָר

קלענערע קנאָכען, וואָס זענען אַלע פעסט צונויפגעבונדען, אַזוי אַז זיי בילדען איין שטיק. דער וויכטיגסטער חלק פון דעם בעקען איז דער שמאָלערער, וועלכען מען רופט דאָס **קליינע בעקען**. די אויבערשטע עפענונג פון דעם קליינעם בעקען האָט אונגעפעהר די גרויס פון דעם קינד'ס שארבען; ווען זי איז אָבער צו קליין, ווי עס געשעהט ביי פרויען, וועמעס ביינער האָבען זיך דורך קראַנק־הייטען (מעהרסטענס נאָך פון דער קינדהייט) ניט נאָרמאַל ענט־וויקעלט, איז די ענטבינדונג זעהר שווער אָדער אונמעגליך, ווייל דעם קינד'ס קאָפּ קאָן בשום אופן אָדער נאָר מיט גרויסע שוויריג־קייטען אָדער מיט קינסטליכע מיטלען דורכגעהן. (פיגור 27.)

**די ווייכע געבורטס־וועגען** זענען ניט אַזאַ גרויס הינדערניש ביי דער ענטבינדונג, ווי די קנעכערנע, ווייל ז ייקאָנען זיך אויסדרעהנען, אויסציהען און איינרייסען. דעריבען ווע־רען די ווייכע טיילען ביי יעדער ענטבינדונג מעהר אָדער ווענינער צו ריסען אָדער פערוואונדעט. אַם מעהרסטען ווערען אויסגעצויגען דער קאַנאַל פון דעם האַלז פון דער געבערמוטער, די עפענונג פון דער געבערמוטער, די שיידע און די דרויסענדיגע געשלעכטס־טיילען.

**די וועהען** זענען צונויפציהונגען פון דער געבער־מוטער; די פרוי פיהלט זיי אַלס שמערצען. אַם אַנפאַנג פון דער ענטבינדונגס־צייט קומען די וועהען זעלטען און זענען שוואַך; שפּעטער ווערען זיי שטאַרקער און קומען עפטער. דער צוועק פון די וועהען איז בייצוקומען די ווידערשטאַנדען.

## די געבורט.

עטליכע וואָכען פאַר דער ענטבינדונג הויבט זיך אָן די פּאָר־בערייטונג פאַר דעם גרויסען געשעהעניש. די פרוי האָט אונרע־געלמעסיגע, לייכטע וועהען, **פּאָרוועהען**, אָדער צונויפ־ציהונגען פון דער געבערמוטער, וועלכע בעפעסטיגען דעם קינד'ס קאָפּ אויף דעם אויבערשטען ראַנד פון'ם בעקען. די עפענונג פון דער געבערמוטער איז שוין אַביסעל אָפען אין די לעצטע פּאָר וואָכען.

די געבורט ווערט איינגעטיילט אין דריי פעריאָדען:

1) **די עפענונגס־פּעריאָדע**, פון'ם אייגענט־

ליכען אָנפאַנג פון דער געבורט ביז די געבערמוטער־עפענונג איז גענוג ברייט געוואָרען דעם קאָפּ דורכצולאָזען. מען קאָן די בלאָז, אין וועלכער דאָס קינד ליגט, פיהלען אין דער דאָזיגער עפענונג. די בלאָז מאַכט פּלאַץ פאַר דעם אָנקומענדיגען קאָפּ, וועהרענד דער האַלז פון דער געבערמוטער דערווייטערט זיך און ווערט דינער. די וועהען ווערען שטאַרקער און שטאַרקער, עפטער און עפטער; באַלד לאָזען זיי דער פרוי ניט מעהר ווי 5 מינוט פּויזע צווישען איין וועהע און דער אַנדערער; אויך קורצערע פּויזען זענען פאַראַן. מיט דער צייט צעררייסט זיך די בלאָז, און דאָס וואַסער וואָס געפינט זיך איבער דעם קינד'ס קאָפּ רינט אַרויס; דאָס איז אַזוי פיעל ווי אַ לעפעל וואַסער. דאָס איבריגע וואַסער קאָן נאָך איצט ניט אַרויס, ווייל דער קאָפּ, דריקענדיג אויף דעם בעקען, לאָזט עס ניט דורך. מען קאָן פון דעם פערשטעהן ווי וויכטיג ס'איז אַז די בלאָז זאָל בלייבען גאַנץ, אַזוי לאַנג ווי די געבערמוטער איז נאָך ניט גענוג געעפענט, ווייל די בלאָז העלפט דאָך אַזוי פיעל די געבערמוטער צו עפענען. ווי אָפט האָב איך זיך געמוזט בעזערען אויף אונגעדולדיגע און אונוויסענדע העבאַמען, וועלכע האָבען די בלאָז פאַר דער צייט צוריסען, אין דער האָפנונג די געבורט גיכער צו ענדיגען!

2) די אויסטרייבונגס־פּעריאָדע איז די אין וועלכער דער קאָפּ און דערנאָך דער קערפּער פון'ם קינד ווערען געבוירען. די וועהען, דאָס הייסט די געבערמוטער־קאָנטראַקציאָנען, און די צונויפציהונגען פון די בויך־מוסקלען, ווערען שטאַרקער און ווידערהאָלען זיך עפטער. דער קאָפּ קומט מעהר און מעהר אַראָב און זיין אונטערשטער טייל, דאָס הייסט דער אויבערשטער וואָס ליגט איצט גאַנץ אונטען, ווערט געשוואָלען (די געבורטס־געשוואולסט). ביי יעדער וועהע קומט אַ גרעסערער חלק פון'ם קאָפּ אין דער עפענונג פון דער שיידע און דיזע עפענונג ווערט גרעסער און גרעסער. דער קאָפּ געהט ניט נאָר אַראָב, ער דרעהט זיך אויך אַזוי אַז ער זאָל זיך שטעלען אין דער ריכטיגער לאַגע. (טעכנישע איינצעלהייטען זענען פאַר די לעזער ניט נויטיג). ענדליך, וועהרענד די פרוי צי טערט און שוויצט און ליידט, וועהרענד וועהען פאָלגען איינע נאָך

דער אנדערער, אָדער הערען גאָר ניט אויף, וועהרענד די הויט און דאָס פלייש צווישען שיידע און רעקטום ווערט שטארק אויס־געדעהנט, קומט דער קאָפּ ארויס, און דער קערפּער פאָלגט איהם נאָך, אליין, אָדער מיט אביסעל הילף פון דעם דאָקטאָר אָדער פון דער העבאם. מיט דעם קערפּער קומט אויך דאָס גאנצע פרוכט־וואסער ארויס.

דאָס קינד ליגט איצט צווישען דער פרוי'ס פיס; עס הויבט זאָפּאָרט אָן צו אָטעמען און צו שרייען. פון זיין נאָפּעל ציהט זיך דער נ אָ פּ ע ל ־ ש ט ר א נ ג אריין, דורך דער שיידע, אין דער געבערמוטער, צו דער פּ ל א צ ע נ ט א, מיט וועלכער ער איז פערבונדען. די פרוי ליגט איצט רוהיג, מיד, אָבגעמאטערט, אָבגעשוואכט. פון דער שיידע פליסט בלוט, וועלכעס שטאמט מעהרסטענס פון דער פלאצענטא.

3) דאן הויבט זיך אָן די נ אָ כ ג ע ב ו ר ט ס ־ פּ ע ־ ר י אָ ד ע. נאָך א קורצער רוה־צייט, דערפיהלט די פרוי ווידער וועהען, אָבער איצט ניט אזוי שטארקע ווי פריהער; דאָס זענען די נאָכגעבורטס־וועהען. דיזע פּעריאָדע דויערט א האלבע שעה ביז א שעה, מאנכעמאָל אויך צוויי, און ענדיגט זיך מיט דעם ארויספאלען פון דער פלאצענטא (דאָס „אָרט“). אויב נויטיג העלפט דער געבורטס־העלפער די נאָכגעבורט ארויסקומען.

די נאָרמאלע געבורט דויערט אין גאנצען ארום 20 שטונדען ביי ערשט־געבערענדיגע און ארום 12 שטונדען ביי פרויען וואָס האָבען שוין פריהער געבוירען. די אויסטרייבונגס־פּעריאָדע נעהמט פון 1 ביז 2 שטונדען; אויב דיזע דויערט צו לאנג, קאָן דאָס קינד שטארבען. די דויער פון דער געבורט הענגט אָב פון דעם כח פון דער פרוי און פון דער גרויס פון דעם קינד'ס קאָפּ.

## איז די ענטבינדונג א געפאהר?

די ענטבינדונג איז א נאטירליכער, נאָרמאלער פּראָצעס, דער סוף־אקט פון דער שוואנגערשאפט; פאָלגליך איז זי נישט קיין קראנקהייט און מען דארף זיך פאר איהר ניט שרעקען. מאנכע ווילדע פרויען און מאנכמאָל אויך פרויען פון ציוויליזירטע לענ־דער, ווי אויך אלע ווייבליכע ווילדע חיות ענטבינדען אליין, אָהן קיין

שום הילף און זעלטען געשעהט זיי עפּיס שלעכטס דורך דעם. איך וויל ניט זאָגען אז א הילף אין דער צייט פון אזוינע גרויסע וועהטאָגען, אין דער צייט פון דער ערוואַרטונג פון דעם אונבעקאַנטען, איז ניט ווינעשענסווערט, אָבער דער אויביגער פאַקט איז זיכער א סמן אז דאָס קינד־האָבען איז קיין קראַנקהייט און ער דאַרף האָבען די ווירקונג צו בערוהיגען די מעוברת'ע פרוי. עס זענען אויך פאַראַן פרויען וואָס מאַכען פון דער ענטבינדונג קיין גרויסען צימעס און געהן באַלד נאָכדעם טון זייער געוועהנליכע אַרבייט, אָהן קיין שום שאַדען פאַר זיי. דאָס אַלעס, א לייכטע ענטבינדונג אָהן הילף און כמעט קיין אונטערברעכונג פון דער אַרבייט, איז אפשר מעגליך ביי פרויען וואָס האָבען זייער גאַנץ לעבען געלעבט נאָך די געזעצען פון דער נאַטור, וואָס זענען פאָלשטענדיג געזונד אין יעדער בעציהונג. אָבער לײדער זענען אַזעלכע פרויען ביי די ציווילזירטע פעלקער נישט אָפט צו געפינען. נאָר טראָצדעם מוז מען זאָגען אז אפילו צווישען ציווילזירטע פרויען זענען אימער די געפאַהרען פון דער ענטבינדונג געקומען, אָדער זענען פערגרעסערט געוואָרען, מעהר דורך דער מענשליכער הילף, ווי דורך דער נאַטור. עס האָט גענומען טויזענדער יאָהרען ביז מיר האָבען זיך אויסגעלערנט ווי אזוי צו העלפען און ניט צו שאַדען; אָבער אויך איצט בעגעהן מיר פעהלערען און, מעהר ווי אַלעס, זענען אונזערע פעהלערען צו פערדאַנקען דער אונוויסענהייט אָדער דער נאַכלעסיגקייט פון מאַנכע פון די וואָס זוכען צו העלפען דער פרוי: די פאַמיליע, די פריינדינען, געוויסע העבאַמען, געוויסע דאָקטוירים. ס'איז קיין צווייפעל ניט, אז ווען אַלע העבאַמען און דאָקטוירים וואָלטען געווען עהרליך און גענוג געלערנט, וואָלטען מיר זעלטען געהאַט א קראַנקהייט אָדער א טויט־פאַל ביי א נאָרמאַלער, ניט קאָמפּליצירטער ענטבינדונג. מיט א סך יאָהרען צוריק האָט די מעדיצינישע פּראָפעסיע גאָר ניט אָנגעהויבען צו פערשטעהן די אורזאַך פון די פיעלע שטערבעפאַלען וואָס זענען דענסטמאָל פאָרגעקומען דירעקט דורך איהר שולד און דורך שמוץ; יעדע ענטבינדונג אין וועלכער א דאָקטאָר האָט זיך אריינגעמישט איז דאַן ווירקליך געווען א סכנה און ס'איז בעסער געווען פאַר א פרוי צו זיין אָהן קיין מעדיצינישער הילף ביי דיזער וויכטיגער דראַמאַ

אין איהר לעבען. אָבער איצט אַז אַ דאָקטאָר אינפעקטירט און מאַכט קראַנק אַ פרוי דורך זיין אייגענע שולד, דורך זיין שמוציג־קייט און נאַכלעסיגקייט, איז די מעדיצינישע וויסענשאַפט דער־פאַר ניט פעראַנטוואָרטליך, ווייל דער דאָקטאָר האָט געלערנט ווי אַזוי אומצוגעהן מיט דער פרוי כדי אַלץ זאָל זיין אין אָרדנונג.

אַ סך מאָדערנע נאָבעלע דאָקטוירים אַרבייטען וואונדערבאַר, אָבער דאָך מוזען געוויסע דאָקטוירים פערזענליך אָנגעקלאָגט ווערען פאַר מאַנכע שלעכטע פאָלגען ביי ענטבינדונגען. דאָס איז גוט בעקאַנט אין אונזער פּראָפעסיע און וואָס מעהר דער עולם וועט וויסען וואָס פאַר אַ הילף ער האָט צו ערוואַרטען פון דאָקטאָר, דאָס מעהר וועט דיזער אַכטונג געבען און וועט מעהר געוויסענהאַפט אַרבייטען. אין אַן אַרטיקעל אין 9־טען יאַנואַר 1915 פון׳ם „דזשורנאַל אַמער. מעד. אסס׳ן" שרייבט דר. דזשאָהן פּ. מאָראַן אַז ווייניגסטענס 15,000 פרויען שטאַרבען יעהרליך ביי דער ענט־בינדונג אין די פעריינינגטע שטאַאַטען. און ווי פיעלע ווערען און בלייבען קראַנק פאַר פיעלע יאָהרען דורך פעהלערען וואָס זענען בעגאַנגען געוואָרען אין דער ענטבינדונגס־צייט? פון 9035 שטער־בעפאַלען ביי, נאָך, און דורך ענטבינדונגען אין געוויסע ערטער אין די פעריינינגטע שטאַאַטען, אין 1912, זענען 3905, דאָס הייסט 43 פּראָצענט, געווען פערורזאַכט דורך אינפעקציע, דורך שמוץ, דורך „בלוט־פערגיפטונג", דורך פוערפעראַלער סעפּ־טיצעמיע; און אין דעם זענען זיכער ניט שולדיג די ענט־בינדונגען אַלס אַזעלכע, נאָר די געבורטס־העלפער, וועלכע זענען אין אַמעריקאַ מעהרסטענס דאָקטוירים. פערשטעהט זיך, אַז אין פערגלייך מיט די מיליאָנען פרויען וואָס מאַכען דורך ענט־בינדונגען יעדעס יאָהר און בלייבען געזונד און בעזונדערס אין פערגלייך מיט די פיעל גרעסערע צאָהלען אינפעקציאָנס־שטערבע פאַלען פון פאַר פופציג יאָהרען, איז דאָס אַ קליינע צאָהל; אָבער דאָס וואָלט אויך ניט געדאַרפט געשעהן; דאָס קאָן אין אונזער צייט אויך ניט ענטשולדיגט ווערען.

## אַ דאָקטאָר אָדער אַ העבאַם?

די פראַגע וועמען מען זאָל פּאַרציהען ביי דער ענטבינדונג, אַ דאָקטאָר אָדער אַ העבאַם, איז אָפט זעהר וויכטיג צו ענטשיידען פאַר דער פרוי אין די לעצטע חדשים פאַר דער ענטבינדונג. עס פערשטעהט זיך אַז אַ דאָקטאָר איז, נאָך זיין ערציהונג און בילדונג, בעסער פּאָרבערייט צו דער אַרבייט, וועלכע פאָדערט וויסענשאַפט און גענויאיגקייט. אויך איז ער פּאַרצוציהען צוליעב דעם גרונד וויייל, אויב עס טרעפט זיך עפּיס ניט נאָרמאַלעס, איז ער דאָ ביי דער האַנד. פון דער אַנדערער זייט איז ניטאָ קיין גרונד פאַר וואָס אַ העבאַם, אויב זי האָט פלייסיג שטודירט איהר פאַך, אויב זי האָט ערפאַהרונג, אויב זי איז ריין, אויב זי איז עהרליך און געוויסענ־האַפט, זאָל ניט קאָנען מיט ערפאָלג דורכפיהרען סיי וועלכע נאָר־מאַלע ענטבינדונג. אמת, די מעהרסטע זענען שמוציג און אונ־געניגענד געבילדעט פאַר זייער פּראָפעסיע; אָבער דאָס קאָן גע־ענדערט ווערען, מען קאָן פאַר זיי מאַכען גוטע שולען און פון זיי פּאָדערען אַ שטרענגע לעהרע און אָבהיטונג פון די כירורגישע רעגלען, ווי ס'איז דער פאַל אין אייניגע לענדער. וואָס אַנבעלאַנגט די פעהלער פון די העבאַמען, מוז מען זאָגען אַז דאָקטוירים בעגעהן אויך פעהלער, און זאָגאַר זעהר פיעלע און אַ סך פון זיי טוען ניט אין דער פּראַקטיקע דאָס וואָס זיי לערנען אין דער שולע.

אויסערדעם פיהלען זיך די פרויען פרייער, ס'איז זיי אַנגע־נעהמער, ווען זיי ווערען בעהאַנדעלט פון מענשען פון זייער גע־שלעכט. און אין אָרימע פאַמיליען, וואו ס'איז שווער אָדער אונ־מעגליך צו האָבען אַ וואַרטאָרין, טוט אָפט די העבאַם אַזעלכע ניצ־ליכע, כאָטש אונאַנגענעהמע דיענסטען, וועלכע מען קאָן קיין מאָל נישט פערלאַנגען פון אַ דאָקטאָר. און דאַן זענען די הויכע פּרייזען פון די דאָקטוירים אין אַלגעמיין צו האַרט פאַר די מעהרסטע אַר־בייטער פרויען.

## אַ קאַמף פאַר ריינקייט.

ביז צו דער מיט פון דעם לעצטען יאָהרהונדערט איז די שטערבליכקייט ביי ענטבינדונגען, דורך אינפעקציע, געווען שרעק־ליך גרויס, און צוואַר איז זי געווען אַ סך גרעסער אין די שפּיטע־

לער ווי אין די היימען, גרעסער ביי די ענטבינדונגען אונטער דער אויפזיכט פון דאָקטוירים ווי אונטער דער פלעגע פון העבאַמען, אַ צושטאַנד וואָס די סטאַטיסטיקע פון ניו יאָרק ציינט אויך איצט, אָבער ס'איז גאָר ניט צו פערגלייכען מיט די רעזולטאַטען פון יענע יאָהרען. אַ פערשטויסענע פרוי וואָס האָט געהאַט „אונגעזעצליך" אַ קינד ערגיץ אויף דער גאַס, איינע אַליין, אָהן הילף, האָט געהאַט פיעל מעהר מעגליכקייט און האָפנונג צו בלייבען לעבען און צו זיין געזונד, ווי אַ פרוי וואָס האָט ענטבונדען אין אַ קליניק, ליגענדיג אין אַ ריין בעט און ווערענדיג וויסענשאַפטליך (נאָך יענע צייטען) בעהאַנדעלט, ארומגערינגעלט פון דאָקטוירים און קראַנקען-פלעגערינען. און אפילו אין די שפּיטעלער איז געוועזן די שטערבליכקייט דורך אינפעקציע דריי ביז פיער מאָל גרעסער צווישען די פרויען וואָס זענען געלעגען אין קינפּעט אין די דאָקטאָרישע קליניקען ווי אין די העבאַמען-קליניקען. אָפט זענען אין די ערשטע געשטאָרבען אריבער 30 פּראָצענט; דאָס הייסט אַז פון דריי פרויען איז איינע געשטאָרבען דורך שמוץ און אינפעקציע. פאַר וואָס דאָס איז געווען, האָט מען ניט געוואוסט, — ס'איז געווען אַ סוד. מען האָט דאָס שרעקליכע קינפּעט-פּיבער גערופען „מילך-פּיבער", אָדער מען האָט עס צוגעשריבען צו... „וועטער-ענדערונגען", אָדער מען האָט געדענקט, אַז עס מוז זיין.

דער אידישער דאָקטאָר איגנאַץ פיליפּ זעמעלווייס, געבוירען אין בודאַפּעסט אין 1818, געשטאָרבען אין 1865, און דער אַמעריקאַנער דאָקטאָר און גוניאַלער פּאָעט אָליווער ווענדעלל האָמס (האָלמס), 1809—1894, זענען געווען די ערשטע וואָס האָבען פערשטאַנען אַז די אָנשטעקונגען ווערען פערורזאַכט דורך אריינברענגען שמוץ אין די אָרגאַנען אין אַ צייט ווען זיי זענען פערוואונדעט, און אַז אויף אַזאַ אופן פערשפּרייט זיך דאָס קינפּעט-פּיבער פון איין פרוי צו דער אַנדערער. קיינער פו די ביידע דאָקטוירים האָט דענסטמאָל ניט געוואוסט פון דעם אַנדערען און די וועלט האָט ניט געוואוסט און אויך ניט געוואָלט וויסען פון זייערע ערקלערונגען.

איינער פון זיי, זעממעלווייס, האָט געליטען די ארגסטע קוואַלען דורך זיין פּיאָניר-קאַמף, זיינע קאָלעגען צו ער-

קלערען ווי אזוי זיי אליין זענען שולדיג אין דעם טויט פון טויזענדער פרויען. זיין לעבען איז אַן אמת'ע טראַגעדיע, אָבער ס'איז ניט מעהר ווי דאָס געוועהנליכע שיקזאַל פון אַלע די וואָס זענען די ערשטע צו פערשטעהן אַ זאַך און וואָס געבען זיך ניט אונטער און האָבען דעם מוט אַרויסצוזאָגען דעם אמת און פאַר איהם צו ליידען. **זעממעלוויים איז אַ מאַרטירער**, איינער פון די ריינסטע מאַרטירער. איצט שטעהט אין בודאַפּעסט אַ מאָנומענט צו זיין אנדענקען; אָבער אנערקענט זיינע אידעען האָט מען ערשט לאַנג נאָך זיין טויט, און וועהרענד זיין לעבען האָט איהם כמעט קיינער ניט געוואָלט אויסהערען.

זייענדיג אַן אַסיסטענט אין אַ וויענער קליניק, האָט ער בעמערקט אַז די דאָקטוירים און שטודענטען וואָס זענען געקומען אַהין אונטערזוכען די פרויען, פלעגען זיך ניט גרינדליך וואַשען די הענד און אַ סך מאָל זענען זיי געקומען אַהין פון דער בעהאַנדלונג פון אַנדערע קראַנקהייטען, פון דער כירורגישער בעהאַנדלונג פון וואונדען און מכות, פול מיט מאַטעריע און אויך פון דעם פאַלמעסען פון טויטע. אין בעסטען פאַל האָבען זיי זיך אָבגעוואַשען די הענד ווי צום עסען. זעממעלוויים האָט איינגעזעהן, אַז דאָס איז וויט פון זיין גענוג און האָט אַוועקגעשטעלט אין קליניק אַ שיסעל מיט אַ לעזונג פון אַ דעזינפעקטאַנט, פאָדערענדיג אַז יעדער זאָל זיך דערין וואַשען די הענד, איידער ער געהט צון אַ פרוי וואָס דאַרף ענטבינדען. ער האָט אויך געפאָדערט מען זאָל ניט קומען אין דער קליניק זאָפאָרט נאָך דעם בעזוך פון אַ טויטען־הויז. ס'איז גאַנץ איינפאַך, אַ יאָ? אָבער דאָס איינפאַכסטע פערשטעהט מען אַם שווערסטען.

יעדעם מאָל וואָס מען האָט איהם געפאָלגט, איז די ראַטע פון די שטערבעפאַלען אַרונטערגעשטיגען; ווען מען האָט איהם ניט געפאָלגט, איז זי אַרויפגעשטיגען.

מען האָט אָנגעהויבען פון זעממעלוויים זיך אויסצולאַכען און אַלע שטודענטען און דאָקטוירים האָבען אַבזיכטליך אַלעס געטון געגען זיין ווילען. דאַן איז ער געוואָרען ביטער און בייז און האָט געזוכט מיט געוואַלט זיינע מיטלען איינצופיהרען. זיין אייגענער שעף, דער פּראָפעסאָר און פיהרער פון דער קליניק, איז

איהם געווען א גענגער און נאך א צייט פון אומזיסטען קאמף איז זעממעלוויים פון דער קליניק ארויסגעווארפען געווארען. האפענדיג אז ער וועט געפינען סימפאטיע אין די פריינען פון מעדיצינישע געלעהרטע, איז ער אהין געגאנגען האלטען פארטראגען. נאר ווער האט איהם געוואלט הערען? א חוץ סקאדא און העברא, וואס זענען אליין געווען פיאנירען אויף זייערע אייגענע מעדיצינישע געביעטען, און אפשר נאך א פאר, וואס האבען איהם שוואך פערטיידיגט, האט זיך קיינער ניט געוואלט צון איהם צוהערען. ער האט געשריבען א בוך, האט מען עס ניט געלעזען. ער האט געשיקט פערזענליכע בריעף צו דאקטוירים, זיי בעליידיגענדיג און זיי אנרופענדיג „מערדער". אבער דער ענטפער איז געווען נאך מעהר אויסלאכען, נאך מעהר שפאטען, נאך מעהר פערפאלגונג.

צום סוף איז ער משוגע געווארען; די מענשליכע הארטנעקיגקייט געגען נייע אידעען, די מענשליכע שלעכטקייט, די איינגעשפארטקייט און אונוויסענהייט פון דער מעדיצינישער פראפעסיע, האבען איהם געטריבען צו פערצווייפלונג. פון אלע פערברעכען פון דאקטוירים, אין לויף פון טויזענדער יאהרען, איז דאס געווען איינער פון די ארגסטע,, פינסטערסטע און שרעקליכסטע.

## ריינקייט ביי דער ענטבינדונג.

איצט ווייסען מיר,א דאנק יענע פיאנירען, אז די ערשטע בעדינגונג איז ריינקייט, די גענויעסטע ריינקייט. דאס צימער אין וועלכען די ענטבינדונג דארף שטאטפינדען זאל זיין לופטיג, ליכטיג און וואס איינפאכער מעבלירט; עס זאל ענטהאלטען וואס וועניגער זאכען, און איבערהויפט וואס וועניגער זאכען וועלכע קאנען איינזאפען שטויב; עס זאל פון פריהער פארבערייט ווערען, אבער נישט אין לעצטען אויגענבליק פאר דער ענטבינדונג, ווייל דאמאלס איז ניט גוט אויפצוהויבען שטויב. פערשטעהט זיך אז טעפיכער (קארפעטס) זענען ניט אם פלאץ. דאס בעט דארף זיין איינפאך געמאכט, אהן קישען, בלויז מיט א קליין, נידריג קישען צוקאפענס און אלעס דערין זאל זיין פריש און ריין. א טישעל, אדער צוויי, בעדעקט מיט ריינע, ווייסע, טישטיכער,

זאָלען זיין אָנגעגרייט פאַר דעם דאָקטאָר און פאַר אַלץ וואָס מען דאַרף אַוועקלעגען, ווי אינסטרומענטען (ווען נויטיג), וואַטען, גאַזע, א פּאָר שיסעל. אונטער דעם בעט זאָל זיין אַ צובער. אַ פלאַכע בעט־שיסעל (בעד־פּען) זאָל זיין אָנגעגרייט, אָבער ניט אויף דער בלויזער פּאָדלאָגע, כדי מען זאָל ניט אין בעט אַריינטראָגען דעם שטויב פון דער פּאָדלאָגע. אַלץ מוז זיין ריין געוואַשען און די שיסלען אין וועלכע מען דאַרף וואַשען אַן אינסטרומענט, אָדער די הענד, אָדער אין וועלכע מען דאַרף האַלטען אַן אַנטיסעפּטישע לעזונג, זאָלען זיין אי גוט געוואַשען, אי מיט קאָכענדיג וואַסער אויסגעשווענקט; מען קאָן זיי אויך מיט אַלקאָהאָל אויסברענען: מען גיסט אַריין אַ קליין ביסעל אַלקאָהאָל אין דער שיסעל און מען צינדט עס אָן. אַם בעסטען איז זיך צו וואַשען די הענד מיט רינענדיג וואַסער. ווען מען נעהמט אָן אַ שיסעל כדי זי איבערצוטראָגען פון איין אָרט אויף אַן אַנדערען, זאָל מען די פינגער ניט אַריינלעגען אינעווייניג, נאָר אָננעהמען די שיסעל מיט ביידע הענד פון דרויסען. — דאָס בעט זאָל זיין אַזוי געשטעלט, אַז וואָס מעהר — נאַטירליך אָדער קינסטליך — ליכט זאָל פאַלען אויף דער פרוי׳ס געשלעכטס־אָרגאַנען. אויף דעם בעט, איבער דעם ליילעך, זאָל מען אַרויפלעגען אַ ריינע וואַקס־לייווענד אָדער „אויל־קלאָטה“ (אויב נייע אָדער אַלט זאָל זי געוואַשען ווערען, צוערשט מיט זייף און מיט וואַסער און דאַן אָבגעגאָסען ווערען מיט קאָכענדיג וואַסער) און די וואַקס־לייווענד בעדעקען מיט אַ שטיק איינפאַכער לייווענד. נאָך בעסער איז צו געברויכען דעם ווייכען „ראָבבער־שיט“ (קאַוטשוק־לייווענד), וועלכען מען קויפט אויף דעם מעטער אָדער יארד. דאָס ליילעך, דאָס גומי־ליילעך, די לייווענד, זאָלען אַלע ווערען גוט בעפעסטיגט צו דער מאַטראַץ, כדי אַלץ זאָל זיין גלאַט, אָהן פאַלטען. מען זאָל ניט געברויכען קיין אַנדערע ווי זיכערהייטס־שפּילקעס. קיין נ י י ע לייליכער, העמדער, האַנדטיכער, און אַזוי ווייטער, דירעקט פון געוועלב, זאָל מען ניט געברויכען; מען זאָל זיי האָבען אויסגעקאָכט, געזאָטען. מען זאָל אַכטונג געבען, אַז קיין שום זאַך וואָס קאָן קומען אין בעריהרונג, דירעקט אָדער אינדירעקט, מיט דעם בעט אָדער מיט

דער קינפּעטאָרין זאָל ניט בעריהרען די פּאָרלאָגע; אַ האַנדטוך, אַ ליילעך זאָל ניט געשלעפּט ווערען, נאָר אויפגעהויבען ווערען.

ווען די פרוי הויבט אָן צו פּיהלען די ערשטע וועהען זאָל דאָס צימער און דאָס בעט פּאָרבערייט ווערען (דאָס צימער קאָן שוין פון פריהער טיילוויז זיין פּאָרבערייט), אַלץ זאָל ווערען אָנגעגרייט, די פרוי זאָל קריגען אַ קליסטיר, דערנאָך אַ באָד מיט זייף און מיט לעבליך וואַסער, און אַ ריין העמד. וואָס וועניגער זי איז אָנגעטון, דאָס בעסער איז. די פרוי זאָל גאָר ניט אָדער וואָס וועניגער עסען. אין צימער זאָל ניט זיין קאַלט, אָבער פרישע לופט זאָל ניט פעהלען. אַן אָפּען פענסטער איז ניט שעדליך. די פרוי מעג אַרומגעהן אין צימער וויפיעל זי איז נאָך אימשטאַנד, אָבער ניט באָרוועס, כדי ניט אַריינצוטראָגען קיין שמוץ דורך די פיס אין בעט אַריין. לייכטע, ריינע שטעק־שיך און זאָקען זענען גוט, אַזוי אַז ווען זי קומט אין בעט אַריין קאָן זי זיי אויסטון. די פיס זאָלען זיין גאַנץ ריין און די נעגעל פון די פיס קורץ אָבגעשניטען און גערייניגט; דאָס זעלבע מיט די הענד: די פרוי קאָן זיך אָפּט ניט בעהערשען פון בעריהרען די געגענד פון די געשלעכטס־טיילען. בעזונדערס גענוי זאָלען די געשלעכטס־האָר און די דרויסענדיגע געשלעכטס־טיילען געוואַשען ווערען מיט זייף.

אַן איריגאַטאָר אָדער „סירינדזש־בעג" זאָל זיין אָנגעגרייט פאַר דעם פאַל, אַז מען וועט איהם דאַרפען פאַר אַן איינשפּריצונג. ער זאָל זיין גערייניגט און אויסגעקאָכט צוזאַמען מיט אַלעמען וואָס געהערט צון איהם. די רעהר און די קאַנילע (דאָס ענד־שטיק) זאָלען ניט אַריינגעלעגט ווערען אין דעם איריגאַטאָר, נאָר זיי זאָלען ערגעץ אַזוי הענגען אַז זיי זאָלען ניט בעריהרען קיין שום זאַך. מען זאָל דאָס וואַסער ניט פּרופען אַריינלעגענדיג די האַנד אין איריגאַטאָר אָדער אין שיסעל; נאָר מען זאָל אַרויפגיסען אַביסעל וואַסער אויף דער האַנד. ביי אַ נאָרמאַלען פאַל איז בעסער ניט צו מאַכען קיין איינשפּריצונג.

די זייף דאַרף זיין ריין; זי דאַרף ניט האָבען געדיענט צו

וואַשען עפּים שמוציגס, און אויב יאָ, זאָל מען זי גרינדליך אָבוואַשען, איידער מען בעדיענט זיך מיט איהר.

אַלע די וואָס קומען אין בעריהרונג מיט דער קינפּעטאָרין, דירעקט אָדער דורך געגענשטאַנדען וואָס זענען פאַר איהר, זאָלען זיין ריין, זאָלען האָבען ריינע אָפּט געוואַשענע הענד, קורצע, גערייניגטע נעגעל, און זאָלען זיין אָנגעטון אין ווייסען, מיט אַ געוואַשענעם פאַרטוך אָדער מיט אַ גרויסער, לאַנגער, ווייסער בלוזע וואָס זאָל בעדעקען אַלע קליידער. די אַרבעל זאָלען זיין גוט אַרויפגעקאַטשעט און די פאָרדער־אָרעמס זאָלען זיין געוואַשען. איבערהויפּט זאָל די העבאַם און דער דאָקטאָר דיזע פאָרשריפטען נאָכקומען. אויב דער דאָקטאָר איז געווען ביי אַן אָנשטעקענדיגען פאַל אָדער עד האָט בעריהרט וואונדען מיט אייטער, אָדער ער איז געווען אין טויטען־הויז פון אַ שפּיטאָל, דאַרף ער מעהרערע טעג זיך אָבזאָגען פון ענטבינדונגען. אויב ער מוז אַבסאָלוט די ענטבינדונג מאַכען, זאָל ער זיך מאַכען אַ באָד, איבערבייטען די קליידער און אַרבייטען מיט אויסגעקאָכטע קאַוטשוק הענדשעקעס. דעם דאָקטאָר׳ס הענד מוזען געוואַשען ווערען פון 10 ביז 15 מינוט, מיט אַ האַרט האַנד־בערשטעל, מיט זייף, וואַרים וואַסער, דאַן מיט אַלקאָהאָל און ווידער מיט וואַסער. אַ דעזינפעקטאַנט איז מאַנכמאָל, אָבער ניט תמיד נויטיג, אויב מען האָט זיך די הענד אַזוי גערייניגט ווי ס׳איז דאָ ערקלערט געוואָרען. אַפילו ווען מען אַרבייט מיט ראָבבער־הענדשעקעס, זאָל מען פריהער די הענד אַזוי רייניגען. דעם דאָקטאָר׳ס און דער העבאַם׳ס אינסטרומענטען דאַרפען זיין סטעריליזירט, דאָס הייסט אויסגעקאָכט. די העבאַם אָדער דער דאָקטאָר דאַרף זיך ניט אָבווישען די הענד צו דער אונטערזוכונג פון דער פרוי, און וואָס ווע ניגער די פרוי ווערט אונטערזוכט, דאָס בעסער איז פאַר איהר. נאַטירליך, אונטערזוכט מוז זי ווערען כדי מען זאָל וויסען צו אַלעס איז נאָרמאַל אָדער ניט; אָבער ניט מעהר אונטערזוכען ווי עס איז אונבעדינגט נויטיג.

אַלע דיזע מאַסרעגלען זענען נויטווענדיג, ווייל נאָך דער ענטבינדונג זענען די געשלעכטס־אָרגאַנען ווי איין קאָלאָסאַל גרויסע

אָפענע וואונד, דורך וועלכער שמוץ קאָן אריינגעהן אין דעם בלוט. דאָס דארף מען קיין מאָל ניט פערגעסען.

## אבערגלויבענס.

עס זענען פאראַן אַ סך אבערגלויבענס וועגען ענטבינדונג. די וואָס זענען שעדליך, דארף מען ניט צולאָזען. אָבער צו די וואָס שאַדען גאָר ניט צום געזונד, קאָנען מיר זיך פערהאַלטען גלייכ־גילטיג, כאָטש פון דעם שטאַנדפונקט פון אַלגעמיינער אויפקלערונג, איז עס תמיד גוט צו מאַכען אַ פערזוך די פרויען אָנצואווייזען אויף דער נארישקייט פון זייערע אבערגלויבענס.

וואָס אַרט מיך, אַלס דאָקטאָר, צום ביישפיעל, אויב דער קינ־פעטאָרין׳ס מאַמע מאַכט אויף אַלע שיפלאָדען, די טירען פון אַלע שאַפעס, דענקענדיג אפשר אַז דורך דעם דערלייכטערט זי דעם וועג, עפענט זי דעם וועג פאַר דעם נייעם בירגעריל? זי האָט אפילו ניט קיין אַהנונג אַז דערמיט דיענט זי די געצען פון איהרע אבות פון פאַר טויזענדער יאָהרען און אַז זי האָט דאָ צו טון מיט גייסטער; אָבער שעדליך צו דער ענטבינדונג איז דאָס נישט. און וואָס געהט מיך אָן אַז זי לעגט אין דער קינפעטאָרין׳ס בעט אונ־טער דער מאַטראַץ אריין אַ מעסער, מיט וועלכען זי שעכט אונבע־וואוסטערהייט אַלע רוח׳ישע שונאים פון׳ם קינד צו פון דער פרוי? אָדער דאָס וואָס זי העננגט אוים שמות אַרום דעם בעט, כדי מיט די הייליגע ווערטער צו פערטרייבען אַל־דאָס־בייזע?

אָבער ווען מען לעגט אַרויף אַ מטבע אויף דעם קינד׳ס נאָפּעל, איז דאָס העכסט געפעהרליך דורך דעם שמוץ וואָס דאָס קאָן אריינ־ברענגען אין דער אָפענער וואונד פון דעם נאָר־וואָס אָבגעשניטענעם נאָפּעל. אַזאַ אָדער אַן עהנליכע זאַך דארף מען דורכאויס פער־וועהרען.

## נאָך דער ענטבינדונג.

דאָס נאָרמאַלע קינד אָטעמט גוט און שרייט באַלד נאָך דער געבורט. מען האַלט די פינגער אויף דעם נאָפּעלשניר און מען פיהלט דעם אינעווענינגסטען פּולס. נאָך אייניגע מינוט, ווען דער פּולס ווערט גאַנץ שוואַך, דאָס הייסט ווען דער מאַמע׳ס בלוט

הערט אויף אריינצופליסען אין דעם קינד׳ס קערפּער, שערט מען איבער דעם נאָפּעלשניר מיט אַ שערעלע וואָס איז געווען פריי־הער גערייניגט און אויסגעקאָכט, אָנגעגרייט און געהאַלטען איינגעוויקעלט אין סטערילער גאַזע, צוזאַמען מיט אַן אויסגעקאָכט ריין ווייס בענדעל, מיט וועלכען מען פערבינדט שטאַרק דעם נאָפּעלשניר אין צוויי ערטער, פאַר און נאָך דעם שניט. מען בינדט צו דעם נאָפּעלשניר אין די ביידע ערטער נאָך איידער מען מאַכט דעם שניט, כדי וואָס וועניגער בלוט זאָל פערלוירען געהן. דער שניט ווערט געמאַכט 3 ביז 4 צענטימעטער דיסטאַנץ פון דעם קינד׳ס קערפּער, דאָס הייסט פון דעם קינד׳ס בויך. דער שניט איז גאָר ניט שמערצהאַפט; דאָס קינד פיהלט איהם נישט.

דאָס קינד ווערט דערווייל איינגעוויקעלט און אַוועקגעלעגט און מען בעשעפטיגט זיך מיט דער מאַמען. שפּעטער מאַכט מען דעם קינד אַ לעבליכע וואַנע מיט זייף, מען וואַשט אַוועק דעם שמוץ פון זיין קערפּער און פון זיין קאָפּ, מען וואַשט אָב דאָס פּנים און די אויגען מיט קאַלט וואַסער, מען גיסט צו צום באָד אַ טאָפּ מיט קאַלט וואַסער און מען נעהמט דאָס קינד אַרויס פון דעם באָד. דערנאָך ווישט מען דאָס מויל אויס מיט אַ ריין, ווייס, דין טיכעל, איינגעטונקען אין קאַלט וואַסער, מען טריקענט אָב דאָס לייב און מען פערזאָרגט דעם נאָפּעל. מען וויקעלט איין דאָס איבערגעבליבענע שטיקעל נאָפּעלשניר, וואָס ליגט אויף דעם קינד׳ס בויך, אין אַ שטיק ריינער, סטערילער גאַזע און איבער דער נאָפּעלגעגענד באַנדאַזשירט מען דעם בויך. דאָס קינד ווערט איינגעפּודערט, די פּודער גוט צוטיילט אויף דער הויט מיט וואַטע, כדי עס זאָל ניט בלייבען קיין גרעסערע מאַסע פּודער אין די הויט־פאַלטען. די פּ אָ ר ה ו י ט ווערט בעהאַנדעלט ווי עס איז בעשריבען אין דעם קאַפּיטעל „די פּאָרהויט“, אין דיזען בוך. דאָס קינד ווערט בעקוועם אָנגעטון, אָבער די הענד און די פיס ווערען געלאָזען פריי; עס ווערט צוגעדעקט און אַוועקגעלעגט. (פיג. 28—31.)

דעם קינד׳ס אויגען ווערען פון׳ם דאָקטאָר אָדער פון דער העבאַם אַזוי בעהאַנדעלט ווי זיי האָבען געלערענט, כדי צו פערהיטען אויגען קראַנקהייטען.

דאָס בעט פון דער קינפּעטאָרין ווערט גערייניגט; מען בייט

איבער די לײלעכער, מען װישט אָב דאָס בלוט פון דער פרוי'ס קערפּער מיט אַ האַנד־טוך אײנגעטונקען אין לעבליך װאַסער, מען לעגט צו איהרע געשלעכטס־טײלען אַ שטיק װאַטע אײנגעװיקעלט אין גאַזע, װאָס װערט בעפעסטיגט דורך זיכערהײטס־שפּילקעס פאַרענט און ריקװערטס צו אַ גרויסען פעסטען באַנדאַזש װאָס ציהט אײן דעם גאַנצען בויך. מען קאָן דאָס מאַכען מיט אַ האַנד־טוך. מען באַנדאַזשירט די בריסט מיט אַ האַנדטוך אָדער מיט אַ ספּעציעל אויפגענעהט געװאַנד. מען דעקט די פרוי צו און מען לאָזט זי ליגען פאָלשטענדיג רוהיג גלײך, אויף דעם רוקען, מיט די פיס אויסגעשטרעקט, ניט הויך צו־קאָפּענס. (פיג. 32—34.)

דאָס אַלץ איז פאַר נאָרמאַלע פאַלען.

## זאָל מען געברויכען אַנעסטעטישע מיטלען?

אַזוי װי די פרויען האָבען זעהר גרויסע װעהטאָגען בײ דער ענטבינדונג, איז עס ניט קײן װאונדער װאָס מען האָט שוין פון לאַנג געזוכט מיטלען דורך װעלכע די פרויען זאָלען גאָר ניט פיהלען אָדער זאָלען װאָס װעניגער פיהלען די װעהטאָגען. כאָטש װאָס פרויען װעלכע האָבען מײדעלװײז געלעבט נאָרמאַל, װעלכע לעבען אויף שפּעטער ריכטיג און זענען געזונד און שטאַרק, לײדען װעניגער בײ דער ענטבינדונג װי די שװאַכע, ניט נאָרמאַלע פרויען, כאָטש װאָס װילדע, פּרימיטיװע פרויען און חיות לײדען אויך װעניגער, אָבער גאָר אָהן װעהטאָגען איז זעלטען אַן ענט־בינדונג און מאַנכמאָל זענען זײ אונערטרעגליך. פאַר אײניגע יאָהרען האָט מען אײנגעפיהרט די קלאָראָפאָרם־אַנעסטעזיע און די עטער־אַנעסטעזיע, דורך װעלכע די פרוי װערט אײנגעשלאָפען און פיהלט גאָר נישט, װי מען טוט עס פאַר יעדער גרויסער אָפּעראַציע. געװעהנליך גיט מען דאָס אַנעסטעטישע מיטעל ערשט פאַר דער צװײטער ענטבינדונגס־פּעריאָדע, װען די שמערצען זענען אַם שטאַרקסטען, כדי מען זאָל דערפון װאָס װע־ניגער געבען. אין די גאָר לעצטע יאָהרען האָט מען געמאַכט אַ פערזוך אײנצוגעבען דעם לאַך־גאַז און נאָך מעהר איז פערזוכט געװאָרען די בעהאַנדלונג מיט דעם דעמער־שלאָף אָדער „טװײלײט־סליעפּ". דאָס לעצטע מיטעל

בעשטעהט פון איינשפּריצען אונטער דער הויט צוויי מעדיקאַמענטען, מ אָ ר פ י ן און ס ק אָ פּ אָ ל אַ מ י ן, די פרוי ליגענדיג אין אַ גאַנץ שטיל און האַלב־פינסטער צימער. די פרוי ווערט דערפון ניט אין גאַנצען בעוואוסטלאָז, אָבער זי פיהלט ניט די שמערצען. מעהרערע ספּעציאַליסטען בעהויפּטען אַז דער דעמערשלאָף איז זעהר ערפאָלגרייך, אָבער אַ סך זענען דאַגעגען. אין פיעלע שפּיטעלער וואו מען האָט דאָס מיטעל פּראָבירט, האָט מען עס געמוזט אויפגעבען.

אָט וואָס מען האָט אויסצוזעצען געגען אַלע די מיטלען צו פערקלענערען די געבורט־וועהען: פאַר די פרויען וואָס האָבען ניט קיין פאָלשטענדיג נאָרמאַל האַרץ אָדער די וואָס ליידען פון עפּיס אַ כראָנישער קראַנקהייט, זענען די מיטלען מאַנכמאָל געפעהרליך; דער דעמערשלאָף האָט אויף געוויסע פרויען גאָר ניט קיין ווירקונג, און אויף אַנדערע נאָר אַ שוואַכע ווירקונג, אַזוי אַז זיי פיהלען די שמערצען סיי־ווי־סיי; די מיטלען האָבען אָפט אַ שלעכטע ווירקונג אויף דעם קינד; אַ סך פרויען ווערען שרעקליך אויפגערעגט אונטער דער ווירקונג פון דעם דעמערשלאָף, מאַנכע ווערען פאַר אַ שטיקעל צייט כמעט גייסטעסקראַנק; די פּסיכאָלאָגיע פון דער פרוי מיט דעם געדאַנק אַז זי מוז האָבען אַזאַ מיטעל, ווערט אַזוי געענדערט, אַז אַנשטאַט זיך צו פאַסען אַז זי מוז און קאָן די שמערצען פערטראָגען, האָט זי מעהר מורא און שרעקט זיך פאַר דער ענטבינדונג; די וועהטאָגען ווערען טאַקע אָבגעשוואַכט דורך דעם מיטעל, אָבער אויך די „וועהען“, דאָס הייסט די צונויפציהונגען פון דער געבערמוטער ווערען שוואַכער, אַזוי אַז די ענטבינדונג איז אָפט שווערער ווי אָהן אַן אַנעסטעטיש מיטעל; דעריבער זענען דורך די מיטלען עפטער נויטיג אינסטרומענטען, דאָס הייסט די ענטבינדונג ווערט געפעהרליכער; דער דעמערשלאָף איז ניט לייכט אָנצואווענדען פאַר יעדער פרוי, ווייל מען דאַרף האָבען אַ זעהר געשיקטען דאָקטאָר, אַ זעהר געשיקטע בעדיענונג, אַ ספּעציעל איינגעריכטעט צימער און — ווייל דאָס אַלעס קאָסט זעהר טייער.

## די היילונג פון די געשלעכטס אָרגאַנען.

נאָך דער ענטבינדונג הויבט אָן די געבערמוטער קלענער צו ווערען, אָבער די צוריקבילדונג געהט אַזוי לאַנגזאַם אַז ערשט נאָך זעקס וואָכען ווערט זי נאָרמאַל, נאָר צוריק צו דער גרויס פון אַ בתולה'ס געבערמוטער געהט זי שוין מעהר קיין מאָל נישט. ביי דער געלעגענהייט פון דער דאָזיגער צוריקבילדונג האָבען די פרויען מעהרסטענס וועהטאָגען, וועלכע זענען בעזונדערס שטאַרק אין די ערשטע טעג. מען רופט זיי נ אָ כ ו ו ע ה ע ן. זיי זענען זעלטען ביי ערשטלינגען און טרעפען זיך אָפט ביי פרויען וואָס האָבען שוין פריהער געבוירען.

פון דער געבערמוטער און פון דער שיידע קומען אַרויס שטיקלעך הויט און אַ פליסיגקייט, דער ו ו אָ כ ע נ פ ל ו ס, וועלכער שטאַמט פון די נאָך ניט געהיילטע וואונדען און וועלכער בעשטעהט פון בלוט, שליים, אייטער און רעשטען פון געוועבען. אין די ערשטע 2-3 טעג איז די פליסיגקייט מעהר בלוטיג און טיעפער רויט; פון'ם 4-טען ביז צום 8-טען טאָג ווענינער בלוטיג, שיטערער, און איהר פאַרב איז העלרויט; פון'ם 8-טען טאָג אָן איז זי געלבליך אָדער ווייסליך און זי קומט אויך אין אַ קלענערער מאָס. נאָך 4 ביז 6 וואָכען פערשווינדט זי אין גאַנצען.

די וואונדען און די שוועלונגען פון דער שיידע און פון די דרויסענדיגע געשלעכטס-טיילען היילען זיך צימליך שנעל.

אַ נאָרמאַלע קינפעטאָרין האָט ניט קיין פיבער. אויב די טעמפעראַטור איז איבער 38 גראַד צענטיגראַד אָדער איבער 100.4 גראַד פאַהרענהייט איז עס ניט נאָרמאַל און מען דאַרף אויסגעפינען די אורזאַך.

## די פלעגע אין דער קינפעט.

ס'איז אמת אַז אַ סך פרויען שאַדט נישט ווען זיי שטעהן באַלד נאָך דער ענטבינדונג אויף פון דעם בעט. אָבער די מעהרסטע וואָלט דאָס יאָ געשאַדש, און פיעלע קאָנען דאָס ניט טון. נאָך דער גרויסער אַנשטרענגונג פון דער געבורט, אין דער צייט ווען אַזוי פיעל וואונדען מוזען זיך היילען, דאַרף די פרוי האָבען ר ו ה,

רוה פון׳ם קערפּער, רוה פון׳ם מח. אין רוה בעשטעהט די הויפּט־פּלעגע פון דער קינפּעט־צייט.

ווען אַלעס געהט גוט, זאָל די פרוי ליגען אַ וואָך ביז 10 טעג אין בעט. אין די ערשטע צוויי, דריי טעג זאָל זי ליגען אונבע־וועגליך אויף דעם רוקען. דערנאָך מעג זי זיך אַביסעל בעוועגען, זיך לעגען אויף אַ זייט. נאָר ביסלעכווייז, שטופּענווייז, זאָל זי איבערגעהן צום זיצען אין בעט, דערנאָך צום זיצען אויף אַ בענקעל, און צום שטעהן און ארומגעהן.

די קינפּעטאָרין זאָל ליגען אין בעסטען, לופטיגסטען, ליכטיג־סטען צימער; דאָס פענסטער זאָל זיין אָפען, אָבער די פרוי זאָל, אין די קאַלטע טעג, זיין גוט צוגעדעקט. אין ווינטער מעג מען, פערשטעהט זיך, דאָס פענסטער צומאַכען ביים איבערטון. די טעמפּעראַטור אין צימער זאָל ניט זיין נידריגער ווי אונגעפעהר 65 גראַד פאַהרענהייט, 14 גראַד רעאָמיר אָדער 18 גראַד צענטי גראַד. ס׳איז אַ פעהלער צו פערהענגען די פענסטער און דאָס צי־מער צו מאַכען טונקעל, ווי מאַנכע טוען עס. שמוציגע זאַכען, ווי פערונרייניגטע ווינדלען און וויקעלעך פון׳ם קינד זאָלען וואָס שנע־לער ארויסגענומען ווערען פון דעם קינפּעט צימער.

דער קינפּעטאָרין׳ס בעט זאָל געהאַלטען ווערען ריין.

צו פיעלע בעזוכען זאָלען ניט ערלויבט ווערען, כדי די פרוי זאָל זיך ניט אויפרעגען.

מען זאָל די פרוי ניט דולען מיט זאָרגען פון דער באַלעבאַ־טעשאַפט.

איך ווייס אַז ניט אַלע ארבייטער פרויען און זייערע פאַמיליען קאָנען דיזע געבאָטען אָבהיטען. זאָלען זיי אָבער טון דאָס בעסטע וואָס ס׳איז זיי מעגליך.

אין די ערשטע פּאָר טעג, ווען דער אַפּעטיט איז נאָך מעהר־סטענס שוואַך, איז אַם בעסטען דער פרוי גאָ ר נ י ט אָדער זעהר ווייניג עסען צו געבען. זופּ, פרוכטזאַפטען, אַ לויז איי, צערעאַלען און עהנליכע זאַכען זענען פּאַסענדע שפּייזען. ווען די פרוי הויבט אָן צו ווערען הונגעריג און אויב זי האָט שטול און האָט ניט קיין פיבער, מעג מען איהר געבען צו עסען וואָס זי וויל, — מיט אויסנאַהם פון שאַרפע, האַרבע און אויפרעגענדיגע

שפייזען און אַלקאָהאָלישע געטראַנקען, — אָ ב ע ר נ י ט צ ו פ י ע ל ע ס ע ן; זי דאַרף זיך ניט איבערעסען. פרוכט מוז זיין אַ טייל פון יעדער מאָלצייט.

אויב זי האָט ניט אַליין קיין שטול, זאָל מען איהר מאַכען יעדען טאָג אַ קליסטיר. זי זאָל האָבען שטולגאַנג אין אַ פלאַכער בעט־שיסעל.

אויב זי קאָן ניט לאָזען דעם אורין, מוז דער דאָקטאָר איהר איהם אויסצאַפּען מיט דעם ק א ט ה ע ט ע ר, אָבער מען זאָל צוערשט מעהרערע מאָל פּראָבירען צולעגען ווארעמע אומשלעגען אויף דעם אונטערשטען טייל פון'ם בויך און די ד ר ו י ס ע נ ד י־ג ע געשלעכטס־טיילען מיט וואסער בעשפּריצען, וועלכעס העלפט אָפט זעהר גוט.

ביי נאָרמאַלע פאַלען זאָל מען ניט מאַכען קיין איינשפריצונ־גען אין דער שיידע. מען זאָל נאָר אַ פּאָר מאָל אין טאָג רייניגען די דרויסענדיגע געשלעכטס־טיילען און אויף זיי האַלטען אַ שטיק וואַטען איינגעוויקעלט אין גאַזע, וועלכעס זאָל אָפט געוועקסעלט ווערען. די בעשמוצטע וואַטען און גאַזע זאָל ניט ליגען אין צימער; אויב מעגליך, זאָל מען זי פערברענען. שוואַמען זאָל מען ניט געברויכען, ווייל זיי קאָנען קיין מאָל ניט גוט גערייניגט ווערען.

אינערליכע אונטערזוכונגען אין דער קינפּעט צייט זענען שעד־ליך און זענען פערבאָטען אין נאָרמאַלע פאַלען.

זויגען דאָס קינד זאָל די פרוי אָנהויבען אונגעפעהר 6 שטונדען נאָך דער ענטבינדונג, ווען אַלעס איז נאָרמאַל. ווען די מילך קומט צו שטאַרק צו, מאַכט מען דער פרוי אַ באַנדאַזש אויף די בריסט, אַזוי אַז זיי זאָלען ווערען אויפגעהויבען און לייכט צום קערפּער צוגעדריקט.

דאָס קינד זאָל געוואויגען ווערען ביי דער געבורט.

נאָך דעם ערשטען רייניגונגס באָד זאָל מען דאָס קינד עט־ליכע טעג ניט באָדען, און נאָר דאָס פּנים, דאָס מויל, די הענד, די פיס, דעם אַנוס און די געשלעכטס־טיילען יעדען טאָג (די לעצ־טערע מעהרערע מאָל אין טאָג) רייניגען, אויפּפּאַסענדיג ניט צו בענעצען דעם נאָפּעל. ווען דאָס איבערגעבליבענע שטיקעל נאָפּעל־שטראַנג פאַלט אראָב, קאָן מען אָנהויבען דאָס קינד רעגעלמעסיג צו באָדען.

## אונרעגעלמעסיגקייטען.

**איינרייסונגען.** — עס איז כמעט ניטאָ קיין ענטבינדונג אָהן אַן איינרייסונג אין די געשלעכטס אָרגאַנען. נאָר די מעהרסטע זענען לייכטע און, אויב די פרוי ווערט געהאַלטען *ריין און רוהיג*, היילען זיי זיך אַליין. די גרעסערע ריסען מוזען צו־גענעהט ווערען ווען זיי זענען פריש. *אַ דאַמריס*, דאָס הייסט אַ ריס פון דער הויט און פון דעם פלייש צווישען דער וואולווא און דעם אַנוס, מוז כמעט תמיד צוגענעהט ווערען. אַ גרויסער דאַמריס וואָס געהט טאַקע ביז צום אַנוס קאָן האָבען שלעכטע פאָלגען, ווייל ווען דער מוסקעל וואָס איז אַרום דעם אַנוס ווערט איינגעריסען איז אונמעגליך אָדער שווער דעם שטול איינצוהאַלטען און מען קאָן איהם פערלירען ניט וויסענדיג. אַ ריס אין האַלז פון דער געבערמוטער, אויב ער איז זעהר גרויס, דאַרף אויך צוגענעהט ווערען. צו אַ קליינעם ריס זאָל מען גאָר ניט טון.

**בלוטונגען אָדער העמאָראַגיען.** — ביי יעדער נאָרמאַלער ענטבינדונג ערוואַרטען מיר זיך אויף בלוטונגען. אָבער געגען זעהר שטאַרקע אָדער לאַנג דויערענדיגע בלוטונגען — דאָס איז פאַר דעם וואָס פיהרט די געבורט צו בעשטימען — מוז מען עפּיס טון. אָפט ווענדט *אַ טאַמפּאָנירונג*, דאָס הייסט אַן אויס־פילונג פון דער שיידע מיט סטערילער וואַטען אָדער גאַזע גענוג זיין. אָבער אַזאַ טאַמפּאָן דאַרף ניט בלייבען צו לאַנג אינעווע־ניג, ניט מעהר ווי צעהן ביז צוועלף שטונדען, ווייל זאָנסט קאָן זיך שמוץ אָנזאַמלען און די אָרגאַנען קאָנען אינפעקטירט ווערען. אויב די בלוטונג ווערט ניט געשטילט דורך רוה און טאַמפּאָנירונג, קאָן זיין אַז אַן אָפּעראַציע איז נויטיג, — מעהרסטענס אַן *אויס־קראַצונג* אָדער, ווי מען רופט עס אויך, *אַ קירעטאַזש* פון דער געבערמוטער. דורך דער אָפּעראַציע געלינגט אַרויסצו־נעהמען די קליינע שטיקלעך הויט אָדער פּלאַצענטאַ וואָס קאָנען זיין צוגעקלעבט צו דער אינעווענינגער וואַנד פון דער געבערמוטער און קומען מאַנכמאָל ניט אַליין אַרויס, אָבער וואָס לאָזען אָפען די פערוואונדעטע אָדערען פון וואַנען די בלוטונג קאָן שטאַמען. די אורזאַך, דאָס אָרט פון דער בלוטונג, וואָס און ווען ס'איז צו טון, דאַרפען בעשטימט ווערען פון דעם געבורטסהעלפער.

אַ צו לאַנגע בלוטונג קאָן אָבשוואַכען די פרוי און אפילו פערורזאַכען איהר טויט.

**שיינטויט פון'ם קינד.** — דער געבורטסהעלפער דאַרף די ענטבינדונג אַזוי פיהרען אַז דעם קינד'ס קאָפּ זאָל ניט ליגען צו לאַנג אין דער שיידע, ווייל אויב דאָס קינד גיט אַ ציה דעם אָטעם, ציהט עס אַריין שליים און פליסיגקייט און זיינע אָטמונגס־אָרגאַנען ווערען פערלעגט און עס ווערט דערשטיקט. עס זענען אויך פאַראַן אַנדערע אורזאַכען פון דערשטיקונג פון'ם קינד און ביי יעדער שווערער, צו לאַנגער אָדער אוננאָרמאַלער ענטבינדונג קאָן דאָס געשעהן. אויב דאָס דערשטיקטע קינד לעבט נאָך, איז עס בלוי, ווייל זיין בלוט ענטהאַלט קוילען זויערע אַנשטאַט זויער־שטאָף, דען פון דער מאַמען קריגט עס שוין מעהר נישט קיין בלוט מיט זויער־שטאָף, און עס גיט ניט מעהר איבער דער מאַמען זיין בלוט מיט דער גיפטיגער קוילען זויערע; פון דער אַנדערער זייט קאָן עס ניט אָטעמען אויף זיין אייגענעם חשבון, ווייל זיינע אָטעם אָרגאַנען זענען ערגעץ וואו פערשטאָפּט געוואָרען. דאָס קינד איז שטיל און עס בעוועגט זיך ניט. אָבער דאָס האַרץ קלאַפּט, וועלכעס איז אַ סמן אַז עס לעבט נאָך. ווען דאָס האַרץ הערט אויף צו אַרבייטען, איז שוין גאָר ניטאָ וואָס צו טון.

מען רייניגט דאָס מויל און דעם האַלז מיט אַ ריין, דין טיכעל, אַרומגעוויקעלט אַרום דעם פינגער, האַלטענדיג דערביי דאָס קינד מיט דעם מויל אַראָב און מיט דעם קאָפּ נידריגער ווי דער קערפּער. דערנאָך טויכט מען דאָס קינד איין אין אַ שיסעל מיט וואַרעם וואַסער און באַלד נאָך דעם אין אַ שיסעל מיט קיהל וואַסער, וועלכעס מען ווידערהאָלט מעהרערע מאָל, און מען גיט איהם עטליכע פּעטש אויף דעם קערפּער, כדי עס צו רייצען. מעהרסטענס העלפט דאָס. אויב נישט, מוז מען אָנווענדען *קינסטליכע אָטמונג* דורך איינע פון די מעטאָדען וואָס זענען בעקאַנט יעדען געבורטסהעלפער. די גרעסטע צאָהל דאָקטוירים און העבאַמען געברויכען די „*שולטצע'שע שווינגונגען*", ביי וועלכע דאָס קינד ווערט געהאַלטען ביי די אַקסלען און ריטמיש און מיט דעם קאָפּ אַראָב אויפגעהויבען און דאַן מיט דעם קאָפּ אַרויף אַרונטערגעלאָזען. די *סילוועסטער* און די *שעפער*

מעטאָרען פון קינסטליכער אָטמונג זענען דיזעלבע ווי ביי דער־וואקסענע; זייער בעשרייבונג געהערט ניט אהער.

מען דארף פאָרטזעצען אלע מיטלען צו בעלעבען דאָס קינד, אזוי לאנג ווי ס'איז נאָך פאראן די קלענסטע האָפנונג, ווייל מאנכ־מאָל געלינגט עס דאָס קינד צו רעטען ערשט נאָך א פאָר שטונדען. אָבער עס פערשטעהט זיך אז מען דארף ארבייטען פאָרזיכטיג, ווייל דעם קינד'ס ביינדלעך און אָרגאנען זענען פיין און דעליקאַט, און קאָנען לייכט פערוואונדעט ווערען.

**קינפּעט פיבער.** — א ביסעל היץ קאָן א פרוי האָבען אפילו ביי דער נאָרמאלסטער ענטבינדונג. אָבער העכער פיבער איז אָפט צו פערדאנקען אַן אינפעקציע וואָס קומט פון ניט אָבהיטען אלע רעגלען וועלכע איך האָב שוין אויסגערעכענט אז זיי דארפען הער־שען פאַר, וועהרענד, און נאָך דער ענטבינדונג. אַן אינפעקציע קאָן פערורזאכען א י י ט ע ר ד י ג ע ו ו א ו נ ד ע ן, ש ו ו ע־ל ו נ ג ע ן, מ כ ו ת, אין און ארום די סעקסואל אָרגאנען, ווי אויך ס ע פּ ס י ס פון דעם גאנצען בלוט, ב ל ו ט פ ע ר־ג י פ ט ו נ ג, ווי מען רופט עס געוועהנליך. די בעהאנדלונג איז נאַטירליך פערשידען נאָך דעם פאַל. אָפט שטארבט די פרוי פון אזעלכע אינפעקציעס אָדער זי נויטיגט זיך אין אזעלכע אָפּע־ראציעס, וואָס מאכען פון איהר א קריפּעל.

**די ווענדונג** — איז אַן אָפּעראציע אָהן אינסטרומענטען, מיט די בלויזע הענד, דורך וועלכער דער דאָקטאָר דרעהט איבער דאָס קינד אין דער געבערמוטער פון אַן אונריכטיגער לאגע אין וועלכער די ענטבינדונג איז אונמעגליך, אין א ריכטיגער לאגע, אזוי אז די ענטבינדונג זאָל ווערען מעגליך. צום ביישפּיעל, ווען דאָס קינד ליגט אין דער קווער, אנשטאט אין דער לענג, אין די לעצטע שטונ־דען, און עס איז ניט מעהר צו האָפען אז זיין לאגע וועט זיך אליין ענדערען. עס זענען נאָך פאראן אנדערע פאלען וואו א ווענדונג איז נויטיג.

**די צוואנג אָפּעראציע** — ווערט געמאכט מיט אַן אינסטרו־מענט, די צוואנג (פ אָ ר צ ע פּ ס, צ א נ ג ע), מיט וועלכער מען ציהט ארויס דאָס קינד ביים קאָפּ. דאָס אינסטרומענט רעטעט יערעס יאָהר טויזענדער לעבענס, אָבער ליידער איז עס אויך אָפט

שערליך אין די הענד פון געוויסענלאָזע דאָקטוירים, וואָס ווענדען עס אָן אוננויטיגערהייט, נאָר כדי מיט דער ענטבינדונג שנעלער פאַרטיג צו ווערען, אָדער כדי צו קאָנען פאָדערען אַ גרעסערען לוין פאַר דער אַרבייט. אינטערעסאַנט איז דער פאַקט אַז די קאַריערע פון דיזען העכסט ניצליכען אינסטרומענט האָט זיך אָנגעהויבען אויף אַ זעהר ניט שענעם אופן. פאַר אַ צייט לענגער ווי הונדערט יאָהר, פון'ם סוף פון 16־טען יאָהרהונדערט ביז צום אָנפאַנג פון'ם 18־טען יאָהרהונדערט האָבען ט ש ע מ ב ע ר ל ע ן, דער ערפינדער, און זיינע נאָכפאָלגער עס געהאַלטען בסוד און דערמיט געמאַכט אַ מיאוס'ען האַנדעל.

די צוואַנג־אָפּעראַציע מוז געמאַכט ווערען נאָר ווען מען קאָן ניט ערוואַרטען קיין נאַטירליכע ענטבינדונג אָהן אַ געפאַהר פאַר דער מאַמען און פאַר דעם קינד, און ווען געוויסע, פאָרגעשריבענע בעדינגונגען ווערען ערפילט. קיין דאָקטאָר וואָס קען ניט גענוי די טעכניק פון דער אָפּעראַציע, דאַרף זי ניט אונטערנעהמען. זי איז מעהרסטענס אַן אָפּעראַציע פאַר געוויסע פאָרמען פון ענגען בעקען.

**דאָס אַרויסציהען** פון'ם קינד ביי די אונטערשטע חלקים פון'ם קערפּער, אַנשטאַט ביים קאָפּ. אָהן אינסטרומענטען.

**די צושטערונג פון'ם קינד'ס קאָפּ** (קראַניאָטאָמיע), דאָס הייסט דאָס הרג'ענען פון'ם קינד אין דער מאַמע'ס לייב, איז מאַנכמאָל נויטיג, ווען אַן ענטבינדונג איז אונמעגליך און ווען דורך דעם ווערט די מאַמע געראַטעט. פאַראַן ספּעציעלע אינסטרומענטען פאַר דיזער שרעקליכער אָפּעראַציע.

**דער קאַיזערשניט** איז די ענטבינדונג דורך דעם בויך, אַנשטאַט דורך דער שיידע. ביי מאַנכע פאָרמען פון זעהר ענגען בעקען, וואו אפילו די צוואַנג קאָן ניט העלפען, אָדער וואו מען קאָן אויף אַן אַנדערען אופן קיין לעבעדיג קינד ניט האָבען, בלייבט נאָר איין מיטעל, — דעם בויך און די געבערמוטער אויפצושניידען.

עס פערשטעהט זיך אַז אַלע אויסגערעכענטע אָפּעראַציעס ווערען געמאַכט אונטער אַנעסטעזיע, דאָס הייסט די פרוי ווערט איינגעשלאָפען.

עס קאָן זיך צופעליג טרעפען אז, אנשטאט די שוואנגערשאפט זאָל זיך ענטוויקלען אין דער געבערמוטער, ענטוויקעלט זי זיך אין איינער פון די טובען, זעלטענער אין אייערשטאָק, — עקסטרא אוטערינע שוואנגערשאפט; אזוי ווי די ערטער זענען ניט דערצו איינגעריכטעט, איז דאָס געפעהרליך פאר דער פרוי. די טובע פּלאצט, שטארקע אינערליכע בלוטונגען פאָלגען; די פרוי קאָן שטארבען, אויב מען אָפּערירט זי ניט אין צייט.

---

**די בלאָזענמאָלע** איז א זעלטענערע פאָרם פון שוואנגערשאפט אין וועלכער ניט א קינד ענטוויקעלט זיך, נאָר געוויסע בלאָזען. געפעהרליך דורך בלוטונגען; די בעהאנדלונג איז נאָך דעם פאל.

---

**געפעהרליכע אונרעגעלמעסיגקייטען זענען אויך אמאָל:**
די פּלאצענטא, ווען זי ליגט פאר דעם קינד, נעבען דער עפענונג פון דער געבערמוטער, ווייל דורך די וועהען ווערט דאן די פּלאצענטא איינגעריסען און בלוטיגט שטארק; דער ניט נאָרמאל ליגענדער נאָפּעלשטראנג; די וועהענשוואכקייט.

די אונרעגעלמעסיגקייטען פון דעם בעקען זענען מעהרסטענס צו פערדאנקען דער קינדער קראנקהייט פון די ביינער וואָס מען רופט די ענגלישע קראנקהייט אָדער רהאכיטיס; זעלטענער אויך אן אנדערער ביינער קראנקהייט, אָסטעאָמאלאציע. (פיגור 36, 37, 38.)

ביי פרויען, וואָס קאָנען זיך ערוואַרטען אויף געפעהרליכע אונרעגעלמעסיגקייטען ביי דער ענטבינדונג, זענען מיטלען פאר געבורט בעשרענקונג א נויטווענדיגקייט. און זיי זענען אויך געזעצליך, אפילו אין די לענדער וואו זיי זענען זאָנסט פערבאָטען.

## דאָס נאָרמאַלע געשלעכטס־לעבען.

ס׳איז תמיד שווער גענוי צו בעגרענעצען דאָס נאָרמאַלע פון דעם נישט־נאָרמאַלען. און וועגען געשלעכטס־לעבען איז דאָס נאָך שווערער. אָבער טראָצדעם קאָנען מיר אין אַלגעמיין בעטראַכטען פאַר נאָרמאַל דאָס געשלעכטס־לעבען פון די מעהרסטע פערהייראַטע מענשען, אָדער פון די וואָס לעבען אַ לענגערע צייט מיט איין און דערזעלבער פרוי אָדער מיט איין און דעמזעלבען מאַן, אויב זייער פאָרם פון געשלעכטליכען פערקעהר פערורזאַכט זיי קיין פיזישען און קיין מאָראַלישען שאָדען.

דער צוועק פון דעם געשלעכטליכען פערקעהר איז צו פערמעהרען דעם מין. אָבער די נאַטור האָט אַרומגערינגעלט דיזען פערקעהר מיט אַלערליי אַנגענעהמע און פערגניגונגס־פולע געפיהלען און אַקטען, ווי עס ווייזט אויס, כדי מען זאָל איהם נישט פערנאַכלעסיגען. אַלע דיזע אַקטען און געפיהלען זענען אַ טייל פון דעם געשלעכטס־פערקעהר; זיי זענען קיינע נארישקייטען; זיי זענען וויכטיג און זאָגאַר נויטיג. דער פערליעבטער בליק, דאָס שמייכעלהאַפטע וואָרט, דער ליעבעס־בריעף, דער האַנד־דרוק, דאָס געשפּרעך, דער ציטער ביי דער בעגעגענונג, דער קוש, דער קאָנטאַקט פון די קערפּערס, — דאָס אַלעס, ווען עס קומט פאַר צווישען מאַן און פרוי מיט אַן אונבעשטימטען אָדער בעשטימטען וואונש זיך צופרידענצושטעלען געשלעכטליך, געהערט צום געשלעכטס־פערקעהר, כאָטש ס׳איז נאָך אָפט זעהר ווייט דערפון. דער פערקעהר צווישען די סעקסואַל־אָרגאַנען דאַרף בעטראַכט ווערען אַלס דער סוף־אַקט פון דעם גאַנצען געשלעכטס־פערקעהר. פון דעם קאָן מען איינזעהן אַז פון אַ פערקעהר בלויז פון די געשלעכטס־אָרגאַנען, אָהן קיין שום טיילנאַהמע פון דעם איבריגען קערפּער, אָדער אָהן קיין טיילנאַהמע פון דעם גייסט, קאָנען ניט אַרויסקומען קיין גוטע פאָלגען. מאַנכמאָל בעהאַלט דער זאָגענאַנטער איינפאַכער פריינדשאַפטס־פערקעהר צווישען מאַן און פרוי, ווען ער בעשטעהט אויסערליך למשל בלויז פון געשפּרעכען אָדער לעזען צו־

זאמען, א געשלעכטליכע צוציהונג, וועלכע איז א ניט פאָלשטענדי־גער סעקסואל־פערקעהר.

דאָס געשלעכטס־לעבען הויבט זיך אָן זעהר פריה, מען קאָן זאָגען ביי דער געבורט פון׳ם קינד; עס פערשטעהט זיך, אין די קינדער־יאָהרען איז עס נאָר רודימענטער, דאָס הייסט עס זענען פאראן בלויז שפורען דערפון. אָבער דיזע שפורען, וועלכע זענען שווער צו בעמערקען פאר דעם אונערפאַהרענען, קאָנען קינסט־ליך און פאר דער צייט אויפגעוועקט ווערען דורך אַן אונריכטיגע פיזישע און גייסטיגע ערציהונג און דורך פערשי־דענע דירעקטע און אינדירעקטע רייצונגען. דאָס דאַרף מען פער־מיידען.

אין ווארעמע געגענדען ווערען די מענשען רייף געשלעכטליך פריהער ווי אין קעלטערע געגענדען. אָבער אין דער בעציהונג איז אויך זעהר פיעל צו פערדאַנקען די מנהגים.

א סך מאָל שטעלט מען זיך די פראַגע ווי אָפט ס׳איז נאָרמאל צו האָבען סעקסואלען פערקעהר. דאָס איז פערשידען נאָך די מענ־שען; וואָס ביי אייניגע הייסט נאָרמאל, קאָן הייסען ביי אַנדערע צו אָפט אָדער צו זעלטען. אָבער מעהרסטענס זענען שלעכטע גע־וואָינהייטען, קינסטליכע אויפרייצונגען (דורך א ניט נאָרמאל לע־בען, דורך צופיעל אָדער רייצענדיג עסען, דורך אַלקאָהאָלישע און אַנדערע אומגעזונדע געטראַנקען, דורך צו פיעלע קינסטליכע סעק־סואלע רייצונגען), — די אורזאַכען פון צו אָפטען פערקעהר אָדער פון א „בעדירפניש“ צו האָבען צו פיעל פערקעהר. אזא מין בע־דירפניש איז ניט נאָרמאל, נאָר עס זעהט אויס נאָרמאל, ווייל מען האָט זיך דערצו צוגעוואָינהנט, אזוי ווי א שכור דענקט אז זיין בעדירפניש צו טרינקען א סך איז נאָרמאל און נאַטירליך. — עס דאַרף מעהרסטענס זיין א פאַוזע פון א פאָר טעג, פון עטליכע טעג אָדער וועניגסטענס פון איין טאָג צווישען איין פערקעהר און דעם צווייטען.

אין אַלגעמיין, און אונטער אונזערע אומשטענדען, הייסט עס נאָרמאל ווען מען האָט פערקעהר צוויי ביז דריי מאָל אין דער וואָך. אָבער עס שאַדט ניט ווען מען האָט בלויז איין מאָל וועכענטליך.

ניט נאָר צוליעב געזונד איז עס נויטיג צו פערמיידען צו אָפ־

טען פערקעהר, — נאָר אויך כדי דער פערקעהר אַן און פאַר זיך זאָל זיין ענערגישער, בעסער און פאַר ביידע טיילען מעהר בעפרידיגענד.

עס וואָלט גוט געווען פאַר דעם מאַן צו האָבען פערקעהר ביי 20 יאָהר. אָבער אַזוי ווי אַ ריינער פערקעהר, אָהן אַ געפאַהר פון אָנשטעקונג איז איצט זעלטען מעגליך ביי דעם אַלטער, דורך די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אומשטענדען, דורך די אונמעגליכקייט צו ערנעהרען אַ פאַמיליע, שאַדט עס ניט אויב מען האָט ערשט פערקעהר נאָך 25 יאָהר און עס שאַדט ניט אויב מען האַלט זיך צוריק דערפון ביז דענסטמאָל, נאָר מען מוז וואָס מעהר פערמיידען אַלע געלעגענהייטען וואָס רעגען אויף געשלעכטליך. גאָר ניט האָבען קיין פערקעהר ביז צו 27 — 28 יאָהר איז מעהרסטענס ניט שעדליך, נאָר מאַנכמאָל ווערט מען דערפון אימפּאָטענט. נאָך שפּעטער צו בלייבען אָהן פערקעהר און אויב מען האָט די לוסט דערצו, *פערורזאַכט כמעט תמיד אימפּאָטענץ.*

ס'איז געזונדער פאַר מאַן און פרוי ניט צו שלאָפען שטענדיג צוזאַמען; אַ חוץ וואָס ס'איז אין אַלגעמיין ניט היגיעניש, איז עס געשלעכטליך ניט גוט, ווייל מען רייצט זיך דורך דעם אויף צו האָבען צו אָפט פערקעהר.

ביי נאָרמאַלע מענשען איז דאָס סעקסואַלע בעדירפניש פאַראַן ביז צום טויט אָדער ביז צון אַ הויכען אַלטער, אָבער עס ווערט שוואַכער און שוואַכער מיט די יאָהרען, אָנגעפאַנגען פון זעכציג יאָהר אונגעפעהר. זוכען דאָס דאָזיגע בעדירפניש קינסטליך ארויסצורופען אין *דעם* אַלטער, איז אַ פעהלער, ווייל דאָס איז אומגעזונד.

אין דער צייט פון פערקעהר זאָל מען זיך היטען צו זאָגען אָדער צו טון אירגענד עפּיס וואָס קאָן האָבען אַלס פאָלגע מען זאָל אָנוועהרען דעם חשק צום פערקעהר. מען זאָל גאָר ניט טון וואָס קאָן דעם שותף אָדער די שותף'טע ענטמוטיגען אָדער זיין אָדער איהר אויפמערקזאַמקייט פון'ם סעקסואַלען אַקט אָבציהען. מען זאָל אין דער צייט ניט רעדען פון קיין אונאַנגענעהמע זאַכען.

מען זאָל ניט האָבען קיין פערקעהר אויב מען האָט ניט קיין לוסט דערצו אָדער ווען מען איז צו מיד, פונקט אַזוי ווי מען דאַרף

ניט עסען ווען מען איז ניט הונגריג אָדער ווען מען איז דערצו ניט אויפגעלעגט.

פאַר מאַנכע לעזער וועט די פאָלגענדע עצה אויסזעהן איבער־פליסיג, אָבער איך ווייס אַז פאַר פיעלע איז זי נויטיג: קיין פער־קעהר אין דער צייט פון דער פרוי׳ס מענסטרואַציע; דאָס קאָן זיין שעדליך פאַרביידע, אַ חוץ דעם וואָס ס׳איז ניט אַנגענעהם פאַר דער פרוי און ניט אַפּעטיטליך פאַר ביידע.

## ליעבע און געשלעכטס־לעבען.

ליעבע איז אַ נעץ וואָס די נאַטור שפּרייט אויס כדי צו פער־מעהרען דעם מין מענש. (ביי חיות עקזיסטירט אויך ליעבע). נאָר די *פאָלשטענדיגע* ליעבע איז די אמת׳ע ליעבע. די אמת׳ע ליעבע האָט נישט קיין העכערע און נישט קיין נידריגערע טיילען. אַלעס איז הויך און גרויסאַרטיג. דאָרט וואו ס׳איז פאַ־ראַן בלויז די געשלעכטליכע צוציהונג, איז עס נישט קיין דויערענדיגע ליעבע; ריכטיגער געזאָגט, ס׳איז ניט קיין ליעבע, כאָטש מען קאָן זיך פאָרשטעלען אַז מען זאָל קאָנען אויסלעבען אַ גאַנץ לעבען אָהן אייגענטליכער ליעבע. פערקעהרט, דאָרט וואו ס׳איז נישטאָ קיין געשלעכטליכע צוציהונג, נאָר בלויז אַ מין סענטימענטאַלע ליע־בע, אויב דאָס איז מעגליך, — וועט זי אויך נישט לאַנג דויערען. די ערפאַהרונג לערענט אונז אַז די גרונדלאַגע פון דער אידעאַלס־טער ליעבע איז דער געשעלכטליכער פערקעהר; דאָרט וואו מען פאַסט זיך ניט צו געשלעכטליך, קאָן קיין דויערהאַפטע ליעבע ניט זיין. די גרעסטע צאָהל פאַלען פון *גט* זענען צו פערדאַנקען אַזאַ מאַנגעל אין אַ געשלעכטליכער צופּאַסונג, מעהרסטענס דער פאַקט וואָס איינער אָדער ביידע ווערען ניט צופרידען געשטעלט סעקסואַל אָדער וואָס איינער אָדער ביידע פערלאַנגען צו פיעל פערקעהר. די *שיידונג* איז אָפט אַ פאָלגע פון נישט פערשטעהן וואָס ליעבע איז; דאָס פּאָרעל, אָדער איינער פון זיי, האָט זיך אָבגע־נאַרט אין זיינע געפיהלען און האָט געדענקט אַז דיזע געפיהלען זענען געווען אמת׳ע ליעבע, כאָטש עס איז בלויז געווען אַ שטרויען פייער.

פאָלשטענדיגע און אמת׳ע ליעבע איז: די ליעבע פון דער

נשמה, די ליעבע פון׳ם קערפער, פריינדשאפט צווישעןביידע גע־שלעכטער, שותפות צו קעמפען און צו ליידען צוזאמען, א געוויסע פערייניגונג פון אידעען און פון געשמאק, כאטש די טעמפעראמענ־טען מוזען ניט זיין עהנליך.

דאס אידעאל איז אז ליעבע זאל זיין דער איינציגער מאטיוו פאר א פאמיליען־לעבען. אבער א סך מאל ווערט די הייראט גע־בויט אויף א גאנץ אנדערער גרונדלאגע ווי די ליעבע, — ספעציעל צווישען די ציווויליזירטע מענשען. אפט, ווען מען הייראט, זאגט מען: די ליעבע וועט שוין קומען שפעטער. דאס איז זעלטען אמת: אומגליקליכע טעג קומען שפעטער! וויפיעל מאל איז דאס פאמיליען־לעבען נישט מעהר ווי אן אנדערע פארם פון פראסטיטוציע! צוםביישפיעל, ווען מען האט חתונה: צוליעב געלד; צו־ליעב כבוד; נישט צו דארפען ארבייטען; צו קריגען א פרוי בלויז אלס אן ערזאץ פאר דער פראסטיטואירטער; צו לעבען בעקוועמער; צוליעב דער עפענטליכער מיינונג; צוליעב די עלטערען; געצוואונ־גענערהייט (אנדערע פראסטיטואירען אייך).

אין פרייסען זענען פון 1884 ביז 1892 געווען 16 פרא טויזענד גט׳ען; אין די פערייניגטע שטאאטען, אין דערזעלבער צייט, 15 פראצענט. דאס זענען געזעצליכע, בעקאנטע שיידונגען. אבער וויפיעל לעבען געשידען, כאטש נישט אויף א געזעצליכען אופן! און וויפיעל זענען אומגליקליך לעבענדיג צוזאמען, נישט קאנענדיג זיך שיידען! ביי זעהר פיעלע פאמיליען איז דאס פערהייראטע לעבען אן אונאונטערבראכענע מלחמה. דאס איז אויך דער פאל ביי א סך ראדיקאלען און מעהרסטענס דעריבער ווייל די מענער זענען דעספאטיש, ווייל זיי זענען נישט בעפרייט פון די פארור־טיילען וואס בעהערשען די מעהרסטע מענשען. זיי האבען געביטען די אויסערליכע פארם פון דער הייראט, אבער זייער פאמיליען־לעבען איז דאסזעלבע ווי ביי אנדערע, איז אונפערענדערט. פערשטעהט זיך, עס זענען דא גליקליכע אויסנאהמען.

צווישען די **אורזאכען פאר גט׳ען** זיך קאנען אויך אויסגערעכענט ווערען: צו פיעלע קינדער; קיינע קינדער; געשלעכטס־קראנקהייטען; צו גרויסע אונטערשידען פון די יאהרען; ארעמקייט; שלעכטע געוואוינהייטען, ווי טרינקען און

אזוי ווייטער; אונטרייהייט צום מאַן אָדער צו דער פרוי; אָפט ווייל מען האָט נישט די נויטיגע טאַקטיק זיך צו ליעבען; פערנאכלעסיגען זיין שותף געשלעכטליך אָדער פערקעהרט, זוכען צו האָבען צו פיעל פערקעהר; אָבער מעהרסטענס ווייל מען שטעלט זיך ניט צופרידען געשלעכטליך אָדער מען פאַסט זיך ניט צו געשלעכטליך.

ווען די סעקסואַלע הארמאָניע איז פאַראַן, פערצייהט מען זיך לייכט די געגענזייטיגע פעהלער; אָבער ווען דיזע הארמאָניע פעהלט, קאָן דער קלענסטער פעהלער ווערען א תירוץ פאַר א קריגעריי אָדער פאַר א שיידונג.

די וויסענשאפט פון ליעבע איז נאָך ניט געשריבען געוואָרען, אָבער זי קאָן געמאָלט זיין, זי איז מעגליך; זי העננט אָב פון יעדען איינעמ'ס שכל. די הויפט זאַך איז, נישט לייכט אוועקלאָזען וואָס מען האָט ערוואָרבען; אויב מען ליעבט און מען ווערט געליעבט, אַלעס טון וואָס קאָן אויפהאַלטען דיזע ליעבע. ניט פערגעסען אז א וואָרט, א קליינינקייט קאָן זיין וויכטיג. אין אַלגעמיין קאָן מען זאָגען אז א געזונטע, פערנינפטיגע ליעבע פון רייפע מענשען איז פערזיכערט קעגען פייער און וואַסער.

די בעסטע עצה וואָס מען וואָלט געקאָנט געבען פערהייראַטע מענשען איז, זיך ניט צו פערנאַכלעסיגען איינס דאָס אַנדערע און צו זיין דאָס גאַנצע לעבען ליעבהאָבער, אזוי ווי זיי זענען געווען פאַר דער הייראַט.

דאָס אידעאַלע פאַמיליען־לעבען איז דאָרט וואו ס'איז געווען א פרייע אויסוואַהל, וואו ביידע טיילען זענען פריי צו טון וואָס זיי ווילען, וואו די פרוי איז ניט איהר מאַן'ס אייגענטום. ביז צו א געוויסען גראַד העננט אונזער גליק אין פאַמיליען לעבען אָב פון אונז: אפילו די שקלאַפעריי וואָס אונטערוואַרפט אונז צום געזעץ און צו דער עפענטליכער מיינונג, וועט נישט אריינדרינגען אין אונזער אינטימען לעבען, אויב מיר ווילען עס ניט דערלאָזען.

רעאַקציאָנערען זאָגען אז די פאַמיליע איז די גרונדלאַגע פון דער געזעלשאַפט. אָבער בעטראַכטענדיג דעם צושטאַנד פון די מעהרסטע פאַמיליען, אין אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט, קאָנען מיר זאָגען אז דיזע גרונדלאַגע איז פערפוילט, אזוי ווי די גאַנצע

געזעלשאַפט. אין דער היינטיגער דורכשניטליכער פאַמיליע זענען בעהאַלטען: די פאַלשע מאָראַל, די היפּאָקריזיע, דער ליגען, די פערהייראַטע פּראָסטיטוציע, די אונטערדריקונג פון דער פרוי, די אונטערדריקונג פון די קינדער. און די *אמת'ע פּראָסטיטוציע*, וועלכע מען רופט אָן אַ נויטיג איבעל, *איז אַ שטיצע פון דער פאַמיליע*. דאָס אַלעס איז פער־דעקט פון'ם געזעץ. און אויב די פּאָרטגעשריטענע מענשען, די רעוואָלוציאָנערען, ווערען בעשולדיגט אין וועלען צושטערען אָט די פאַמיליע, — איז דאָס אַ גרויסער כבוד פאַר די רעוואָלוציאָנערען.

## פּאָליגאַמיע אָדער מאָנאָגאַמיע?

זענען די מענשען פון אונזערע ציוויליזירטע געגענדען מעהר גענייגט צו *פּאָליגאַמיע* און *פּאָליאַנדריע* אָדער מעהר צו *מאָנאָגאַמיע* און *מאָנאַנדריע*? מעגליך אַז מאַנכע זענען מעהר גענייגט צו פּאָליגאַמיע און פּאָלי־אַנדריע; אָבער ס'איז שווער דאָס צו וויסען, ווייל דאָס געשלעכטס־לעבען אין אונזער געזעלשאַפט איז אַזוי אונריכטיג און אוננאַ־טירליך. מיר שיינט אַז די גרעסטע צאָהל מענשען זענען מעהר גענייגט צו מאָנאָגאַמיע, אָבער דער אמת וואָלט זיך אַרויסגעצייגט אונטער אַ צושטאַנד וואו מאַן און פרוי וואָלטען געווען *פריי* זיך אויסצוקלויבען און זיך צו שיידען נאָך זייער געשמאַק. ביי פיעלע חיות איז פאַראַן אַ שטרענגע מאָנאָגאַמיע און מאָנאַנדריע. יעדענפאַלס וואָלט עס, ניט נאָר איצט, נאָר אפילו אונטער בעסערע בעדינגונגען ווי די היינטיגע, געווען ניצליכער און בעקוועמער צו לעבען מאָנאָגאַמיש ווי פּאָליגאַמיש. (דיזע ווערטער קומען פון גריכישען: פּאָליגאַמיע — אַ סך פרויען, פּאָליאַנדריע — אַ סך מענער, מאָנאָגאַמיע — איין פרוי, מאָנאַנדריע — איין מאַן.)

## עוגעניק אָדער יודזשעניקס.

אין די לעצטע יאָהרען געהט אָן אין פערשידענע ערטער אַ בעוועגונג צונויף צו פאָרען פרויען און מענער אויף אַזאַ'ן אופן אַז פון זיי זאָלען אַרויסקומען וואָס בעסערע, פיינערע קינדער און אַזוי וואָס מעהר צו פערבעסערען די קינפטיגע דורות. די עקס־

פערטען אין דער ערציהונג פון חיות האָבען שוין פון לאַנג אָנגעווענדט מיטלען כדי אַרויסצוקריגען מינים וואָס זאָלען האָבען די העכסטע פיזישע אייגענשאַפטען וואָס זענען נאָר מעגליך געווען. דער יעניגער וואָס האָט געלעגט די גרונדלאַגע פון דער נאָך ניט פאָלקאָם ענטוויקעלטער עוגענישער וויסענשאַפט, פון דער וויסענשאַפט וואָס זוכט די געזעצען און די איינפלוסען דורך וועלכע די מענשליכע ראַסע זאָל זיך פערבעסערען פיזיש, איז געווען דער ענגלענדער פרענסיס גאַלטאָן. אין אַמעריקא פערשפרייטען די עוגעניסטען די אידעע אַז נאָר אַזעלכע פאָרלעך זאָלען חתונה האָבען וואָס האָבען אין זיך אַלע עוגענישע פאָדערונגען כדי אַרויסצוברענגען די מעגליכסט בעסטע, די אויסגעצייכענטסטע קינדער. עס איז שווער אַז זייערע אידעען זאָלען פון אַ גרויסער צאָהל אָנגענומען ווערען, ווייל די מעהרסטע מענשען זענען דערצו ניט געוואָיהנט און אַזעלכע הייראַטען קוקען אויס פאַר זיי צו טרוקען, צו אויסגערעכנט. אָבער אין דער אמת׳ן זענען דיזע הייראַטען ניט ווייניגער מעגליך ווי די וואָס ווערען געמאַכט דורך די פראָזאַאישסטע געלד אויסרעכענונגען. יעדענפאַלס, איינס איז זיכער, — אַז די הייראַטען צווישען קראַנקע אָדער קרענקליכע מענשען, אויף אַ ווילדען שטייגער, אָהן קיין שום פערנינפטיג פאָרערזעהן פון די מעגליכע פאָלגען, קאָנען נאָר ברענגען שלעכטע פירות. ליעבע איז טאַקע אַ גוטער, נויטיגער שטאַנדפונקט פאַר אַ הייראַט; אָבער ליעבע אַליין איז פונקט אַזוי שעדליך ווי דאָס אַנדערע עקסטרעם, וויסענשאַפטליכע בערעכנונג אַליין.

אויב די עוגעניק איז נאָך ניט ענטוויקעלט איז עס דורך דעם וואָס די פאַקטען אויף וועלכע זי קאָן זיך שטיצען זענען נאָך ניט גרינדליך אויסשטודירט געוואָרען. צום ביישפיעל, עס פעהלען די נויטיגע סטאַטיסטיקען, אָדער זיי זענען ניט גענוג אויסגעאַרבייט, די הערעדיטעטס־געזעצען (די נאַטירליכע געזעצען פון דער ירושה פון די מעלות און חסרונות) זענען נאָך אונבעקאַנט. אמת, זינט מען האָט אַנערקענט די פונדאַמענטאַלע הערעדיטעטס כללים, וואָס דער מאָנאַך מענדעל האָט ענטדעקט, האָט די עוגעניק געמאַכט אַ געוויסען פאָרטשריט;

אָבער זי קאָן נאָך ניט געבען די נויטיגע ענטפערס אויף די פראַגען וואָס זי האָט זיך געשטעלט.

דאָס בעסטע מיטעל וואָס פיהרט אונז צו אַ פערבעסערונג פון דעם מענשליכען מין און קאָן אפשר האָבען דיזעלבע ווירקונג ווי די עוגענישע מאַסרעגלען, איז די בעשרענקונג פון דער צאָהל קינדער, די ג ע ב ו ר ט   ב ע ש ר ע נ ק ו נ ג. דאָס איז אפילו אין פאַל פון נאָרמאַלע עלטערען, אָבער נאָך מעהר ווען די עלטערען זענען קערפערליך אָדער גייסטיג ניט נאָרמאַל.

## „פריהלינגס ערוואַכען“

### ביים מיידעל.

ווען דאָס מיידעלע געהט נאָך אין אַ קורץ קליידעל און האָט נאָך אין זין איהרע קינדערישע שפּיעלען, אין אַלטער פון 13 ביז 15 יאָהר, קומט פאָר אין איהר אַן ענדערונג וועלכע איז פאַר דעם אונערפאַהרענעם מענשען נאָר זעלטען צו דערקענען פון דרויסען. עס איז אַ פערענדערונג אין כאַראַקטער, אין דער אויפפאַסונגס־קראַפט, אין איהרע בעציהונגען צו דער אַרומיגער וועלט און צו זיך אַליין. זי פערשטעהט זיך אָפטמאָל נישט אַליין און זי ווייסט נישט ווי אַזוי איהר נעהנטערע געזעלשאַפט צו פערשטעהן. עפּיס הויבט זיך אָן ביי איהר אַן אונבעשטימט חלום'ען, זי זעהנט זיך נאָך עפּיס איהר אונבעקאַנטעס; דאָס איז דער מאָראַלישער טייל פון דער ענטפאַלטונג פון דער מענשליכער בלום. דיזע מאָראַלישע אומבייטונג אין דער וואונדערבאַר דעליקאַטער מיידעלשער קנאָספּע האָט געוועהנליך נישט די שלעכטע פאָלגען וואָס זי וואָלט געקאָנט האָבען, ווייל די שפּיעלערישע, נאַאיווע נאַטור פון דעם קינד וואָס בלייבט נאָך פאַר אַ שטיק צייט אין איהר, שוואַכט אָב און קאָריגירט דאָס נייע דרענגען און בענקען פון דעם אָנקומענדיגען פרויען־געפיהל און מוטער־געפיהל. עס איז אמת אַז די ענטוויקלונג איז נישט געווען אַ פּלעצליכע; עס איז אמת אַז זי האָט זיך אָנגעהויבען אין וויגעלע, אַז זי האָט געפונען אַן אויסדרוק אין דער גאַנצער צייט פון די ערשטע צעהן־צוועלף יאָהר פון דעם קינד'ס לעבען, אַז זי האָט זיך אַריין געמישט אין אַלע איהרע שפּיעלען; עס איז אמת,

אז די צאַרטע און זאָרגפאַלטיגע מוטערשאַפט פאַר דער פופע איז געווען אַ נויטיגער אָנפאַנג פאַר איהר שפּעטערער, נאַטירליכער, רייכער, אמת׳ער מוטערשאַפט. אָבער איצט, אין די ענטפאַלטונגס־יאָהרען, אין דער צייט פון דער גרויסאַרטיגער געשלעכטליכער אויפוועקונג, זענען די גייסטיגע פערענדערונגען שנעלער ווי פריהער, כאָטש נישט קלאָרער, כאָטש זיי זענען זאָגאַר נאָך פערווירענדער, נאָך אונפערשטענדליכער ווי פריהער. און איצט, ווען דאָס מיידעל שטעהט אויף דער שוועל פון איהר פרויענשאַפט און מוטערשאַפט, ערוואַרטען זי, אין אונזער נידריגער, שמוציגער, קאָרופּטער, ציוויליזירטער וועלט, אַלערליי געפאַהרען, אויב מען פיהרט זי נישט מיט גרויסער פאָרזיכט, צערטליכקייט און ליעבשאַפט, אַריבער די אונזיכערע סטעזשקע. די געפאַהר וועט אָבער זיין אַ פיעל קלענערע, די אויפגאַבע אַ פיעל לייכטערע, אויב מען האָט זיך צוגעהערט צום מיידעלע פון *אָנפאַנג אָן*, פון דער צייט ווען זי האָט געהאַט גענוג שכל צו *שטעלען פראַגען* און *אויב מען האָט איהר זיי אמת און אויפריכטיג פערענטפערט*.

און אויב דער מאָראַליש־גייסטיגער טייל פון דער פרויען־ענטוויקלונג איז אָפט אונבעקאַנט אָדער אַ רעטעניש אי פאַר דעם קינד אי פאַר די עלטערען, זענען אָבער די קערפּערליכע אומענדערונגען אַזוי זיכטבאַר אַז זיי קאָנען נישט בלייבען אונבעמערקט. נאַטירליך, ביי די זעלטענע טאַטע־מאַמעס וואָס פערשטעהן די ראַציאָנאַלע, שכל׳דיגע קינדער־ערציהונג, קומט דיזער קערפּערליכער וועקסעל נישט אונערוואַרטעט ביים קינד. דאָס מיידעלע איז ביסלעכווייז, לאַנגזאַם פּאָרבערייט געוואָרען צו דער גרויסער ראָלע וואָס זי דאַרף שפּיעלען און זי ווייסט איהרע אויפגאַבען און פליכטען; און אַזוי ווייסט זי אויך ביז אין דער צייט אַלע ערשיינונגען וואָס דאַרפען זיך צייגען אין איהר קערפּער. נאָר ליידער זענען אַזעלכע גוטע ערציהונגען זעלטענהייטען און דערפאַר זענען די ערשטע „שאַמהאָר“, די בעדייטונג פון דעם אויפבליהען פון די יונגע שטאָלצע בריסט און די בעדייטונג פון דער מענסטרואַציע מעהרסטענס פרעמד דעם מיידעלע, אָדער זייער זין איז, דורך געהיימע, ליגנערישע, אונריינע לעהרען פון אונוויסענדע חבר׳טעס, פערצויגען און פערפלעקט

געוואָרען. עס איז וויכטיג, אויב עס איז ניט צו שפּעט, אַז די ערקלערונג זאָל וועניגסטענס איצט אָפּען און פריי געגעבען ווערען. און דערצו איז די בעסטע פּערזאָן די מאַמע אַליין אָדער אַן אַנדערע פרוי, אַן אויפגעקלערטע, קלוגע, וויסענדיגע פרוי. עס פערשטעהט זיך אַז דאָרט וואו עס האָט זיך נישט געפונען קיין מאַמע, קיין טאַטע, קיין פריינדין, קיין לעהרערין וואָס זאָלען האָבען אויפגעקלערט דאָס מיידעל, דאָרט וואו איהר געשלעכטליכע ערציהונג איז פערנאַכלעסיגט געוואָרען, וואָלט געקאָנט אַן עהרליכער, גרויסמוטיגער, טאַקטפולער, אינטעליגענטער דאָקטאָר (אָדער אַ דאָקטאָרין) זיין דער לעהרער און עס וואָלט אפשר גוט געוועזן ווען אַזאַ מנהג וואָלט זיך איינגעפיהרט אַזוי גוט פאַר מיידלעך ווי פאַר אינגלעך.

## ביים אינגעל.

דאָס אינגעל נויטיגט זיך אפשר נאָך מעהר אין אַ פיהרער און לעהרער אין געשלעכטס־לעבען ווי דאָס מיידעל, ווייל ער איז מעהר אויסגעזעצט די וועלטליכע רייצונגען און איז, דורך זיין געשלעכט, פרייער ווי דאָס מיידעל. די גרעסטע פרייהייט אַן און פאַר זיך שאַדט איהם ניט, אָבער זיין אונערפאַהרענהייט, זיין אונוויסענהייט קאָמבינירט מיט דער דאָזיגער פרייהייט איז פאַר איהם געפעהרליך. אייגענטליך וואָלט דאָס אינגעל, גראָד אַזוי ווי דאָס מיידעל, ווי איך האָב עס שוין פריהער ערקלערט, געדאַרפט קריגען אַ שטופענווייזע, גראַדואַלע, נאַטירליכע סעקסואַלע ערציהונג, אַ צוגרייטונג, אָנגעפאַנגען פון דער צייט ווען זיין שכל הויבט זיך אָן צו ענטוויקלען, אַזוי אַז עס זאָלען ניט זיין קיין שוועריגקייטען ווען ער הויבט אָן ווערען רייף. אָבער אַזוי ווי דאָס געשעהט זעלטען, וואָלט אַ רייהע ערנסטע לעקציעס געהאַט אַ זעהר גוטען איינפלוס.

די סעקסואַלע ענטוויקלונג ביים יונגען מאַן איז, אין איהרע אויסערליכע סמנים, קאָמפּליצירטער ווי ביים מיידעל. די ערעקציעס, די לייכטע אויספלוסען פון דעם איבערפלוס פון שליים ביי אויפרעגונגען און שפּעטער די פּאָלוציעס פון זאַמען, די געשלעכטליכע חלומות שרעקען דאָס אינגעל איבער און געבען איהם אַריין דעם געדאַנק אַז ער איז קראַנק. דאָס אונבעשטימטע, מיסטעריעזע ווינשען נאָך עפּיס אונבעקאַנטעס, דאָס אונוויליגע רויט ווערען

ביי דער בעריהרונג פון אַ פרוי, די גאַנצע אונבעהאָלפענקייט אין דער געגענוואַרט פון דעם ווייבליכען געשלעכט, ערשטוינט און בעונרו־היגט דאָס אינגעל. די שטילערע און קלוגערע אינגלעך ווערען אין דער פּעריאָדע אַרומגענומען פון אַ גרענצלויזע בענקעניש, פון אַ טרויריגקייט, פון אַ פּעסימיזם וואָס אומאַרמט די גאַנצע מענשהייט, די גאַנצע נאַטור, די גאַנצע וועלט. ווען זיי זענען אַביסעל עלטער, זענען זיי אָפטמאָל אַזוי אויפגערעגט אַז פאַר דעם ערפאַהרענעם מענשען זעהן זיי אויס ווי אַ פּאַס פּולווער וואָס וועט עקספּלאָדירען דורך אַ פונק פייער. און דאָס געשעהט טאַקע, אין אַ געוויסען זין. זיי גלויבען זיך פערליעבט אין יעדען מיידעל וואָס רעגט זיי אויף און פיהלען זיך העכסט אומגליקליך אויב זיי קאָנען ניט דער־גרייכען זייער ציעל, זי צו בעזיצען.

און אין די שוועריגקייטען געפינט זיך דאָס אינגעל מעהר־סטענס אליין, הילפלויז, אָהן אַן עלטערען, פערשטענדיגען פריינד, וועמען ער זאָל זיך קאָנען אויסגיסען זיין האַרץ און וועלכער זאָל זיין זיין לייכט־שטערן. אַרום איהם זענען בלויז פאַראַן: די אונ־פריינדליכע עלטערען פאַר וועמען ער איז, דורך זיין ערציהונג, געוואָיהנט געוואָרען, מורא צו האָבען אָדער זיך צו שעמען; די עלטערע, ציניש און אָפט אונפערשעמטע חברים, וואָס רעגען איהם מעהר אויף און טרייבען איהם צו פּראָסטיטואירטע; די אַנאָנסען פון די שווינדעל דאָקטוירים וואָס דערשרעקען און פערצווייפלען איהם; און אַ וועלט פון פרויען וואָס צינדען איהם שטענדיג אָן און, צווישען זיי, די פּראָסטיטואירטע, וואָס ווינקט און רופט און וואַרט מיט איהר גאָנאָרעע און סיפּילים אויף דעם יונגען צאַ־פּעלדיגען, אונשולדיגען, אונענטוויקעלטען קערפּעריל.

## די מענסטרואַציע.

די מענסטרואַציע (דאָס מאָנאַטליכע, די רעגעל, די פּעריאָדע) איז אַ בלוטונג וועלכע קומט פון דער געבערמוטער און ווידערהאָלט זיך מעהר אָדער ווייניגער רעגעלמעסיג, כמעט אַלע 28 טעג, אָנ־האַלטענדיג דריי ביז אַכט טעג. זי הויבט זיך אָן אין פערשידענע אַלטערס, נאָך דעם קלימאַט, נאָך דער געגענד, נאָך דער ראַסע, ד. ה. נאָך דעם מין מענשען. אין אונזערע געגענדען פאַנגט זי

געוועהנליך אָן ארום דעם אַלטער פון 15 יאָהר, זעהר אָפט צווישען 13 און 16 יאָהר, זעלטען פריהער אָדער שפּעטער. זי הערט אויף צווישען 40 און 50 יאָהר, זעלטען פריהער ווי 40, נאָך זעלטענער שפּעטער ווי 50 יאָהר. אין אַלגעמיין קאָן מען זאָגען אז זי הערט אויף פריהער אויב זי האָט זיך שפּעטער אָנגעהויבען און ענידגט זיך שפּעטער אויב זי האָט פריהער אָנגעפאַנגען.

וואָס אַנבעלאַנגט די רעגעלמעסיגקייט פון דער בלוטונג, איז זי זעלטען אַ פּאָלקאָמענע. עס הייסט נאָך נאָרמאַל ווען די בלוטונג קומט מיט אַ פּאָר טעג פאַר דער געוועהנליכער צייט (זעל־טענער נאָך דער צייט). עס איז אויך נאָרמאַל ווען זי קומט רע־געלמעסיג איין מאָל אין דריי וואָכען. אין די ערשטע מאָנאַטען ווען די רעגעל הויבט זיך אָן, ביים יונגען מיידעל, טרעפט זיך אָפט אַז זי זאָל זיין גאַנץ אונרעגעלמעסיג, און דאָך בעדייט דאָס קיין שום קראַנקהייט. — די מענסטרואַציע אַזי אויך אונרעגעלמעסיג אין די לעצטע מאָנאַטען אָדער זאָגאַר יאָהרען פון איהר עקזיסטענץ, ד. ה. פאַר איהר אויפהערען. אין דיזער צייט געהט די פרוי מעהר־סטענס דורך אַ קריטישער פעריאָדע פון'ם לעבען און זי ליידט אָפט, כאָטש זי האָט נישט קיין ווירקליכע קראַנקהייט. די פעריאָדע פון דעם פרויען־לעבען אין וועלכער זי האָט ניט מעהר די רעגעל הייסט קלימאַקטעריום.

די קוואַנטיטעט בלוט וויפיעל עס דאַרף נאָרמאַל קומען מיט דער מענסטרואַציע איז נאַטירליך ניט בעשטימט. אָבער יעדע פרוי דערקענט וואָס הייסט אַבנאָרם צופיעל און אַבנאָרם צו ווייניג, בעזונדערס ווען זי פערגלייכט די בלוטונג מיט איהרע געוועהנליכע בלוטונגען, אָדער אויב זי פערגלייכט זיך מיט אַנדערע פרויען.

לייכטע אונאַנגענעהמע געפיהלען האָט כמעט יעדע פרוי. שמער־צען זענען ניט נאָרמאַל, כאָטש זיי קומען אָפט פאָר — בעזונ־דערס ביי אַרבייטער־מיידלעך; זיי זענען אַ סמן פון נישט נאָר־מאַלען, נישט היגיענישען לעבען, אָדער פון אַ קראַנקהייט, אָדער מעהרסטענס פון צו פיעל געשלעכטליכער אויפרעגונג.

די מענסטרואַציע בעדייט אַז די געבערמוטער איז רייף אויפ־צונעהמען די בעפרוכטונג און אַז דאָס מיידעל איז געוואָרען אַ

פרוי; זי בעדייט נישט תמיד אַז דאָס מיידעל איז רייף צו האָבען געשלעכטליכען פערקעהר, כאָטש אין זעהר אַ סך פאַלען וואָלט זי שוין אין די ערשטע צייט פון איהר רייף־ווערען געקאָנט שוואַנגער זיין. איהרע געשלעכטליכע אָרגאַנען זענען כמעט קיין מאָל נישט גענוג ענטוויקעלט אין די ערשטע יאָהרען. אַ זעהר פריהע שוואַנגערשאַפט קאָן אַמאָל זיין זעהר געפעהרליך פאַר דער יונגער מאַמען, ווייל די ענטבינדונג קאָן אין איהרע יאָהרען נאָר זעלטען זיין נאָרמאַל. די פרוי איז, אין אונזערע געגענדען, רייף צו ווערען אַ מוטער מעהרסטענס ערשט אין אַלטער פון 20 יאָהר. ווען די רעגעל הערט אויף, ביי אונגעפעהר 45 יאָהר, הערט אויך אויף די פעהיגקייט פון דער פרוי צו טראָגען און האָבען קינדער. פון דעם קאָנט איהר אַליין נעבענביי זעהן און אויסרעכענען ווי פיעלע קינדער אַ פרוי וואָלט געקאָנט האָבען ווען זי טוט גאָר נישט געגען שוואַנגערשאַפט!

אינטערעסאַנט איז אַז אַ קורצע צייט פאַר יעדער רעגעל שטייגט אַרויף די ענערגיע פון אַלע אָרגאַנען פון דער פרוי, דאָס הייסט אַז אַלעס אַרבייט דאַן שטאַרקער ווי געוועהנליך ביי איהר, (טעמפעראַטור, פולס, מוסקעל־קראַפט, אָטמונג, עטצ.), און אַז דיזעלבע ענערגיע ווערט אָבגעשוואַכט מיט דעם אָנפאַנג פון דער מענסטרואַציע.

אייגענטליך איז די רעגעל אַ נאָרמאַלע פונקציע פון דעם קערפער און מען וואָלט נישט געדאַרפט לעבען אַנדערש אין דער צייט פון דער בלוטונג ווי אין אַן אַנדערער צייט. אָבער אַזוי ווי אין אַנדערע פונקציען פון קערפער בעגעהן מיר פעהלער, אַזוי אויך אין דיזער. און אַ חוץ דעם שפיעלט גראָד ביי דער מענסטרואַציע אונזער סאָציאַלע לאַגע אַ זעהר גרויסע ראָלע און מען איז אָפט נישט אַליין שולדיג אין די פעהלער וואָס ווערען בעגאַנגען געגען קערפער, נאָר די געזעלשאַפט איז אָפט שולדיג.

די רעגעל וואָלט תמיד געווען פאָלשטענדיג נאָרמאַל ווען מיידלעך וואָלטען געקריגען אַ ריכטיגע, סאָלידע, אָפענע געשלעכטליכע ערציהונג; ווען זיי וואָלטען געוואָיהנט געווען פון קליינערהייט אָן צו געהן אין שול אין איינעם מיט אינגלעך און זיך געשפיעלט צוזאַמען מיט זיי, כדי זיי זאָלען נישט אַזוי אויפגערעגט זיין ווען

זיי קומען שפּעטער אין בעריהרונג מיט יונגע לייט; ווען זיי וואָלטען זיך נישט תמיד אויפגערעגט געשלעכטליך אין דער צייט ווען אַ סעקסואַלער פערקעהר איז זיי נישט מעגליך; (אַ זעהר גרויסער טייל פון די **שמערצען** וואָס די מיידלעך לײדען **ביי דער רעגעל** אָדער אין אַנדערע צייטען איז צו פערדאַנקען אַזעלכע, קינסטליכע, נישט צופרידענגעשטעלטע אויפרעגונגען) ווען זיי וואָלטען געלעבט אין אַלגעמיין היגיעניש, געניסענדיג גוטע לופט, גוטע שפּייזען, נויטיגע רוה, נויטיגע בעוועגונג, לויפען, שפּיעלען; ווען זיי וואָלטען נישט געאַרבייט אין די ווערקשטאַטען און פאַבריקען אַזוי פיעלע שטונדען אין טאָג אונטער שלעכטע אומשטענדען, אין דער צייט ווען זייער קערפּער האַלט זיך אין ענטוויקלען; ווען זיי וואָלטען געהייראַט צו דער ריכטיגער צייט. מיידלעך! היט אָב פון דעם וואָס איהר קאָנט אָבהיטען!

די הויפּט־געזעצען אין דער צייט פון דער מענסטרואַציע זענען: **ריינקייט און רוה**. פאָלגט נישט די פערשימעלטע רעליגיעזע געזעצען! האַלט זיך ריין! מעהרערע מאָל אין טאָג דאַרפט איהר זיך רייניגען די געשלעכטס־טיילען מיט לעבליך וואַסער. ווי אַזוי איהר דאַרפט זיך פערבינדען וועט איהר אַליין לייכט אויסגעפינען. אויך די וועש דאַרף אַזוי אָפט געוועקסעלט ווערען וויפיעל ס'איז נויטיג כדי זי זאָל די גאַנצע צייט זיין ריין. ביי נאָרמאַלע פרויען זענען לעבליכע בעדער גאָר ניט שעדליך. איהר קאָנט מאַכען אַ פערזוך; אויב איהר פיהלט זיך נישט שלעכטער דורך זיי, מעגט איהר זיי תמיד מאַכען. נאָרמאַלע פרויען דאַרפען נישט קיין בעזונדערע רוה **אין דער צייט פון דער מענסטרואַציע**; אָבער אין אַלגעמיין און אונטער אונזערע געוועהנליכע אומשטענדען, וועט עס גוט זיין צו פערמיידען לויפען, צו פיעל געהן, שפּרינגען, טאַנצען, זיך גליטשען אויף דעם אייז, אויף אַ בייסיקעל (צוויי־ראָד) פאָהרען, רייטען, עטצ. — **וויכטיג איז, מען זאָל זעהן צו האָבען ריכטיגען שטולגאַנג**. — עס פערשטעהט זיך אַז מען דאַרף ניט האָבען קיין פערקעהר אין דער צייט פון דער מענסטרואַציע.

## צו פריהע סעקסואַלע בעדערפנישען.

אונטער אידעאַלע נאָרמאַלע בעדינגונגען וואָלט א מיידעל אָדער א אינגעל ניט געהאַט קיין געשלעכטליכע לוסט אַזוי פריה ווי ס'איז דער פאַל אונטער אונזערע אומשטענדען. היינט ווערט דאָס בעדערפניש אַרויסגערופען קינסטליך דורך אַלע אויפרעגונגען וואָס דאָס לעבען צווינגט אויף זיי אַרויף אָדער צו וועלכע זיי זעצען זיך אַליין אויס. צו דעם העלפט אויך די ליגנערישע, אונעהרליכע, אוננאַטירליכע, אונריכטיגע געשלעכטליכע ערציהונג, די נייגעריגקייט וואָס קומט פון אַזאַ ערציהונג און דאָס אָבגעטיילטע לעבען צווישען די מענליכע און ווייבליכע קינדער. ס'איז זיכער אַז די עלטערען טראָגען אַ גרויסע שולד אין דיזער צו פריהער קינסטליכער דערוועקונג פון'ם געשלעכטליכען בעדערפניש. ווייסען מיר דאָך אַז, א חוץ די אויבען דערמאָנטע זינד פון די עלטערען קעגען זייערע קינדער, שיקען די מאַמעס זייערע מיידלעך אויף דער יאַגד נאָך אַ מאַן וואו זיי קאָנען נאָר, אָפט אין די טאַנצשולען. און די אויפרעגונג צו וועלכע מען זעצט זיך דאָרט אויס איז אונבעשרייבליך; דען דאָס טאַנצען אין יענע ערטער איז ניט דער קונסט־טאַנץ פון די... אַמאָליגע גריכען, מיט דעם צוועק צו ענטוויקלען שענקייט, געזונד און האַרמאָניע. אין געגענטייל!

## אַן אונאַנגענעהמע איבעראַשונג.

אונוויסענדע מיידלעך דענקען אַז זיי קאָנען זיך „אַמוזירען“ מיט זייערע מענליכע פריינד, לאָזענדיג זייערע געשלעכטס־טיילען זיך בעריהרען און אַז דאָס קאָן ניט האָבען קיין שום פאָלגען. זעהר אָפט געשעהט עס אַז דורך אַזאַ „שפּיעלען־זיך“ ווערט דאָס מיידעל (מאַנכמאָל זעהר יונג) שוואַנגער. „ווי אַזוי קאָן דאָס זיין?“ וואונדערט זיך און צואווינט זיך דאָס מיידעל ווען מען ערקלערט איהר דעם צושטאַנד. „מיר האָבען דאָך גאָר ניט געטון; ס'איז דאָך נאָר געווען דרויסען!“ — ערשטענס ווייסט איהר ניט אויב ס'איז נאָר געווען דרויסען... „איך בין דאָך ניט — — געוואָרען אַ פרוי!“

— פון וואנען ווייסט איהר דאָס ? — „איך האָב דאָך ניט געזעהן קיין בלוט". — דאָס איז טאקע א סמן, אָבער נ י ש ט ת מ י ד, ווייל דאָס ה י מ ע ן איז אָפט פון זיך זעלבסט געגוג אָפען זיך ניט צו צערייסען. אָבער א חוץ דעם, אפילו ווען דאָס גליד איז ניט אריין אינעווועניג, קאָן א מיידעל שוואנגער ווערען. — „ווי אזוי ? דאָס אָרט איז דאָך פערמאכט !" — ס'איז פערמאכט ? ווי אזוי האָט איהר דען די מאָגאטליכע בלוטונג ? אויב דאָס בלוט קאָן ארויס־קומען, קאָן דער זאמען אָדער א טייל דערפון אריין. און ס'איז געגוג ווען פון דעם ארום דער וואולווא אויסגעגאָסענעם ספּערמא געהט אריין א זעהר קליינער, מינימאַלער טייל, אז איהר זאָלט שוואנגער ווערען. דאָס צו וויסען, געהערט, צוזאמען מיט אַלעמען וואָס שטעהט אין דיזען בוך, צו דער ערציהונג וואָס אייער מאמע האָט אייך געדארפט געבען און וואָס אייער פריינד האָט אויך גע־דארפט קריגען. דאָס וואָלט אייך איינגעשפּאָרט אַן אונאנגענעהמע איבעראשונג.

## דער איבערגאַנג.

ער איז 18 יאָהר אַלט. ער באַגעגענט זיך מיט חברים פון דעמזעלבען אָדער א העכערען אַלטער פון איהם. זיי שמועסען נאָר פון פרויען. זיי זענען תמיד אין א צושטאנד פון אויפרעגונג. זייער פאָרשטעלונג, זייענדיג געררייצט, ווערט אָנגעצונדען, און ברעננט זיי פאָר די בילדער וואָס זיי ווינשען צו זעהן. זייערע וויצען און שפּאסען זענען פול מיט דעם פרויען־קערפּער. די מעהרסטע פון זיי האָבען שוין „ערפאהרונג" ; זיי רעדען מיט „קענט־ניס" ; זיי פיינען זיך זאָגאר אויס אז זיי האָבען שוין געהאט זייער פעקעל קראנקהייטען און זיי לאַכען זיך אויס פון דעם „קינד", דעם איינציגען אינגעל צווישען זיי וואָס ווייסט נאָך זעהר וועניג וועגען דער פראגע. אנדערע האָבען אויך ניט קיין ערפאהרונג, נאָר זיי שעמען זיך דאָס אויסצוזאָגען און זיי שטימען איין אין קאָר פון אויסלאַכען דעם איינציגען אויסגעשפּראָכען אונערפאהרענען.

ער לעזט די ליגנערישע ביכלעך וואָס ווערען פערשפּרייט צו מאכען רעקלאמע געוויסע נידריגע שווינדלערס וואָס האָבען ליידער געזעצליך דעם טיטעל „דאָקטאָר". דאָרט זעהט ער זיינע עטליכע

אונשולדיגע, כמעט קינדערישע סודות אויף אזא'ן אופן בעשריבען, אז ער ווערט איבערצייגט דאָס ער איז א זינדיגער מענש מיט שווערע פערברעכענס אויף זיין געוויסען, כאָטש דאָס הויבט זיך אפילו ניט אָן. און ער לערענט פון דיזער שמוץ־ליטעראַטור אז די איינציגע הילף, די איינציגע רעטונג פאַר איהם איז צו געהן צו פּראָסטיטואירטע. די חברים, גאַנץ יונגע בחורים, דערצעהלען איהם דאָך אויך אז ווען זיי בעקלאָגען זיך פאַר א דאָקטאָר איבער זייערע ליידען, הייסט ער זיי געהן צו פּראָסטיטואירטע, אזוי ווי ווען ער וואָלט געוועזען אַן אגענט פון די באָרדעל־הייזלעך. אָדער איז יענער דאָקטאָר גאָר אפשר זיין אייגענער אגענט, וויסענדיג אז ווען די יונגע לייט וועלען פאַלען א קרבן פון אַן אָנשטעקענדיגער קראַנקהייט, וועלען זיי קומען צון איהם זיך היילען? ווי אזוי די מעשה איז, די אַלע און נאָך אַנדערע, פיעלע אומשטענדען, טרייבען דאָס 18־יעהריגע איינגעל אריין אין דעם גיהנום פון פּראָסטיטוציע, אין דער עפענטליכער קלאָאַקע, וואָס פערסם'ט און פערפעסטעט דאָס לעבען פון טויזענדער.

און ער געהט. ניט קיין לוסט, ניט קיין בעדערפניש פיהרט איהם אהין; ער דענקט אז ס'איז זיין פליכט צו געהן. ער מוז ווערען „א מאַן". ער איז צוטומעלט, פערווירט, זיין קאָפּ ברענט איהם, דאָס האַרץ קלאַפּט שטאַרק, ער ציטערט, ער גיט זיך ניט די מינדסטע רעכענשאַפט וואָס ער טוט. די ערפאַהרענע פּראָסטיטואירטע בעטראַכט איהם מיט א חוזק'דיגען שמייכעל; ער הערט ניט איהרע ווערטער, ער ווייסט ניט וואָס ער האָט צו טון. ער ווערט רויט, פערלעגען, פערשעמט. ס'איז איהם טרוקען אין האַלז און ביטער אין מויל.

זי העלפט איהם; ער פיהלט א וויעדערווילען. עס ווילט זיך איהם ברעכען. און ער וואָלט וועלען וויינען, וויינען אין זיין מאַמע'ס שויס. נאָר ער מוז זיין א מאַן. און ער זעהט פאַר זיך אראָבהענגענדיגע בריסט, א צוקנייטשטען בויך, רויטע און בלויע סטענגעלעך, א מויל פול מיט געלע, ציניש לאַכענדיגע צייהן, — קנייטשען איבעראַל; און ער פיהלט דעם הויך פון א מיאוסען פאַרפום גערוך; דאָס אַלעס איז א בליץ־שנעל בילד, די פאַרבען מישען זיך צוזאַמען מיט די איינקאַרבונגען פון די קנייטשען און אין דעם

בילד, פּלוצלינג, פּאַר אַ קורצען אויגענבליק, שווימט ארויף אַ פּאָר־שטעלונג, די רויטע און פרישע באַקען פון דער שכנה'ס יונג מיידעל פון דאָרט, פון דער היים. ער גיט זיך אַ וויש איבער דעם שטערען און ווישט אַוועק דעם שרעקליכען קאָנטראַסט. שוויים, יאָ, ער דערפיהלט שוויים.

די פּראָסטיטוטקע העלפט איהם; עפּיס רעדט זי פון „גרין", פון „אונערפאַהרען" און זי טרייסט איהם.

נאָר ער פיהלט זיך מיד, דערשלאָגען; ער האָט גאָר ניט נע־קאָנט טון; ער ליגט ווי אַ בהמה אויף דעם בעט. און ווען ער דאַרף צאָהלען, ציטערען זיינע הענד און אַלעס טאַנצט אַרום איהם.

מיט אַ געפיהל פון טיעפסטען עקעל פערלאָזט ער דאָס אָרט; ער אַנטלויפט, און לויפט איבער די גאַסען, ניט וויסענדיג וואו־אַהין, ווי אַ שכור...

ער פערשפּרעכט זיך קיין מאָל מעהר ניט צו געהן; אָבער ער האַלט ניט זיין וואָרט.

**דאָס איז געוועזען דער איבערגאַנג, דער איבערגאַנג צו אַ לעבען פון שמוץ.**

דענקט איהר ניט, יונגע לייט, איבערהויפּט די גאַנץ יונגינקע, אַז ס'איז בעסער ניט צו ווערען „אַ מאַן" אויף אַזאַ'ן אופן? אַז ס'איז בעסער זיך צוריקצוהאַלטען פון פערקעהר, צו זיין אַבסטינענט?

## חתן־כלה.

זעהר אָפט קומט צום דאָקטאָר אַ מאַמע מיט איהר מיידעל זיך בעקלאָגענדיג אַז דאָס מיידעל איז ניט געזונד; זי ליידט פון קאָפּ־וועהטאָג, פון נערוואָזיטעט, פון בויך־שמערצען און פערשי־דענע אונבעשטימטע סימפּטאָמען, וואָס געהערען צו קיין שום קראַנק־הייט. ווען מען פרעגט אַביסעל גענויער אויס, געפינט מען אַז דאָס מיידעל איז אַ כלה און מען ערפאַהרט אויך אַז דאָס יונגע צו־קינפטיגע פּאָר־פאָלק זיצען אָב מעהרערע שטונדען צוזאַמען, „שפּיע־לען זיך" און רעגען זיך אויף. געשלעכטליכען פערקעהר האָבען זיי געוועהנליך ניט; זיי געהען ביז צו דער גרעניץ, אָבער ניט אַריבער. דאָס הייסט אַז ס'איז פאַראַן אַ סך אויפרייצונג, אָבער קיין צו־פרידען־שטעלונג. און דאָס איז און מוז זיין

ש ע ד ל י ך.ביידע ליידען דערפון, אי דער יונגער מאַן, אי דאָס יונגע מיידעל. די בעסטע עצה איז: אזוי לאַנג ווי איהר קאָנט ניט אָדער ווילט ניט האָבען קיין פערקעהר, פערמיידט די אויפ־רעגונג אזוי ווייט ווי מעגליך.

## טרוקענע און ברוטאַלע מענשען.

פאַראַן מענער וואָס האַלטען דעם פערקעהר פאַר א מין פליכט און נישט מעהר. זיי קומען צו זייער פרוי, האָבען פערקעהר און פאַרטיג. מעהרסטענס זענען אין אַזעלכע פאַלען די פרויען אונ־צופרידען אָדער זיי ליידען דערפון. דער געשלעכטס־פערקעהר איז נישט בלויז א פערקעהר פון די געשלעכטס־אָרגאַנען. דער גאַנצער קערפער און דער מוח נעהמט טייל, אָדער דאַרף טייל נעהמען דערין. די פרוי ליידט ניט, זי ענטפערט מיט אויפרעגונג צום מאַן׳ס אויפ־רעגונג, ו ו ע ן ע ר פ אָ ר ב ע ר ײ ט ז י, ווען ער צייגט איהר אַרויס אַלע סמנים פון ליעבע וואָס קאָנען ברענגען דעם וואונש צו האָבען פערקעהר. און איינע פון די אורזאַכען פאַר וואָס פרויען האָבען מאַנכמאַל שמערצען ביים פערקעהר, איז דער פאַקט וואָס זיי זענען ניט פאָרבערייט, וואָס די דריזען פון זייערע גע־שלעכטס־אָרגאַנען, ניט זייענדיג גערייצט, האָבען ניט געהאַט קיין צייט אַרויסצוגעבען די נויטגע שליימיגע פליסיגקייטען, וואָס ער־לייכטערען דעם פערקעהר; דער מאַנגעל פון דיזער ערלייכטערונג רופט אַרויס שמערץ. (דאָס בעדייט אָבער ניט אַז מען דאַרף זיך צו יעדער צייט, דאָס הייסט צו אָפט, אויפרעגען.)

אָבער זיין ברוטאַל איז אויך ניט גוט. זייט ניט ברוטאַל, זייט מילד. און פערגעסט ניט אַז מ ע ן ד אַ ר ף נ י ט ה אָ ב ע ן ק י י ן פ ע ר ק ע ה ר ו ו ע ן ב י י ד ע ש ו ת פ י ם ז ע נ ע ן נ י ט א ו י פ ג ע ר ע ג ט ד ע ר צ ו. א סך פרויען זענען שוין צו גרונד געגאַנגען דורך דער צו גרויסער ברוטאַליטעט פון מאַנכע מענער און דורך דער בלינדער שקלאַפישער אונטערוואַר־פונג פון די פרויען.

פרויען, זייט ניט קיין פראָסטיטואירטע פאַר אייער מאַן! איי־דער איהר געהט עראָבערן פּאָליטישע און ציווילע רעכטען אין

לאַנד און אין דער שטאָדט, עהאָבערט אייערע רעכטען אין שלאָפּ־צימער !..

## אונגלייכע סעקסואַלע ליידענשאַפטען.

אונגלייכע געשלעכטליכע ליידענשאַפטען זענען דאַן פאַראַן ווען מאַן און פרוי ווערען נישט צופרידען געשטעלט געשלעכטליך אין דערזעלבער צייט. ביי די מעהרסטע נאָרמאַלע מענשען הערשט אַ געוויסע האַרמאָניע אין דער בעציהונג; און אפילו ווען עס טרעפט זיך אַ קליינער אונטערשיד צווישען מאַן און פרוי, גלייכט זיך דאָס לייכט אויס. אָבער מאַנכעס מאָל איז דער אונטערשיד אַזאַ גרויסער ,אַז איינער פון די ביידע שותפים בלייבט אונצופרידענגעשטעלט. ווען דער אָ ר ג אַ ז ם קומט פריהער ביי דער פרוי (אָרגאַזם רופט מען דאָס געפיהל פון צופרידענהייט ביים סוף פון פערקעהר), איז דאָס נישט קיין אומגליק, ווייל די פרוי איז דאָך ביז צו אַ געוויסען גראַד דער מעהר פּאַסיווער חלק אין סעקסואַלען אַקט און מעהרסטענס איז עס ניט שמערצהאַפט און ניט אונאַנגענעהם פאַר איהר, ווען דער פערקעהר דויערט אַ ביסעל לענגער ווי זי וואָלט עס אייגענטליך געוויגשט. ווען עס איז פאַר איהר יאָ שמערצהאַפט, איז עס וואַרשיינליך צו פערדאַנקען אַזאַ צושטאַנד וואָס מען קאָן אָגרופען קראַנקהאַפט; זי דאַרף אפשר אַ בעהאַנדלונג און אפשר וועט איהר דאָס ניט העלפען. יעדענפאַלס דאַרף זי ניט פאַרטזעצען צו האָבען פערקעהר אויף דעמזעלבען אופן ווי ביז אַהין; זי דאַרף זיין צוזאַמען מיט איהר מאַן זעלטענער, כדי זי זאָל זיין מעהר אויפגערעגט און איהר אויפרעגונג זאָל דויערען לענגער. עס קאָן גאָר זיין אַז זי איז פאַלשטענדיג נאָרמאַל, נאָר איהר מאַנגעל אַן צופּאַסונג איז בלויז אַ רעלאַטיווע, דאָס הייסט ער איז צו פערדאַנקען דעם פאַקט וואָס דער מאַן איז אוננאָרמאַל אין דעם זין וואָס ער איז צו שטארק ליידענשאַפטליך. אויב ער ליעבט זיין פרוי, דאַרף ער, אין אַזאַ פאַל, האָבען פערקעהר זעלטענער. דאָס זעלבע איז צו זאָגען ווען דער פרוי׳ס אויפרעגונג דויערט לענגער ווי ביים מאַן, זיי עס ווייל ע ר איז טאַקע ווירקליך סעקסואַל שוואַכער, אָדער ווייל ז י איז אַבנאָרם אין איהר אויפגערעגטהייט. דעם

מאַן׳ס רעלאַטיווע שוואַכקייט קאָן בעהאַנדעלט ווערען אַזוי ווי די אימפּאָטענץ.

ווען די אונגלייכהייט איז אָבער אַזעלכע אַז די צ אָ ה ל גע־שלעכטליכע אַקטען וואָס איינער פון די שותפים פערלאַנגט, איז אַ גרעסערע ווי דער אַנדערער קאָן געבען אָדער אָננעהמען, קאָן עס האָבען שלעכטע פאָלגען פאַר ביידע אָדער פאַר איינעם פון זיי. זיי מוזען דאַן זוכען צו פערמיידען אַלץ וואָס קאָן זיי אונגנויטיגערהייט אויפרעגען; זיי מוזען מעהרסטענס שלאָפען אין בעזונדערע בעטען און לעבען אין אַלגעמיין וואָס היגיענישער, וואָס נאָרמאַלער. עס פערשטעהט זיך אַז אין אַזעלכע פאַלען ליידט די פרוי אַם שטאַרק־סטען. אויב אַזאַ ליידענשאַפטליכער מאַן האָט זיין פרוי באמת ליעב, וועט ער זיך צוריקהאַלטען אַזוי ווייט ווי מעגליך. אָבער ליידער זענען פאַראַן אַ סך באַרבאַרישע מענער וואָס ווילען בלויז וויסען פון זייער אייגענעם פערגניגען. און אַ ז ו י ווי די פרוי איז ערצויגען געוואָרען, און האָט ביי דער חתונה געשוואָרען זיך דעם מאַן׳ס ווילען צו אונטערוואַרפען, פּאַסירען זעהר פיעלע שטילע, בעהאַלטענע טראַגעדיען, אין וועלכע די פרוי ליידט און פון וועלכע זי שטאַרבט ניט זעלטען יונגערהייט. געגען אַזאַ בעסטיאַלישען מאַן דאַרף זיך די פרוי רעוואָלטירען און איהם אָנווייזען איהרע רעכטען. אָבער פון דער אַנדערער זייט, דאַרף די פרוי, וואָס איז אַביסעל וועניגער ליידענשאַפטליך ווי דער מאַן, נישט זיין צו קאַרג מיט איהם, בעזאָנדערס ווען ער איז נאָרמאַל; זי דאַרף ניט פערגעסען אַז ער קאָן ליידען פון אַזאַ קאַרגשאַפט און זי קאָן איהם טרייבען צו פּראָסטיטואירטע. אויב זיי האָבען זיך ליעב, אויב זיי רעס־פּעקטירען איינער דעם אַנדערען׳ס ווילען און פרייהייט, אויב זיי זענען קלוג, ד אַ ר פ ע ן ז י י ג ע פ י נ ע ן אַ מ י ט ע ל־מ ע ס י ג ע ן ו ו ע ג ו ו אָ ס ז אָ ל ז י י ב י י ד ע צ ו פ ר י ד ע ן ש ט ע ל ע ן; זיי דאַרפען ביידע אַביסעל נאָכ־געבען, כדי דער שלום און דאָס קערפּערליכע געזונד זאָל ניט גע־שטערט ווערען.

## מאַסטורבאַציע (אָנאַניזם).

מאַסטורבאַציע (אָנאַניזם) איז די געשלעכטליכע זעלבסט־בעפרידיגונג. מעהרסטענס ווערט זי געמאַכט מיט דער האַנד,

מאַנכעסמאָל הויבט זי זיך אָן ביי קליינע קינדער אין די וויקעלעך, נאַטירליך אין אַ זעהר אונפאָלשטענדיגער פאָרם, צ. ב. דורך רייבען די פיס איינער געגען דעם אַנדערען. זי איז צימליך שטאַרק פערשפּרייט ביי שולקינדער, די שול האָבענדיג אָפט אַ זעהר שלעכטען איינפלוס אין דיזער בעציהונג. אָבער מעהרסטענס איז זי פערשפּרייט צווישען יונגע *מענער און פרויען* אין דער רייפער געשלעכטס־פעריאָדע, פאַר דער חתונה, כאָטש זי קומט אויך (זעלטענער) פאָר ביי לייטע וואָס האָבען רעגעלמעסיגען פערקעהר און וואָס זענען פערהייראַט. — מאַסטורבאַציע איז קיין קראַנקהייט, ווי די שווינדעל־דאָקטוירים רעדען איין די יונגע מענער, כדי זיי כלומרשט צו היילען און אין דער אמת'ן זיי צו בעראַבעווען. דער אמת'ער, עהרליכער דאָקטאָר פּרעטענדירט נישט זי צו היילען; ער קאָן געבען אַ פּאָר אַלגעמיינע עצות, אַזעלכע, וועלכע דאַרפען זיך צופּאַסען צו יעדען אינדיווידואַלען פאַל, אָבער ניט מעהר. עס איז וואַרשיינליך, אַז די *מעהרסטע מענשען, מענער און פרויען*, האָבען ווען־עס־איז מאַסטורבירט אין זייער לעבען. די מאַסטורבאַציע איז אַ געוואָינהייט. אַזוי ווי סיי וועלכע אַנדערע געוואָינהייט קאָן זי איבערגעטריבען ווערען און שעדליך זיין. אַ סך אָנאַניזם קאָן אָבשוואַכען, קאָן פאַר אַ צייט מאַכען דעם אמת'ן געשלעכטס־פערקעהר אונמעגליך, קאָן האָבען אַ שלעכטען איינפלוס אויף דעם נערוועך־סיסטעם, אָבער דאָס איז זעהר זעלטען. מען פלעג פריהער צושרייבען צו דיזער געוואָינהייט געוויסע פאָרמען פון משוגעת; אָבער איצט ווייסט מען אַז, כאָטש עס זענען פאַראַן גייסטעס־קראַנקהייטען וואָס זענען צו פערדאַנקען אַנדערע געשלעכטליכע אונרעגעלמעסיגקייטען, איז אָבער נישט בעוויזען געוואָרען אַז די מאַסטורבאַציע זאָל האָבען געווירקט אויף אַזאַ'ן אופן. *כמעט תמיד, ווען מען הערט אויף זי אויסצואיבען און מען לעבט נאָרמאַל, בלייבט ניט קיין שום פאָלגע פון איהר*. אָבער ווען מען *שטעלט זיך פאָר* אַז מען „מוז" ליידען, ליידט מען, — און צוואַר אַזוי לאַנג ביז מען טרייבט זיך אַרויס די איינבילדונג פון דעם מוח און מען געווינט ווידער דאָס פערטרויען אין זיך אַליין.

געפעהרליכער קאָן די מאַסטורבאַציע ווירקען *ביי קינדער*, ווייל זי שטערט זיי פון עסען, שלאָפען, שפּיעלען און דורך דעם קאָן זי זיין אַ הינדערניש אין דער נאָרמאַלער קערפּערליכער און גייסטיגער ענטוויקלונג. ביי קינדער קאָן די געוואָינהייט זיין אַ פאָלגע פון אַ רייצענדיגען קראַנקהאַפטען צושטאַנד פון דעם אורין, פון דער הויט אָדער פון דעם שטול.

וואָס אַנבעלאַנגט דערוואַקסענע, איז די בעסטע עצה: זיך בעהערשען, מיט אַ פעסטען ווילען די געוואָינהייט אונטערדריקען; זיך בעשעפטיגען קערפּערליך און גייסטיג; לעבען וואָס נאָרמאַלער אין יעדער בעציהונג; נישט עסען און טרינקען קיין רייצענדיגע זאַכען; אויב מען איז רייף צום געשלעכטליכען פערקעהר, — האָבען פערקעהר, — אָבער ריינעם, *זאָנסט בעסער גאָר נישט*! אַזוי לאַנג ווי מען קאָן ניט האָבען קיין פערקעהר, *פערמיידען סעקסואַלע אויפרעגונגען*.

פערגעסט ניט אַז יעדעס מאָל מאַסטורבירען, אַנשטאַט אייך צו בערוהיגען, רייצט אייך אויף צון אַ צווייטען מאָל מאַסטורבירען.

## אַ בריעף צון אַן אָנאַניסט.

מיט מעהרערע יאָהרען צוריק האָב איך פאָלגענדען בריעף געשיקט צון אַ מענליכען מאַסטורבאַנט, אָדער ווי מען זאָגט אונריכטיג, צון אַן אָנאַניסט. דער בריעף וועט זיכער אויך אַנדערע יונגע לייט צונוץ קומען: —

אייערע בריעף זאָגען מיר, אַז איהר זענט אַן אינטעליגענטער מענש און דריבער האָף איך, אַז איהר וועט מיך גוט פערשטעהן.

אַלע סמנים וואָס איהר גיט מיר אָן, *קאָנען* זיין סימפּטאָמען פון שלעכטע פאָלגען נאָך מאַסטורבאַציע (אָנאַניזם), אָבער זיי *מוזען* נישט זיין; זיי קאָנען אויך קומען פון אַנדערע פעהלערען אָדער פון קראַנקהייטען און, וואָס איז נאָך וויכטיגער, זיי קאָנען קומען פון איינבילדונג. ס'איז אַ בעקאַנטע זאַך, אַז אַ סך קראַנקהייטען אָדער צושטענדען וואָס זענען ביי דער גרעניץ צווישען געזונדהייט און קראַנקהייט, ווערען הערפאָרגערופען פון איינבילדונג, איבערטרייבונגען, איינרעדעניש, פון געוויסע אַלטע

אבערגלויבענס אז נאָך „דעם און דעם" מ ו ז מען זיין קראַנק און אזוי ווייטער.

און גראָד ביים מאסטורבאנטען (אָנאניסטען) אָדער נאָך מעהר ביים געוועזענעם מאסטורבאנטען איז דאָס מייסטענס דער פאַל. אונ־וויסענד אין געשלעכטס־אנגעלעגענהייטען, ווי כמעט יעדער יונגער מאַן איז, הערענדיג פון זיינע פריינד און בעקאַנטע רעדען פון סעקסועלע קראַנקהייטען, לעזענדיג בעגיריג אַלעס וואָס פאַלט איהם אריין אין די הענד, פערקריכט ער אויף פאַלשע וועגען און שטעלט זיך אַלעס פאָר אומגעקעהרט ווי עס איז. ענטוועדער ער ווערט אָנגעשטעקט פון אַווירקליכער, זיכטבארער געשלעכטס־קראַנקהייט — דורך זיין אונוויסענהייט, — אָדער ער ווערט אַ סעקסואלער נעווראַסטעניקער, אַן איינגעבילדעטער קראַנקער — דורך אונוויסענהייט. און כדי דעם לעצטען צושטאַנד אויסצוקורירען, מוז דער קראַנקער נישט מעהר ווי האָבען אַ ווילען, אַ שטאַרקען ווילען.

גראַדואַל, ביסלעכווייז, נאַטירליך אונטערריכטעט אין געשלעכטס־לעבען, פון קינדווייז־אויף, אויף אַן אונשולדיגען, ריינעם אופן, ווי עס וואָלט געדאַרפט צו זיין, ווערט כמעט קיינער נישט,— וועניגסטענס נישט צווישען די זאָגענאַנטע ציוויליזירטע געזעלשאַפטען, ווי אונזערע. אין דער יוגענד איז מען נייגעריג, מען כאַפּט אויף אַלעס וואָס מען קאָן. און די ערקונדיגונגען וואָס מען קריגט געוועהנליך פון חברים און עלטערע אינגליך זענען זעהר שלעכטע, ווייל זיי ווייסען זיי אויך נאָר פון אַנדערע אונוויסענדע. דערפאַר זענען אַלע זייערע עצות: גיפט.

וואָס אַנבעלאַנגט די פּאָפּולערע „ליטעראַטור" וועגען דער פראַגע, ווערט זי אין די מעהרסטע פאַלען געשריבען פון איגנאָראַנטען אָדער (און דאָס איז דער גרעסטער טייל), זי שטאַמט פון שווינדלער, פון שאַרלאַטאַנעס וואָס האָבען אַן אינטערעס אז יונגע לייט זאָלען געהן צו פּראָסטיטוטאירטע און זיך אָנשטעקען און זיך דאַן ביי דיזעלבע שווינדלער „היילען", און האָבען אַן אינטערעס אז אַלע יונגע לייט — אפילו די וואָס זענען ריין פון געשלעכטס־קראַנקהייטען — זאָלען ד ע נ ק ע ן אז זיי זענען קראַנק, זאָלען זיך פ י ה ל ע ן קראַנק, כדי זיך ביי די שווינדלער צו קורירען. אין זייערע בראָשורען, אַנאָנסען, עטצ. בעשרייבען זיי

אזעלכע סימפּטאָמען וואָס יעדער געזונדער מענש קאָן אַ מאָל האָבען און זיי צייגען, אז מיט די סימפּטאָמען מוז מען האָבען די און די קראַנקהייט. די אַלע זאכען בוירען זיך לאַנגזאַם איין אין די מוחות פון די יונגע לייט און עס קומען אַרויס געוויסע אבער־גלויבענס וואָס מאַכען טויזענדער מענשען אומגליקליך אומזיסט און אומנישט. און ווי באַלד אימיצער בעאָבאַכט זיך צופיעל, וויבאַלד ער קאָנצענטרירט זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אויף איין אָרט פון זיין קערפּער, אויף די געשלעכטס־אָרגאַנען, ווערט יעדער סמן טויזענד מאָל בעדייטענדער ווי ער איז אין דער אמת'ען.

איך בין זיכער, אז קיין גוטע ווירקונג האָט די מאַסטורבאַציע אויף אייך נישט געהאַט. אָבער דאָס שלעכטע פיהלען און דאָס באַרג אראָב געהן פון אייער קערפּער אין אַזאַ גראַד ווי עס איז ביי אייך, קאָן אונמעגליך זיין אַ דירעקטע פאָלגע פון דעם אָנאַניזם אַלס אַזעלכען. דער גרעסטער טייל פון דעם אונטערגראָבען פון אייער געזונד איז זיכער מעהר צו פערדאַנקען דער איינבילדונג און דער מורא קראַנק צו ווערען, ווי דער מאַסטורבאַציע אַליין. — איהר מוזט וויסען אז אפשר 90 פּראָצענט (אָדער מעהר) פון אַלע מענער מאַס־טורבירען אין געוויסע צייטען פון זייער לעבען, מייסטענס אין דער יוגענד אָדער קינדהייט. נו, ווען זיי וואָלטען אַלע געמוזט קראַנק ווערען פון דעם, וואָלטען כמעט נישט געווען קיין געזונדע מענער אויף דער וועלט. און וואָס זעהן מיר אין דער ווירקליכ־קייט? עס זענען דאָ מענער קראַנקע פון אָנאַניזם, נישט מיט די סימפּטאָמען וואָס איהר צייגט אָן, מיט אַנדערע, ערגערע. יאָ, עס זענען דאָ. אָבער וויפיעל? אפשר איין פאַל אונטער 10,000 מאַסטורבאַנטען. און דאָס זענען געווען אויסערגעוועהנליכע מאַס־טורבאַנטען, אַזעלכע וואָס איהר קאָנט זיך גאָר נישט פאָרשטעלען און וואָס איך וויל אייך נישט בעשרייבען. — דורך דיזע אויס־נאַהמען איז די גאַנצע צרה; פון אַזעלכע פאַלען שטאַמט די מורא וואָס איז פערשפּרייט וועגען דעם.

אמת, אָנאַניזם איז אַ העסליכע, אָבשייליכע פּראַקטיקע; צו־פּיעל געטריבען איז זי אומגעזונד. אָבער ווען מען הערט אויף זי צו פּראַקטיצירען און מען געוועהנט זיך צון אַ נאָרמאַלען לעבען,

בלייבט, נאָך איינִיגער צייט, קיין שפּור דערפון אין קערפּער: אָט דאָס וואָלט איך געוואָלט איהר זאָלט מיר גלויבען, אין דעם וואָלט איך געוואָלט איהר זאָלט זיין איבערצייגט. זאָגאַר די אימפּאָטענץ, די אמת׳ע, וועלכע קאָן אַ ביסעל אָפּטער פאָלגען נאָך לאַנגיעהריגער מאַסטורבאַציע, איז אַ זעלטענע ערשיינונג. אין די מעהרסטע אַזעלכע פאַלען איז די אימפּאָטענץ אַן איינגעבילדעטע, און צוואַר אין אַזאַ גראַד אַז מען זאָגט דעם בעטרעפענדען: די קאָנסט האָבען פערקעהר! הויבט ער אָן צו קאָנען. און דאָס איז דערפאַר ווייל ער שלאָגט זיך אַרויס אַ דומהייט פון׳ם קאָפּ און ער קריגט צוטרויען צו זיך אליין.

טראָץ דעם וואָס אייער בריעף איז געשריבען אַזוי צו דער זאַך, קאָן מען פון אַ סך שטעלען זעהן ווי איינגעבילדעט איהר זענט. צום ביישפּיעל, וואָס הייסט דאָס פאָלגענדע: „דאָס בלוט פאַלט אויס אין משונה רויטע פלעקען, וואָס לאָזט זיך גלייך דערקענען, אַז עס איז קראַנקס בלוט". ווען איך וואָלט נישט געוועזן אַזוי פיעל צוגעוואָינט צון אַזעלכע פראַזען (עס איז כמעט אַ טיפּישער זאַץ פון אַלע יונגע מענער אין אייער צושטאַנד), וואָלט איך מיך שטאַרק און ווילד צולאַכט לעזענדיג דעם זאַץ. נאָר אַזוי, האָב איך דערביי בלויז געגעבען אַ שמייכעל. זעהט איהר נישט, ווען מען צייגט עס אייך, ווי קאָמיש ס׳איז: איהר דערקענט (און גלייך!) אַז עס איז קראַנק בלוט!! קיין שום אַרצט, קיין שום געלעהרטער וואָלט נישט געוועזן אימשטאַנד צו דערקענען וואָס איהר דערקענט, אָהן קיין שום אונטערזוכונג פונ׳ם בלוט! איבריגענס מוז איך אייך זאָגען, אַז איך האָב קיין מאָל נישט געהערט אַז אָנאַניזם זאָל פערענדערען דאָס בלוט.

איצט, וואָס אַנבעלאַנגט די בעהאַנדלונג און דאָס היילען, קאָן איך אייך זאָגען, איך בין איבערצייגט אַז אויב איהר וועט אָנווענדען אין אַלעמען מיינע מיטלען, אויב איהר וועט גענוי פאָלגען מיינע עצות, וועט איהר זיכער געזונד ווערען און איהר וועט שיון נאָך אַ מאָנאַט אָדער צוויי אָנפאַנגען צו זעהן דעם פאָרטשריט. און, אום גענויער אויף אייער פראַגע צו ענטפערען, אַלע סימפּטאָ־

מען וועלען פערשווינדען, און די „רינגען אונטער די אויגען" וועלען אויך פערשווינדען.

אין *דעם* אויגענבליק האָט זיכער שוין די היילונג אָנגעפאַנגען און צוואַר דורך די אויביגע ערקלערונג ווי אַזוי איך שטעל מיר פאָר אייערע ליידען. וויבאַלד איהר האָט מיין בריעף ביז אַהער גוט פערשטאַנען, און וויבאַלד איהר וועט נאָכדענקען וועגען וואָס איך האָב אייך אין קורצען געזאָגט, וועט דאָס האָבען אַ זעהר גוטען איינפלוס אויף אייך, ווייל דאָס איז דער ריינער אמת.

ערשטענס, כדי די געוואָינהייט פון מאַסטורבירען פון אייך צו דערווייטערען, וועגען דעם מוזט איהר אָנווענדען *אייער איי־גענעם ווילען*. דאָס איז די הויפּטזאַך. אָבער די מיט־לען וואָס שטעהן ווייטער אונטען וועלען אייך אויך מיטהעלפען דערצו, ווי אויך צו ווערען אַ גאַנץ אַנדערער מענש.

איהר וואָלט וועלען „האָבען געשלעכטליכען פערקעהר". יאָ, איהר וואָלט געדאַרפט האָבען. *אָבער איהר זאָלט ניט געהן צו קיין פּראָסטיטוּאירטע*. איהר וועט כמעט זיכער קראַנק ווערען פון זיי. (70 פּראָצענט אויף יאָ, 30 פּראָצענט אויף ניין.) נאָר אַנשטענדיגען פערקעהר ערלויב איך אייך, ווען מעגליך. ווען נישט מעגליך, בעסער גאָר נישט. אין אייער אַלטער אַז מען האָט נישט איינינגע יאָהר קיין פערקעהר, מאַכט נישט אויס, — ווען מען לעבט נאָרמאַל, ווען מען רייצט זיך נישט אויף קינסטליך.

אָט זענען די איבריגע מיטלען:

לופט. זייט אַ סך דרויסען, אויף דער לופט. מאַכט אָפט שפּאַציערגענג און אויספלוגען אַרויס פון דער שטאָדט. שטודירט די בוימער, די פלאַנצען, די נאַטור. אינטערעסירט זיך מיט אַלעס וואָס איהר זעהט. שלאָפט מיט די פענסטער גוט אָפען. טוט זיך אָן אַזוי אַז איהר זאָלט נישט פיהלען קיין קעלט, אָבער האַלט די פענסטער אָפען.

אייער בעט מוז זיין נישט זעהר ווייך, מעהר האַרטליך; נישט צופיעל זיך צודעקען.

געוועהנט זיך צו מאַכען קאַלטע בעדער. געהט יעדען פריה־מאָרגען אַריין אין אַ וואַנע מיט גאַנץ קאַלט וואַסער, טויכט זיך

איין און נאָך איין מינוט געהט אַרויס און רייבט זיך אָב מיט אַ טרוקען טוך.

בעשעפטיגט תמיד אייער מוח, אַז איהר זאָלט נישט דענקען פון פרויען. אַזוי לאַנג ווי איהר קאָנט נישט פערקעהרען מיט אַן עהרליכער פרוי, פערמיידט געשלעכטליכע אויפרעגונגען.

הערט אויף צו גריבלען און צו דענקען וועגען אייער „קראַנק־הייט". דענקט אָן עפּעס אַנדערש.

זייט תמיד בעשעפטיגט מיט וואָס עס איז. עס זאָל נישט „די צייט אַוועקגעהן פּוסט", ווי עס געשעהט מיט אייך יעצט.

איהר האָט אַ טעות גלויבענדיג אַז דאָס לעבען איז טרויריג, עטצ. דאָס לעבען איז נישט טרויריג און נישט פרעהליך. ס'איז אַזוי ווי מיר זעהן עס. ווען מיר קוקען דאַרויף מיט שוואַרצע אויגענגלעזער, זעהט עס אויס שוואַרץ. מאַנכמאָל מיינט מען ווער ווייסט וואָס פאַר אַ גרויסע געדאַנקען מען זאָגט אַרויס ווען מען בעטראַכט אַלעס פון'ם פּעסימיסטישען שטאַנדפּונקט. אין אמת'ען איז גאַר אָפט אַ פּעסימיסטיש געדיכט פערורזאַכט געוואָרען פון אַ קראַנקען מאָגען, אַן אָבווייכען אָדער אַן אַנדערע אונאָרדנונג אין קערפּער. פע! — ס'איז טאַקע פע! אָבער ס'איז אמת! זייט אַ נאָרמאַלע חיה, און די נאַטור וועט לאַכען פאַר אייך, זי וועט זיין פרעהליך.

שלאָפט וועניגסטענס זיבען שטונדען, בעסער אַכט שטונדען.

קוקט די מענשען גלייך אין די אויגען. איהר האָט נישט בעגאַנגען קיין שום פערברעכען. כמעט אַלע פון זיי האָבען מאַס־טורבירט אָדער מאַסטורבירען און דענקט נישט אַז זיי דערקענען אייך. מען קאָן אייך נאָר דערקענען ווען איהר זענט צוריקגעצויגען און שעמעדיג און פורכטזאַם; דאָס זענען זאָגאַר בעקאַנטע סמנים פון אָנאַניסטען.

מאַכט יעדען טאָג אַ האַלבע שעה אָדער וועניגסטענס 15 מי־נוט גימנאַסטיק, אַזוי אַז איהר זאָלט זיך אַנדערש בעוועגען ווי איהר טהוט עס ביי דער אַרבייט. זעהט אַז אַלע מוסקלען פון'ם גאַנצען קערפּער זאָלען ווערען געאיבט. מאַכט אָבער ניט קיין גימ־נאַסטיק אויב אייער אַרבייט איז אַ זעהר שווערע, אַזאַ ביי וועל־כער דער קערפּער ווערט זעהר מיד.

אַ פּאָר שטונדען יעדען טאָג געהן, איז אָפט די בעסטע גימנאַסטיק.

עסט ניט קיין רייצענדיגע, האַרבע, געפּעפּערטע, געזייערטע שפּייזען; עסט ניט צופיעל; עסט נאָר ווען איהר זענט הונגעריג; עסט ניט און טרינקט ניט נאָהענט צו דער צייט פון שלאָפען געהן. קיינע אַלקאָהאָלישע געטראַנקען (קיין וויין, ביער, בראָנפען), קיין קאַווע, קיין טעע. — צוקייט גוט די שפּייזען. — זעהט צו האָבען רעגעלמעסיגען שטולגאַנג.

עס איז בעסער פאַר אייך ניט צו עסען קיין שום סאָרט פלייש און קיין שום זאַך געמאַכט פון פלייש.

## בעהאַנדלונג פון מאַסטורבאַציע ביי קינדער.

די הויפּטזאַך איז פערהיטונג. די געגענד פון די געשלעכטס־אָרגאַנען זאָל זיין זעהר ריין, טרוקען. ווען עס צייגט זיך עפּיס אַ רויטקייט אָדער אַ בייסעניש פון דער הויט אין יענער געגענד, מוז מען עס בעהאַנדלען, ווייל פון דעם קאָן אַרויסקומען מאַסטורבאַציע. דאָס עסען און טרינקען זאָל זיין איינפאַך, מילד, נישט רייצענדיג, נישט צופיעל אויף אַמאָל. דאָס קינד זאָל זיין בעשעפטיגט מיט שפּיעל־זאַכען אָדער קינדער־אַרבייט. מען זאָל גוט אויפפּאַסען מיט וואָס פאַר חברים עס געהט אַרום. מען זאָל קיין מאָל ניט זיין ווייט פון דעם קינד. מען זאָל זיך ניט שפּיעלען מיט זיינע געשלעכטס טיילען און עס ניט גלעטען אויף דעם הינטער־חלק ווי מאַנכע מאַמעס טוען עס אין שפּאַס; דאָס וועקט אויף אַ געווויסען געשלעכטליכען רייץ. מען זאָל בעריהרען די געשלעכטס־טיילען נאָר אויף אַזוי פיעל וויפיעל ס'איז נויטיג צוליעב ריינקייט. דאָס קינד פון יעדען אַלטער זאָל שלאָפען אַ ל י י ן אין אַ בעט; קיין מאָל ניט צו צוויי קינדער אין איינעם. (אין דער בעציהונג האָט ניט קיין צוטרויען אַפילו צון אייער ברודער אָדער שוועסטער). אין אַ צימער אָהן פאַרפומען, מיט אַ סך פרישער לופט; ניט צו־ווייך געבעט, ניט אויף פעדערען; עס זאָל אויפשטעהן פון בעט ביים אויפוועקען זיך. דאָס קינד זאָל ניט הערען פון אייך קיין צווייטיגע ווערטער אָדער „גלייכע ווערטלעך" וועגען געשלעכטס־לעבען; עס זאָל זיך אייך ניט דאַכטען אז ס'איז אַן אידיאָט און

אז עס פערשטעהט נישט. דאָס קינד זאָל אויך ניט זעהן קיין שום סאָרט געשלעכטליכע ליעבעס־סצענען און איבערהויפט קיין שום זאַך וואָס קאָן ביי איהם דערוועקען אויף אַ קינסטליכען אופן די נייגעריגקייט וואָס וואָלט געקומען שפּעטער. אָבער בעהאַלט ניט אייער קערפּער אָדער זיין קערפּער פאַר איהם אונניצליכערהייט; פיהרט זיך אויף נאַטירליך מיט איהם. ווען דאָס קינד שטעלט אייך פראַגען וועגען געבוירען־ווערען אָדער געשלעכטס־לעבען, עטצ., *ענטפערט דעם אמת אויף אַן איינפאַכען אופן*; אָבער ענטפערט נישט מעהר וויפיעל דאָס קינד פערלאַנגט צו וויסען.

ווען איהר האָט אויסגעפונען אַז דאָס קינד שפּיעלט זיך מיט די געשלעכטס־אָרגאַנען, טוט עס אַזוי אָן, אַז עס זאָל ניט קאָנען צוקומען צו זיי. דאָס איז סיי ווי סיי גוט צו טון, אַלס פערהיטונגסמיטעל. ווען עס איז גענוג גרויס צו פערשטעהן וואָס איהר רעדט דערצו, זאָגט איהם מיט גוטען אַז ס'איז געפעהרליך דאָס צו טון, אַז מען ווערט דערפון קראַנק, עטצ. דאָס העלפט זעהר פיעל מאָל, בפרט נאָך ווען די עלטערען זענען געבליבען גוטע פריינד, ניט קיין דעספּאָטען, פון די קינדער, אַזוי אַז דיזע גלויבען זיי און האַבען צוטרויען צו זיי. מען דאַרף אויך זאָרגען אַז דאָס קינד זאָל זיך ניט איינהאַלטען מיט דעם וואַסער אָדער מיט דעם שטול און אויב נויטיג, זאָל מען עס זאָגאַר אויפוועקען ביינאַכט כדי עס זאָל לאָזען דעם אורין. לוי־וואַרמע בעדער מיט קורצע, קאַלטע אָבשפּריצונגען פון גאַנצען קערפּער, יעדען טאָג, וועלען האָבען אַ בערוהיגענדע ווירקונג אויף די צורייצטע נערוועז. — מאַנכעסמאָל איז עס נויטיג דאָס קינד אין גאַנצען אוועקצונעהמען פון דער אומגעבונג אין וועלכער עס לעבט; אפילו אוועקצופאָהרען פון דער שטאָדט אין וועלכער עס האָט געלערענט די שלעכטע געוואָינהייט, כדי דאָס קינד זאָל ניט מעהר באַגעגענען די שלעכטע חברים. — נאָר מישענדיג אַ ריכטיגע פיזישע און גייסטיגע ערציהונג קאָן מען פערהיטען אָדער בעהאַנדלען די מאַסטורבאַציע ביי קינדער.

## פאָלוציעס.

פאָלוציעס זענען אויספלוסען פון זאמען ביים מאַן, וואָס קומען פון געשלעכטליכער אונצופרידענגעשטעלטער אויפרעגונג, זיי עס

דורך דירעקטער אויפרעגונג (בעריהרען דעם קערפּער פון אַ פרוי), זיי עס דורך פאָרשטעלונגען אָדער חלומות וועגען פערקעהר. ווען מען האָט די פּאָלוציעס זעלטען, האָבען זיי קיין שום שלעכטע ווירקונג. ווען מען האָט זיי אָבער אָפּט, עפּטער ווי אַלע וואָך, אָדער ווי מאַנכע האָבען זיי, מעהרערע מאָל אין דער וואָך, זענען זיי שעדליך. ווען די פּאָלוציעס הערען אין גאַנצען אויף, בלייבען כמעט קיין מאָל קיין שלעכטע פאָלגען צוריק. דאָס איז וויכטיג צו וויסען ווייל די שווינדעל־דאָקטוירים שרעקען איבער די יונגע־לייט, אַזוי אַז *די דענקען אַז זיי מוזען דערפון קראַנק בלייבען*; זיי דאַרפען גיכער גלויבען דעם שרייבער פון די שורות, ווען ער זאָגט זיי *אַז אַ דאָקטאָר איז דערצו גאָר נישט נויטיג*. די בעהאַנדלונג איז דיזעלבע וואָס איז אויבען אָנגעגעבען געוואָרען פאַר מאַסטורבאַציע. אַ חוץ דעם זאָל מען אויפּפּאַסען אַז דאָס בעט זאָל נישט זיין צו ווייך און צו וואַרעם און אַז מען זאָל האָבען פרישע לופט ביים שלאָפען. קאַלטע אָדער קיהלע בעדער ווירקען אָפּט זעהר גוט.

מען זאָל ניט ווערען דערשראָקען פון די ווערטער „זאַמען־פאַרלוסט”. ס'איז ניט דאָס זעלבע ווי בלוט־פאַרלוסט. מען פאַרלירט דערביי קיין שום וויכטיגע זאַך. דער זאַמען האַלט **זיך כמעט שטענדיג אין איין בילדען.**

# סעקסואַלע קינדער ערציהונג

די לעזער פערשטעהן שוין פון די פריהעריגע קאַפּיטלען ווי וויכטיג עס איז די קינדער אַזוי צו ערציהען אַז זיי זאָלען זיין צוגעגרייט צו ווידערשטעהן געגען די סעקסואַלע געפאַהרען וואָס רינגלען זיי אַרום אי אין דער קינדהייט, אי אין דער יוגענד. די פראַגע פון אָט דער פאַזע פון ערציהונג איז ניט קיין אָבגעשלאָסענע; זי ווערט נאָך דעבאַטירט פון פעדאַגאָגען, פון ספּעציאַליסטען אין ערציהונגס אַנגעלעגענהייטען. אין איינינגע שולען זענען שוין מאַנכע פאָרמען פון געשלעכטליכער אויפקלערונג אָנגענומען געוואָרען; אָבער ו ו ע ן די גאַנצע אויפקלערונג וועט אין אַלע שולען אַנערקענט ווערען אַלס אַ נויטווענדיגקייט, אַלס אַ טייל פון דעם פּראָגראַם, קאָן מען איצט ניט זאָגען. דערווייל לערענט מען דאָרט נאָך זעהר ווייניג וועגען דעם קערפּער אין אַלגעמיין. אָבער אפילו ווען דער ציעל וועט דערגרייכט ווערען, וועט דאָס אויך נאָר זיין פאַר דערוואַקסענע קינדער. אַזוי אַז אויף די עלטערען, און מעהרסטענס אויף די מאַמעס וועט נאָך פאַר אַ לאַנגער צייט פאַלען דער חוב אויפצוקלערען דאָס קינד אין זיין גאָר פריהער יוגענד. דעריבער איז עס זייער פליכט צו לערנען ווי אַזוי דאָס צו טון און פון זייער אַרבייט, פון זייער רעדען און שווייגען, וועלכע שטעלען פאָר אַ קאָלאָסאַלע פעראַנטוואָרטליכקייט, וועט די צוקונפט פון דעם קינד גרעסטענטיילס אָבהענגען.

עס איז ניט נויטיג אָנצוגעבען אַ מעטאָדע ווי אַזוי דאָס קינד אויפצוקלערען, ווייל דאָס קינד העלפט אונז זעהר פיעל אין דער בעציהונג . עס פיהרט אונז אויף דעם ריכטיגען וועג דורך זיינע פראַגען, וועלכע קומען אויף אַ נאַטירליכען אופן אין דער צייט ווען זיין אינטעליגענץ הויבט זיך אָן צו ענטוויקלען. מעהרסטענס דאַרפען מיר בלויז ענטפערען אויף די פראַגען, נ י ט מ ע ה ר א ו ן נ י ט ו ו ע נ י ג ע ר. יעדעס אַלטער ברענגט מיט זיך זיינע שאלות און מיר ווייסען אַז אויף זיי צו ענטפערען איז ניט

שעדליך, און אז, אין געגענטייל, זיי צו לאָזען אונפערענטפערט, זיי צו דערשטיקען און צו אונטערדריקען, איז געפעהרליך. מיר מוזען געהן נאָך ווייטער: נישט נאָר דארפען מיר אויף דעם קינד'ס פראַגען ענטפערען, נאָר מיר דארפען איהם זאָגען דעם אמת; ניט זוכען פון איהם פּטור צו ווערען, נאָר איהם צו געבען די ריכטיגע, אמת'ע תשובה. די דראַמאַ „פריהלינגס ערוואַכען" פון ווערעקינד ווייזט אונז וואָס קאָן געשעהן דורך האַלבע „וואַרהייטען".

דעריבער גיב איך דאָ איבער אין נעכסטען קאַפּיטעל אַ רייהע געשפּרעכען צווישען אַ מאַמען און איהר קינד. די געשפּרעכען זענען בלויז ביישפּיעלען און קאָנען, פערשטעהט זיך, געענדערט ווערען נאָך די פראַגען, נאָך דעם קינד, נאָך די אומשטענדען. זייער צוועק אויף דעם אָרט איז בלויז צו צייגען די נאָך אונפּאָרבערייטע עלטערען אַז אַזעלכע ענטפערס זענען מעגליך. און איך מוז צוגעבען אַז זיי זענען בעזונדערס לייכט פאַר אויפ־ריכטיגע, עהרליכע עלטערען מיט ריינע געדאַנקען.

עס וואָלט כדאַי געווען צו רעדען איבער דעם ווי אַזוי מען דאַרף נ י ש ט ענטפערען אויף דעם קינד'ס פראַגען; נאָר די פעהלערען וואָס ווערען בעגאַנגען אין דער בעציהונג, זענען שוין אַביסעל בעשריבען געוואָרען אין דער איינלייטונג צו דיזען בוך. קלוגע מענשען קאָנען זיך אַליין יענע ווערטער ערגענצען און זייער זין פערפולשטענדיגען; אַבי זיי פערשטעהן וואָס ס'איז געמיינט מיט זיי, אַבי זיי זענען דורך יענע ווערטער איבערצייגט געוואָרען אַז ליגען זאָגען די קינדער הייסט זיי פער'סם'ען. אָבער איך וויל נאָך געבען נאָר איין ביישפּיעל וואָס צייגט וואָס פאַר אַ נאַרישע ענט־פערס מאַנכע עלטערען, אין זייער מורא פאַר דעם ריינעם אמת, געבען זייער קינד. דאָס איז דאַווקע געווען אַ ראַדיקאַל געזאָנענער טאַטע. ווען דאָס מיידעלע האָט געפרעגט פון וואַנען מען נעהמט די קינדער האָט ער איהר געענטפערט אַז מען קויפט זיי פון די אינקובאַטאָרען אָדער אויסוואַרמונגס־מאַשינען, וועלכע מאַכען זיי. ער האָט זי געפיהרט אין „קוני איילאַנד" נעבען ניויאָרק, וואו מען זעהט אַלע סאָרטען וואונדערס, און איהר געוויזען די אינקו־באַטאָרען מיט די ווירקליכע אונרייפע קינדערלעך וואָס מען בע־האַנדעלט דאָרט, ווייל זיי זענען געבוירען געוואָרען פאַר דעם

טערמין. דאָס האָט אויף דערוייל איהר נייגירדע בעפרידיגט. טרעפט זיך אָבער אַט וואָס: אין זייער הויז קומט אריין אַ פרוי וואָס וואָלט געהאַט מיטלען זיך צו קויפען אַ קינד אָבער זי האָט קיינס און בעקלאָגט זיך שרעקליך פאַר וואָס זי איז אַזוי אומגליקליך און קאָן ניט האָבען קיין קינד, כאָטש, ווי זי זאָגט, זי איז שוין פערהייראַט זינט אַ סך יאָהרען. ווערט דאָס מיידעלע נאָכדענ־קענד און, נאָך אַ צייט, פרעגט זי דעם טאַטען: „פאַר וואָס קויפט ניט מומע אַזוי־און־אַזוי אַ קינד אין קוני איילאַנד?“ איז דער טאַטע געבליבען פערשעמט!... דורך אַזעלכע ליגען פערלירט מען לאָגישערווייז דאָס פיעל בעזונגענע רעכט אויף ליעבשאַפט פון די קינדער, — ווייל וואָס קערען זיך דען די אינקובאַטאָרען־קינדער אָן מיט די עלטערען? און אַ חוץ דעם, מוז דאָך דאָס קינד וועל־כעס איז ניט קיין אידיאָט שנעל ענטדעקען דעם ליגען! סיידען מען וויל דאָס קינד דורכויס מאַכען פאַר אַן אידיאָט, וועלכעס איז טאַקע, ווי עס ווייזט אויס, אָפט דער ציעל פון געוויסע עלטערען און אין וועלכער טרויעריגער ארבייט זיי האָבען ליידער אַ צו גרויסען ערפאָלג!

## ביישפיעלען פון געשפרעכען צווישען אַ קינד און אַ קלוגער מאַמען

I

— מאַמע, ווי אַזוי בין איך געקומען צו דיר?
— וואָס מיינסטו?
— איך מיין... פון וואַנען האָסטו מיך?
— אַ! איך פערשטעהע!.. איך האָב דיך געבוירען.
— וואָס הייסט געבוירען?
— דו ביסט אַרויס פון מיר.
— פון דיין קערפער?
— יאָ.
— וואו בין איך געלעגען ביי דיר?
— אין בויך.
— קומען אַלע קינדער אַרויס פון גרויסע מענשען?

— אַלע קינדער קומען אַרויס פון זייערע מאַמעס.
— און די מאַמעס?
— די מאַמעס, ווען זיי זענען קליין, ווען זיי ווערען געבוירען, קומען אַרויס פון זייערע מאַמעס.
— און די טאַטעס?
— די טאַטעס קומען אויך אַרויס פון זייערע מאַמעס.

II

— מאַמע, פאַר וואָס דאַרפען די קינדער ליגען אין דער מאַ־מע'ס בויך?
— זיי דאַרפען דאָרט ליגען, כדי צו וואַקסען. זיי וואַקסען דאָרט ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, ביז זיי ווערען ריכטיגע קינדער און ביז זיי ווערען אַזוי גרויס אַז זיי קאָנען שוין ניט זיין אינעווייניג.
— און אַז זיי קומען אַרויס פריהער?
— אַז זיי קומען אַרויס איידער זיי זענען רייף, קאָנען זיי נישט לעבען, שטאַרבען זיי באַלד. די קינדער זענען אַזוי ווי פרוכטען. געדענקסטו דעם עפּעלבוים וואָס מיר האָבען געהאַט נעבען אונזער הויז אויף דעם לאַנד?
— יאָ.
— געדענקסטו נאָך ווען די עפּעל זענען געווען קליין, גאַנץ קליין? זיי זענען געהאַנגען אויף דעם בוים און די זון האָט זיי אויסגעוואַרעמט, דער בוים האָט זיי ערנעהרט, אַריין שיקענדיג פון אינעוועניג דורך פיינע רעהרלעך די שפּייז וואָס ער האָט גענומען פון דער ערד דורך זיינע וואָרצלען, און אַזוי איז יעדעס עפּעלע געוואַקסען און געוואַקסען, און פון גרין איז עס געוואָרען רויטליך און דערנאָך גאַנץ גרויס און שטאַרק רויט. אַזוי וואַקסט אויך אַ קינד אין דער מאַמע'ס בויך. עס קריגט נאַהרונג און וואַרעמקייט פון דער מאַמע'ס בלוט.
— מאַמע, איך האָב דיך ליעב!

III

— מאַמע, ווי אַזוי קומען די קינדער אַרויס פון דער מאַמע'ס בויך?

— זיי קומען ארוים דורך אַן עפענונג וואָס אַלע פרויען האָבען צווישען די פיס, און די מאַמעס לײדען דערביי זעהר גרויסע שמער־צען.

— שמערצען?

— יאָ, שרעקליכע... אָבער וואָס ווײנסטו, מײן קינד?

— דו האָסט געהאַט זעהר גרויסע שמערצען... מאַמע, איך האָב דיך אַזוי ליעב?

## IV

— מאַמע, אַ־יאָ, אסתר'ל און פײגעלע און בײלע זענען ליג־נערטעס?

— פאַר וואָס פרעגסטו מיך דאָס?

— איך האָב זיי דערצעהלט ווי אַזוי קינדער קומען אויף דער וועלט און ווי אַזוי זיי וואַקסען אין דער מאַמע'ס בויך, האָט אסתר'ל געזאָגט אַז ס'איז נישט אמת. איהר מאַמע האָט איהר געזאָגט אַז די קינדער קומען ארוים פון'ם שטערען. און פײגעלע האָט געלאַכט פון מיר, ווייל זי ווייסט אַז די העבאַם ברענגט זיי אין איהר לעדערנעם טאַש; זי זאָגט, זי האָט אַליין געזעהן די העבאַם מיט דעם טאַש, ווען זי האָט געקראָגען דאָס קליינע ברור־דעריל. און בײלע'ן האָט איהר גרויסע שוועסטער געזאָגט אַז מען נעהמט די קינדער אַרוים פון אַ הױפּטעל קרויט.

— דאָס אַלץ איז נישט אמת, אָבער זיי זענען נישט שולדיג, מײן קינד. מען האָט זיי אַלע געזאָגט ליגען.

— די מאַמעס האָבען זיי געזאָגט ליגען?

— יאָ, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט זיי צו זאָגען דעם אמת.

— פאַר וואָס, מאַמע?

— ווייל זיי זענען נאַראָנים. זיי האָבען מורא אַז די קינדער וועלען ווערען שלעכט, ווען זיי וועלען וויסען דעם אמת.

## V

— מאַמע, איך ווייס פאַר וואָס בײלע'ס מאַמע איז געלעגען אין בעט ווען בײלע האָט געקראָגען דאָס קליינע ברודעריל.

— פאַר וואָס?

— ווייל דאָס ברודעריל איז געקומען פון ביילע'ס מאַמע'ס בויך און די מאַמע האָט געהאַט גרויסע שמערצען.

— יאָ, מיין קינד.

— און איך וויים שוין פאַר וואָס ביילע'ס מאַמע האָט געהאַט אַ גרויסען בויך איידער דאָס קינד איז געבוירען געוואָרען.

— פאַר וואָס?

— ווייל דאָס קינד איז געווען אינעווייניג און עס איז גע־וואַקסען.

— יאָ, מיין קינד.

## VI

— מאַמע, פאַר וואָס וויל נישט ביילע'ס מאַמע אויסזאָגען ביילע'ן דעם אמת ווי אַזוי זי האָט געהאַט דאָס קינד?

— ווייל זי איז אַ נאַר. אָבער זי איז נישט שולדיג; מען האָט זי געלערנט אַז זי דאַרף נישט אויסזאָגען.

— ווער האָט זי אַזוי געלערנט?

— איהר מאַמע.

— און ווער האָט עס געלערנט איהר מאַמע?

— איהר מאַמע'ס מאַמע... און אַזוי ווייטער. כמעט אַלע מאַ־מעס און טאַטעס דענקען אַז זיי דאַרפען זיך שעמען ווען אַ פרוי האָט אַ קינד.

— ביילע'ס מאַמע שעמט זיך?.. האַ, האַ, האַ!

— וואָס לאַכסטו אַזוי, מיין קינד?

— ווייל זי שעמט זיך. עס איז דאָך אַזוי שען צו האָבען אַ קינד און צו זיין אַ מאַמע!

## VII

— מאַמע, ווי אַזוי וואַקסען אויס די קעצעלעך?

— זיי וואַקסען אין דעם בויך פון זייער מאַמען, די גרויסע קאַץ. האָסטו נישט געזעהן ווי דער בויך פון אונזער קאַץ איז גרע־סער געוואָרען? זי וועט באַלד האָבען קעצלעך. אַזוי וואַקסט אויך דאָס קעלביל אין דעם בויך פון זיין מאַמען, די קוה; און אַזוי טראָגען די שאָף זייערע לעמעלעך, די הונדינען זייערע הינ־טעלעך און אַזוי ווייטער.

און די קאַץ וועט אויך האָבען גרויסע שמערצען, ווען זי וועט האָבען אַ קעצעלע ?

— יאָ, מיין קינד, כאָטש ניט אזעלכע גרויסע ווי אַ פרוי.

## VIII

— שוין, מאַמע, זי האָט שוין געהאַט !

— ווער, וואָס ?

— די קאַץ האָט געהאַט קעצעלעך אין קעלער.

— דו האָסט זיי געזעהן ?

— יאָ, זיי זענען אזוי קליין ! פאַר וואָס האָט זי געהאַט פיער אויף איין מאָל ?

— אזוי געבערען די קעץ. נישט אלע חיות זענען אלע איינס. די קוה האָט איין קעלבעל אויף איין מאָל ; די פרוי אויך. אָבער עס טרעפט זיך אַז אַ פרוי זאָל האָבען צוויי קינדער אויף איין מאָל.

— גיב מיר אַ שטיקעל ברויט, וועל איך געבען די קעצעלעך.

— ניין, מיין קינד, זיי דאַרפען נישט דיין ברויט און זיי קאָנען עס נישט עסען. זייער מאַמע, די קאַץ, גיט זיי מילך פון איהר ברוסט, ביז זיי וועלען ווערען גרעסער.

— דאָס איז דאָך אזוי ווי ביילע׳ס מאַמע, וואָס האָט געזויגען איהר קינד !

— יאָ, מיין קינד, און איך האָב דיך ערנעהרט פון מיין ברוסט, ווען דו ביסט געוועזן אַ גאַנץ קליין קינד.

— מאַמע, איך האָב דיך אזוי ליעב !

## IX

— מאַמע, קומען אלע חיות פון זייער מאַמע׳ס בויך ?

— אלע ; אָבער נישט אויף דעמזעלבען אופן. אַ סך חיות טראָגען די קינדער נישט אין גאַנצען אויס. זיי טראָגען בלויז די אייער און דערנאָך וואַרעמען זיי אויס די אייער אונטער זייער קערפּער. די הוהן לעגט אייער און שפּעטער זיצט זי אויף זיי מעהרערע טעג, זי וואַרעמט זיי אויס אונטער איהרע פעדערען, אזוי לאַנג ביז די קליינע היהנדעלעך ווערען רייף און צוברעכען די אייער פון אינעווייניג. דענסטמאָל געהן זיי אַרויס. אזוי טוען אלע פעגעל.

— אָ, ווי שען!

— עס זענען דאָ נאָך אנדערע חיות וועלכע קומען פון אייער. אָבער נישט אַלע ווערען אויסגעוואַרעמט פון זייערע מאַמעס. א סך ווערען אויסגעוואַרעמט בלויז פון דער זון.

— אָבער די היהנער האָבען נישט קיין בריסט און קיין מילך.

— ניין, מיין קינד, זיי לערנען זייערע קינדער עסען קליינע קערענדלעך און אנדערע זאכען. די חיות וואָס געבערען קינדער, געבען זיי צו זויגען. די חיות וואָס לעגען אייער, געבען זייערע קינדער נישט צו זויגען.

— מאַמע, פון איצט אָן וועל איך נאָכקוקען אַלע לעבעדיגע נפשות! ס'איז אַזוי שען צו וויסען אַלץ וועגען זיי!

X

— מאַמע, דו האָסט מיר געזאָגט אז די עפּעל זענען די קינדער פון די עפּעלבוימער. האָבען די עפּעל בלויז אַ מאַמע?

— ניין, מיין קינד, אין דעם עפּעלבוים געפינט זיך דער טאַטע און די מאַמע צוזאַמען.

— אויף איין בוים?

— יאָ, אין איין בוים. דו גלויבסט נישט? איך וועל דיר דאָס צייגען ווען מיר וועלען זיין אויף דעם לאַנד. מוזען דען אַלע לעבעדיגע וועזען זיין אַלץ איינס? אָט קאָנען די בוימער נישט אַוועקגעהן פון דעם אָרט וואו זיי וואַקסען, און מיר, און אנדערע חיות, קאָנען ארומגעהן, ארומפליהען, ארומשווימען. אָבער עס זענען אויך פאַראַן בוימער און אנדערע פלאַנצען ביי וועלכע דער טאַטע און די מאַמע געפינען זיך נישט צוזאַמען, ניט אין דער־זעלבער פלאַנץ, ניט אויף דעמזעלבען בוים.

— ווי אַזוי זשע הויבט אָן דאָס עפּעלע צו וואַקסען ווען עס איז נאָך גאַנץ קליין?

— אָט זעהסטו דאָ אַ בילד פון אַ בלום פון אַן עפּעלבוים; שפּעטער, אין פריהלינג ווען די צייט פון בליטען און צוויטעווען ביי די עפּעלבוימער וועט קומען, וועלען מיר אין אַ זונטאג ארויס־פאָהרען פון דער שטאָדט און איך וועל דיר ווייזען די בלומען פון די עפּעלבוימער. דערווייל מוזטו זיך בעגניגען מיט דעם בילד. אָט

דאָס זענען די מענליכע טיילען, דאָס הייסט די פּאַטערישע טיילען, אַט דאָס איז דער ווייבליכער טייל, דאָס הייסט דער מוטערישער טייל. און פון דעם מענליכען טייל געהט ארויס אַט דער פיינער געלער שטויב און געהט אריין אין דעם ווייבליכען טייל. דיזער פיינער שטויב איז אָבער צונויפגעזעצט פון גאַנץ קליינע קערענד־לעך, וועלכע געהן נישט אַלע אריין אין דעם ווייבליכען טייל. ווען אזא קערענדעל שטויב איז אריין אין דעם מוטערישען טייל, הויבט זיך אָן דאָרט א גרויסע ארבייט, א שטארקע פערענדערונג. דאָס איז דער אָנפאַנג פון דעם וואקסען פון דעם קינד.

— פון וועלכען קינד?

— פון דעם עפּעלע!

— אָה, איך פערשטעה. און אין דעם אָרט וואַקסט טאַקע אוים דער גרויסער עפּעל?

— יאָ.

און די קליינע מאַמעלעך און טאַטעלעך פון דעם עפּעל געהן צוריק אריין אין בוים?

— ניין, מיין קינד, א טייל פון דעם מוטערישען חלק טראָגט דאָס קינד, דעם עפּעל, ביז ער וואַקסט אוים. דער פּאַטערישער טייל פאַלט אוועק פון דעם בוים אין איינעם מיט דעם איבריגען טייל און אין נעכסטען פריהלינג שפּראָצען ווידער בלומען ארויס.

— אָה, דערפּאַר זעה איך די בלומען פון די בוימער אראָב־פאַלען! ס'איז אזוי שען; טייל מאָל איז עס ווי א שנעע אויף דער ערד.

— יאָ, דו זעהסט עס אין אונזערע שפּאַציערגענג.

— אָבער, מאַמע, איך האָב נישט געוואוסט וועגען וואָס מען דארף די בלומען. איך האָב גערענקט אז זיי זענען נאָר פאַר שענ־קייט.

— אַלץ, מיין קינד, אַלץ וואָס איז לעבעדיג האָט א צוועק, האָט עפּיס אויפצוטון אויף דער וועלט.

XI

— מאַמע, א יאָ דו האָסט א מוטערישען טייל?

— יאָ, מיין קינד, אַלע מיידעלעך און אַלע פרויען האָבען אזעל־כע אָבטיילונגען אין זייער קערפּער וואָס מאַכען זיי פאַר מאַמעס.

נאָר ביי די מיידעלעך זענען יענע טיילען נישט אין גאנצען רייף און דערפאַר קאָנען זיי נישט ווערען קיין מאַמעס.

— וואו זענען די מוטערישע טיילען?

— טיעף אינוועניג, אין קערפּער פון דער פרוי, אָבער דער אָנהויב, דער איינגאַנג צו זיי, איז דרויסען.

— אָ, איך ווייס, דער איינגאַנג איז די עפענונג צווישען די פיס פון וואַנען די קינדער קומען ארויס.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס?

— דו האָסט מיר אליין דערצעהלט אז די קינדער קומען פון דאָרט ארויס.

— יאָ, דו האָסט רעכט.

— דו האָסט מיר אויך געזאָגט אז דאָס קינד וואַקסט אין דער מאַמע'ס בויך. זענען די מוטערישע טיילען אין דעם בויך?

— יאָ, מיין קינד, אונטען אין בויך.

— וואו־זשע זענען די פאָטערישע טיילען ביי די טאַטעס?

— צווישען זייערע פיס.

— אַ, איצט פערשטעה איך.

## XII

— מאַמע, ביי חיות זענען אויך די טאַטעס און די מאַמעס נישט אין איין קערפּער?

— ביי די מעהרסטע חיות זענען די טאַטעס פערשידען פון די מאַמעס, אזוי ווי ביים מענשען. דער האָהן איז אַ טאַטע, די הוהן איז אַ מאַמע.

— און די אייער זענען די קינדער?

— דאָס איז דאָס קינד אײדער עס איז רייף.

— יאָ, איך ווייס אז די מאַמע, די הוהן, וואַרעמט אויס די אייער כדי עס זאָל ווערען פון זיי ריכטיגע קינדער, עופה'לעך.

— גאַנץ גוט, מיין קינד.

— אָבער ביי די בלומען איז דער מענליכער און דער ווייבליכער טייל נאָהענט איינער פון דעם אַנדערען, איז עס לייכט דעם געלען שטויב אריין צו געהן אין דעם ווייבליכען טייל. ווי אזוי קאָן דאָס זיין ביי דעם האָהן און ביי דער הוהן?

— דו האָסט אַ טעות, מיין קינד. נישט ביי אַלע בלומען **איז** עס אַזוי ליכט. ביי מאַנכע פלאַנצען איז דער ווייבליכער טייל, כאָטש אויף דערזעלבער פלאַנץ, ווייט פון דעם מענליכען טייל, און ביי אַנדערע פלאַנצען זענען זיי גאָר אויף גאַנץ פער־שידענע ערטער אויף דעם פעלד און אין דעם וואַלד. אַזוי צום ביישפיעל, קאָן זיך מאַכען אַז איין בוים זאָל טראָגען נאָר ווייבליכע בלומען, און אַן אַנדערער בלויז מענליכע בלומען.

— ווי אַזוי קומען זיי זיך צונויף?

— ווי אַזוי? די ביענען, די אינסעקטען, דער ווינד, זיי העלפען דערין; זיי פערטראָגען דעם געלען שטויב צו די ווייבליכע בלומען. נאָר וועגען דעם וועלען מיר רעדען אַן אַנדער מאָל... דו האָסט געפרעגט ווי אַזוי עס איז ביי דעם האָהן און ביי דער הוהן.

— יאָ, דאָס וויל איך וויסען.

— ביים האָהן איז פאַראַן, אַנשטאַט אַ געלען שטויב, אַ פליי־סיגקייט, וועלכע קומט אַרויס פון אַן אָרט צווישען די פיס. און דיזע פליסיגקייט געהט אַריין אין אַן אָרט וואָס די הוהן האָט צווישען איהרע פיס.

— אָבער ווי אַזוי קומט די פליסיגקייט פון דעם האָהן צו דער הוהן?

— געדענקסטו, ווען מיר זענען געוועזען אויף דעם לאַנד, פלעגס־טו זעהן דעם האָהן אַרויפשפּרינגען אויף דער הוהן, און דו פלעגסט איהם תמיד וועלען פערטרייבען?

— **אָה!... דאָס איז עס?... איך האָב געמיינט אַז ער בייסט זי און שלאָגט זי!...**

— ניין, מיין קינד, ווערהענד זייערע מענליכע און ווייבליכע טיילען בעריהרען זיך, און דער פאָטערישער טייל פון דעם האָהן געהט אַריין אין דער מוטערישער עפענונג, אומאַרמען זיי זיך און קושען זיך. זיי האָבען זיך ליעב, זיי האָבען דערפון פערגניגען!

— דאָס איז וואונדערבאַר!

— אַזוי געשעהט עס אויך ביי אַנדערע חיות.

— ביי מענשען אויך?

— יאָ, מיין קינד.

## ווייטערעס וועגען די גֶעשפּרעכען.

**די** אויביגע געשפּרעכען קומען ניט פאָר אין לעבען איינס באַלד נאָך דעם אַנדערען, ווי זיי שטעהן אין דיזען בוך, פערשטעהט זיך. יעדעס פון זיי איז אַ קאָנדענסירט, אַ צונויפגעדרענגט טיפּיש געשפּרעך פאַר אַ געוויסען אַלטער פון דעם קינד, די צייט זייענדיג אָבהענגיג פון דעם טעמפּעראַמענט, פון דער אינטעליגענץ, פון דער רייפקייט, פון דער פריהייט, פון דער פריהעריגער און אַלגעמיינער ערפאַהרונג און ערציהונג פון דעם קינד, ווי אויך פון דעם כאַראַקטער פון די עלטערען. דאָס ערשטע געשפּרעך אָדער אַ רייהע געשפּרעכען מיט דעם אינהאַלט דערפון, קאָן פאָרקומען פאַר אָדער נאָך דעם פינפטען יאָהר; דאָס לעצטע אָדער מעהרערע עהנליכע צום לעצטען, אפשר ערשט נאָך דעם אַכטען, אָדער צעהנטען אָדער גאָר צוועלפטען יאָהר.

אין אַלגעמיין איז ניט נויטיג אַז די עלטערען זאָלען פּראָוואָצירען, אָנרעגען אָדער אַרויסרופען די געשפּרעכען, ווייל די קינדער, ווען זיי זענען אַזוי ערצויגען געוואָרען אַז זיי האָבען אַ ליעבשאַפט צו די עלטערען און ניט קיין מורא פאַר זיי, זענען זעהר אויפריכטיג און פרעגען אַלץ וואָס קומט זיי אין מח. און ס'איז כמעט ניט מעגליך זיי זאָלען ניט פרעגען וועגען געבוירען ווערען און קינדער האָבען. אָבער אויב אַ נאָרמאַל קינד ווערט עלטער און פרעגט דאָך ניט, קאָן מען זיין זיכער אַז עס איז עפּיס ניט אין אָרדנונג. אָדער די ערציהונג ביז אַהין איז געווען אונריכטיג, אָדער דאָס קינד האָט געפונען געהיימע ערקונדיגונגס־קוועלען, אָדער עס האָט מורא פאַר די עלטערען. כדי דאַן צו פערמיידען די מעגליכע געפאַהרען, וועט עס זיין גוט אַרויסצורופען אויפקלערענדיגע געשפּרעכען. עס איז אָבער ניט גוט מען זאָל זיי אָנהויבען פּלעצליך, אָהן קיין שום פערבינדונג מיט די געשעהענישען פון הויז אָדער פון דער וועלט. זיי זאָלען זיך תמיד אָנשליסען אין זאַכען וואָס זענען נאָר וואָס פאָרגעקומען ערגיץ וואו אָדער אין געדאַנקען אָדער פאַקטען וואָס מען האָט ערגיץ וואו געלעזען אָדער געהערט. ביי אַלע דיזע געשפּרעכען זאָל מען די קינדער אינדירעקט ערמוטיגען צו רעדען פראַנק און פריי און צו פרעגען אַלץ וואָס זיי ווילען וויסען. מען זאָל זיי אַרויסווייזען סימפּאַטיע.

עס איז לייכט איינצוזעהן אַז די געשפּרעכען וועלען זיך ניט און קאָנען זיך ניט בעגרענעצען ביי דעם אויביגען, לעצטען דיאַלאָג. זיי וועלען געהן ווייטער און מיט דער צייט, פּילייכט אין די שפּעטערדיגע חדשים אָדער יאָהרען, וועט דאָס קינד ערפאַהרען גענויערעס וועגען דעם סעקסואַלען פערקעהר ביי פערשידענע בעקאַנטע חיות און אויך ביים מענשען. מען וועט מוזען זיין פאָרזיכטיג, ווען דאָס קינד וועט שוין זיין אַזוי ווייט, ניט צו פערפעהלען איהם צו ערקלערען אַז אַ צו יונגער מענש איז ניט רייף צום פערקעהר און אַז אַ פערזוך קאָן שעדליך זיין; אויך אַז מאַסטורבאַציע איז אַ זעהר שעדליכע און געפעהרליכע געוואָינהייט פאַר קינדער; אַז עס זענען פאַראַן שלעכטע און משוגענע מענשען, מענער און פרויען, וואָס זוכען צו פערנאַרען קינדער און יונגע מענשען פאַר זייערע שמוציגע פערגעניגענס און פּראָפּיטען; אַז מען דאַרף זיך היטען פאַר אַלע פערדעכטיגע און פאַר אַלע אונבעקאַנטע וואָס ווערען צו קינדער אָדער צו יונגע לייט צו פריינדליך. מיידלעך זאָלען פריה ערפאַהרען וואָס איז די מענסטרואַציע און אַלעס וואָס עס ערוואַרט זיי; אויך וועגען דער מעגליכקייט פאַר אַ גאַנץ יונג מיידעל וואָס מענסטרואירט, שוואַנגער צו ווערען אַפילו ביי אַ דרויסענדיגער בעריהרונג פון די סעקסואַלע אָרגאַנען; אינגלעך זאָלען ווערען צוגעגרייט צו די קומענדיגע נאָרמאַלע פּאָלוציעס, צוערשט פון קלאָרען שליים און שפּעטער פון שליים און זאַמען. קינדער פון ביידע געשלעכטער זאָלען שוין ביי דרייצעהן אָדער פערצעהן יאָהר וויסען וועגען דער עקזיסטענץ פון געשלעכטס-קראַנקהייטען, פון זייערע געפאַהרען און אויך וועגען דער סכנה וואָס שטעקט אין פּראָסטיטוציע.

# איינִיגע אַנאָמאַליען און פּערווערסיעס אָדער פערדאָרבענהייטען.

מיט דעם וואָרט „אַנאָמאַליען" מיין איך ניט די אייגענטליכע געשלעכטס־קראַנקהייטען, וועלכע זענען פיזישע, אָנשטעקענדיגע קראַנקהייטען; די סעקסואַלע אַנאָמאַליען זענען ניט קיין קראַנק־הייטען אין געוועהנליכען זין פון וואָרט, נאָר צושטאַנדען וואָס זע־נען ניט נאָרמאַל.

אַזוי ווי די נאָרמאַלע פונקציאָנירונג פון דעם געשלעכטס־לעבען העננגט אָב אי פון דער אַנאַטאָמישער פאָרם פון די סעקסואַל אָרגאַנען, פון זייער נאָרמאַלען געבוי, אי פון דער ראַציאָנאַלקייט פון די געדאַנקען און פאָרשטעלונגען, דאָס הייסט פון דעם מח־צו־שטאַנד און פון דער ערציהונג, — קאָן יעדע אַנאָמאַליע אין דער פאָרם פון די אָרגאַנען, ווי אויך יעדע איינבילדונג, יעדע איבער־טרייבונג און יעדעס מיספערשטענדניש פערורזאַכען אַנאָמאַליען אין דער געשלעכטליכער פונקציע, וועלכע קאָנען זיין זעהר לייכט אָדער זעהר שווער. ביים נאָרמאַלען, דענקענדיגען מענשען קומט עס קיין מאָל ניט צו זעהר שטאַרקע אַנאָמאַליען און דורך אַן אָנ־שטרענגונג פון דעם ווילען און דורך קאָרעקט דענקען געלינגט עס זיי צו פערטרייבען.

אָט זענען איינִיגע וויכטיגע אַנאָמאַליען:

---

**דער וואַגיניזם** איז אַ קראַמף פון דער געגענד אַרום דער שיידע, ביים פערקעהר; ער איז אַ פאָלגע פון אַ שטאַרקער רייצונג פון די פרויען־אָרגאַנען; דער וואַגיניזם שטערט די פרוי ביים פערקעהר אָדער ווען דער וואַגיניזם איז אין אַ הויכען גראַד, פער־האַלט ער דאָס מענליכע גליד, אַזוי אַז ס'איז שווער עס אַרויסצונעה־מען. ער קומט פערהעלטניסמעסיג זעלטען פאָר און דאַן ביי ערשט־פערהייראַטע פרויען וואָס האָבען זיך פריהער צופיעל אויפגערעגט אָדער ווען דער מאַן איז צו ברוטאַל און פאָרבערייט נישט די פרוי

אויף אַ דעליקאַטען אופן. דאָס בעסטע מיטעל דאַגעגען איז אויפצו־הערען יעדען פערקעהר און אָבצואוואַרטען עטליכע טעג; מעהרס־טענס געלינגט עס מיט דעם די פרוי צו בערוהיגען. (וואַגינאַ; שיידע).

**די נימפאָמאַניע** איז אַ צו שטאַרקע און שטענדיגע לוסט פון דער פרוי צום פערקעהר, פערורזאַכט פון דעם וואָס די קליינע ליפּען (נימפען) פון דער וואולוואַ זענען ניט נאָרמאַל, צום ביי־שפּיעל צו לאַנג, אָדער דורך אַ ניט ריכטיגען קליטאָריס. מאַנכמאָל איז אַ קליינע אָפּעראַציע נויטיג.

**דער פּריאַפּיזם** איז אַן אונגעוועהנליך שטאַרקע לוסט צום פערקעהר ביים מאַן. די אורזאַך איז אָדער אַ לאָקאַלע, דאָס הייסט עס איז עפּיס ניט אין אָרדנונג אין די דרויסענדיגע סעקסואַל אָרגאַנען, אָדער זי איז צו פערדאַנקען אַ בעזונדערען צו־שטאַנד פון דעם נערוועןסיטעם. די בעהאַנדלונג איז פערשידען נאָך דעם פּאַציענטען און נאָך דער אורזאַך. (פּריאַפּ: גרישיכער גאָט).

**דער סאַדיזם** איז אַ צושטאַנד אין וועלכען מען קאָן נישט האָבען קיין פערקעהר ביז מען פּייניגט נישט זיין שותּף; עס קאָ־נען זיין פערשידענע גראַדען פון סאַדיזם, פון קנייפּען און בייסען, ביז הרג׳ענען. (סאַד: פראַנצויזישער פּערדאָרבענער שרייבער).

**דער מאַזאָכיזם** איז אַ צושטאַנד אין וועלכען מען קאָן נישט האָבען קיין פערקעהר ביז מען ליידט ניט קיין שמערץ, ביז מען ווערט ניט געפּייניגט פון זיין שותּף. (סאַכערמאַזאָך האָט דאָס בעשריבען).

**דער פּעטישיזם**, ווען מען רעגט זיך אויף אָדער מען שטעלט זיך צופרידען געשלעכטליך, בלויז זעהענדיג אירגענד אַ זאַך, אַ גענענשטאַנד וואָס געהערט דעם אַנדערען געשלעכט. פּעטישיס־טען זוכען צוצונעהמען אַ שוך, אָבצושניידען אַ שטיקעל פון דעם מלבוש אָדער פון די האָר פון אַ פרוי. דאָס קאָן פיהרען צו פער־ברעכען. (פּעטיש, ביי ווילדע אַ הייליגער געגענשטאַנד).

**דער עקסהיביציאָניזם** איז דאָס אוננאָרמאַלע בעדערפניש

פון אוננאָרמאַלע מענער צו צ ײ ג ע ן (עקסהיבירען) זײערע געשלעכטס־אָרגאַנען פאַר פרויען און דורך דעם זיך געשלעכטליך צופרידען צו שטעלען. מען באַגעגענט מאַנכמאָל אַזעלכע מענער ערגעץ אין אַן עפענטליכען גאָרטען; זײ ליגען בעהאַלטען אונטער די בוימלעך װאַרטענדיג ביז אַ פרוי געהט פאָריבער.

די לעצטע פיער אַנאָמאַליען זענען שוין מהער אָדער װעניגער ג ײ ס ט ע ס ק ר אַ נ ק ה ײ ט ע ן; די מענשען מיט דיזע אַנאָמאַליען זענען שוין אריבער די שװעל פון דעם נאָרמאַלען גײס־טעס־צושטאַנד.

פערשטעהט זיך, אַזעלכע אַנאָמאַליען קאָנען זײן אין אַ פער־שידענעם גראַד. זײ קאָנען זײן קוים אָנגעדײט אָדער מעהר אָדער װעניגער ענטװיקעלט.

די בעהאַנדלונג געהערט צו דער בעהאַנדלונג פון גײסטעס־קראַנקהײטען אָדער, װאו ס'איז נאָך מעגליך, קאָן מען האָבען ער־פאָלג דורך אַ מאָראַלישען אײנפלוס, דורך צורעדען, און אַזױ װײ־טער.

מיט **סאָדאָמיע** מײנט מען פערקעהר מיט חיות, װעלכעס גע־שעהט מעהרסטענס בײ מענשען װאָס געפינען זיך װײט פון מענש־ליכער געזעלשאַפט. (פון סדום, די פערדאָרבענע שטאָדט).

**פעדעראַסטיע** איז דער פערקעהר פון מענער מיט אינגלעך (קינדער). דאָס איז אַן ערװאָרבענע פערװערסיע, פ ו ן װ ע ל־כ ע ר מ ע ן ק אָ ן ז י ך אָ ב ג ע װ ע ה נ ע ן. עס איז אַ פערקעהר אין דעם רעקטום פון דעם אינגעל. (פעד: קינד, גרי־כיש).

---

**דער האָמאָסעקסואַליזם** איז אַ מין ליעבע און פערקעהר צװישען מענשען פון דעמזעלבען געשלעכט, מענער מיט מענער, פרויען מיט פרויען און אַ װידערװילען אָדער האַס צו מענשען פון'ם אַנדערען געשלעכט. די האָמאָסעקסואַלען שפּיעלען די ראָלע פון אַ מאַן אָדער אַ פרוי און פיהלען זיך אַלס מאַן אָדער פרוי. זײער פעהלער איז אײנגעבוירען און אונהײלבאַר. אָבער מען זאָל ניט פערװעקסלען דעם מין אמת'ן האָמאָסעקסואַליזם מיט דעם װאָס איז בלױז אַ געװאָינהײט, פון װעלכער מען קאָן זיך אָבגע־װעהנען אָדער מיט דעם װאָס װערט פערורזאַכט דורך לעבען אַ

לאַנגע צייט אָהן פּערזאָנען פון אנדערען געשלעכט, ווי אין געפענג־ניש, אין קינדער פּענסיאָנאַטען, צווישען מאַנאַכען און אַזוי ווייטער. עס זענען פאַראַן אמת׳ע האָמאָסעקסואַלען; זיי זאָלען קיין מאָל ניט הייראַטען, דאָס הייסט זוכען צו לעבען מיט לייטע פון׳ם אַנדערען געשלעכט; אַזאַ הייראַט איז אַן אומגליק פאַר ביידע. פאַר אַ נאָרמאַלען מענשען איז דער האָמאָסעקסואַליזם אַבשטויסענד. מען האַלט איהם פאַר אַ פאַרברעכען און די געזעצען בעשטראָפען דערפאַר, ווי אויך פאַר אַנדערע פערווערסיעס. אָבער דורך דער ארבייט פון דעם פּסיכיאַטער ק ר א פ פ ט־ע ב י נ ג האָט מען אַנערקענט אַז מאַנכע האָמאָסעקסואַלען זענען אַזוי פון נאַטור און מען איז מילדער געוואָרען צו זיי. (האָמאָ: עהנליך).

איך בין איבערצייגט, אַז קיין איינער פון די האָמאָסעקסואַלען וואָס איך האָב געזעהן — און איך האָב פילע געזען — איז ניט מיט דעם פעלער געבוירען.

## קאָנסאַנגוויניטעט

קאָנסאַנגוויניטעט, פערקעהר צווישען מענשען פון דער־זעלבער פאַמיליע אָדער הייראַט צווישען בלוט־פאַרוואַנדטע. איז אַ פּראַקטיקע וואָס איז געווען און איז נאָרמאַל ביי נישט־ציווילי־זירטע פּרימיטיווע פעלקער. מען איז נישט פאָלשטענדיג זיכער אויב דאָס איז שעדליך אָדער נישט. מעהרסטענס זעהט מען ניט קיין שלעכטע פאָלגען; מאַנכמאָל געפינט מען יאָ אַן אומ־ריכטיגע ענטוויקלונג אָדער אַ דעגענעראַציע פון די קינדער פון קאָנסאַנגווינע עלטערען. און אַ חוץ דעם איז מעגליך אַז דער שלעכ־טער רעזולטאַט צייגט זיך ערשט שפּעטער, נאָך מעהרערע דורות.

אוועקלאָזענדיג אַלע אומזיכערע טעאָריען אין אַ זייט, ווייסען מיר איין באַשטימטע זאַך פון׳ם לעבען פון די חיות: ווען מען פּאָרט חיות פון ווייט פערשידענע ראַסען, קומען אַרויס שענערע, געזונדערע דורות ווי ווען מען פּאָרט חיות וואָס זענען זעהר נאָהענט פערוואַנדט.

מיר ווייסען פון דער געשיכטע אַז אין מצרים, אין אַלטער־טום, פלעגען חתונה האָבען ברידער מיט שוועסטער. די שעהנע קלעאָפּאַטראַ איז געווען אַ טאָכטער און אַן אייניקעל פון אַזאַ הייראַט. ביי די אַלטע פּערסען פלעגען שוועסטער און ברידער, מאַמעס און טעכטער, מאַמעס און זיהן הייראַטען. די פּרינצען פון

פּערו האָבען געמוזט הייראַטען מיט זייערע שוועסטער און דאָך איז אָנגעגאַנגען 14 דורות אָהן קיין סמן פון דעגענעראַציע. דאָס זענען ביישפּיעלען פון פעלקער מיט אַ פערהעלטניסמעסיג הויכער ציוויליזאַציע. אָבער טראָצדעם קאָן מען קיין בעשטימטע מיינונג ניט געבען. (פון לאַטיינישען: קאָן, צוזאַמען, סאַנגוויס, בלוט).

## סטעריליטעט.

די סטעריליטעט, דאָס הייסט אונפּרוכטבאַרקייט, אונמעגליכקייט צו האָבען קינדער, קאָן זיין צו פערדאַנקען דעם מאַן אָדער דער פרוי, *אָבער אין די מערסטע פאַלען איז דאָס דורך דעם מאַן.* מען קאָן זיין סטעריל דורך: אַבנאָרם־געבויטע אָרגאַנען, דאָס הייסט, פעהלערען מיט וועלכע מען איז געבוירען; דורך פריהעריגע אָדער איצטיגע קראַנקהייטען פון די טעסטיקלען אָדער אַנדערע געשלעכטס־קראַנקהייטען אָדער אַלגעמיינע קראַנקהייטען; אָדער,ביים מאַן, איינפאַך דורך דעם וואָס די טעסטיקלען פּראָדוצירען קיין ריכטיגען אָדער גאָר קיין זאַמען, כאָטש דער בעטרעפענדער מאַן איז קיין מאָל ניט קראַנק געוועזען; די זאַמענפעדים בעוועגען זיך שוואַך אָדער גאָר נישט, אָדער זיי האָבען ניט קיין נאָרמאַלע פאָרם; דער קאַנאַל וואָס פיהרט די זאַמענפעדים אַוועק פון די טעסטיקלען קאָן זיין פערשטאָפּט; דאָס אַלעס קאָן זיין דורך קראַנקהייט אָדער אָהן אַ קראַנקהייט. מען קאָן זיין סטעריל דורך אימפּאָטענץ אָדער שוואַכקייט ביים פערקעהר, אָבער אָפט קאָן מען בעפּרוכטען די פרוי כאָטש מען איז אימפּאָטענט ביים פערקעהר, ווייל דערצו איז גענוג אַז אַ גאַנץ קליינע קוואַנטיטעט זאַמען זאָל אַריין אין איהר שיידע און דער זאַמען פון אַן אימפּאָטענטען מאַן קאָן זיין פרוכטבאַר. אין געגענטייל איז עס מעגליך מען זאָל זיין קרעפטיג סעקסואַל און זיין אונפּרוכטבאַר אין דערזעלבער צייט. עס איז מעגליך אַז אי דער מאַן אי די פרוי זאָל זיין נאָרמאַל יעדער פאַר זיך, אָבער דער זאַמען זאָל סטעריל ווערען גראָד אין דער שיידע פון *דער* פרוי. אין אַזאַ פאַל וואָלט זי געקאָנט האָבען קינדער מיט אַן אַנדערען מאַן און ער מיט אַן אַנדערער פרוי.

די פרוי קאָן זיין סטעריל דורך פריהעריגע אָדער איצטיגע

קראַנקהייטען פון דער געבערמוטער, פון דעם אייערשטאָק, פון דער טובע, אָדער דורך אָנגעבוירענע אַנאָמאַליען פון די אָרגאַנען.

די סטערילִיטעט קאָן בעהאַנדעלט ווערען ווען די אורזאַך וואָס האָט זי הערפאָרגערופען, קאָן בעהאַנדעלט ווערען, אַנדערש נישט. ווען דעם מאַן'ס זאַמען איז סטעריל, איז געוועהנליך קיין האָפנונג נישט פאַראַן.

## דיאַגנאָזע פון מענליכער סטעריליטעט.

מען דערקענט די סטעריליטעט ביים מאַן דורך אונטערזוכען זיין זאַמען. ווי מיר האָבען געזעהן אין די קאַפּיטלען אַנאַטאָמיע, געפינען זיך אין יעדען זאַמען־אויסגוס ביים פערקעהר זעהר פיעלע ספּערמאַטאָזאָען אָדער זאַמענפעדים, קליינע קערפּערלעך וואָס האָבען דעם צוועק זיך צו פעראייניגען מיט די אייעלעך (אָוואולאַ) פון דער פרוי, ווען דיזע ביידע עלעמענטען קומען אין בעריהרונג אין דער טיעפעניש פון דער פרוי'ס געשלעכטס־אָרגאַנען. ווען די ספּערמאַטאָזאָען זענען נאָרמאַל און פריש, בעוועגען זיי זיך שנעל און שווימען אין דער זאַמען־פליסיגקייט. ווען מען אונ־טערזוכט אַלזאָ דעם פרישען זאַמען מיט דעם מיקראָ־סקאָפּ (אַן אינסטרומענט וואָס פערגרעסערט זעהר אַ סך פאַר דעם אויג די זאַכען וואָס זענען צו קליין געזעהן צו ווערען מיט דעם פרייען אויג) און מען געפינט קיין ספּערמאַטאָזאָען, אָדער נישט ריכטיג געבילדעטע ספּערמאַטאָזאָען, אָדער ווען זיי בעוועגען זיך גאָר נישט אָדער זעהר שוואַך, דאַן קאָן דער מאַן נישט בעפרוכ־טען די פרוי; ער איז סטעריל.

כדי צו מאַכען די אונטערזוכונג דאַרף מען האָבען פערקעהר נאָכדעם ווי מען איז נישט געווען צוזאַמען עטליכע טעג, כדי מען זאָל זיין שטאַרקער אויפגערעגט, — און אין אַזאַ צייט פון טאָג, ווען מען קאָן באַלד אַוועקטראָגען דעם זאַמען אין אַ לאַבאָ־ראַטאָריום אָדער צום דאָקטאָר, מיט וועלכען מען האָט זיך איינ־פערשטאַנען פון פריהער. דער זאַמען זאָל ביי דער אונטערזוכונג ניט זיין עלטער ווי איין שעה. דער פערקעהר דאַרף זיין מיט אַ קאָנדאָם (אַ קאַוטשוק בעשיצער), אין וועלכען דער זאַמען בלייבט איבער און וועלכען מען טראָגט אַוועק צו דער אונטערזוכונג.

ווען דער זאמען אליין איז סטעריל, איז ניטאָ וואָס וויטער צו אונטערזוכען, ווייל מען ווייסט שוין די אורזאך פון דער סטעריליטעט ביי דעם פּאָר פּאָלק. ווען אָבער נישט, מוז מען אויסגעפינען אויב די פרוי איז נאָרמאל. אויב זי איז עס, דאָס הייסט, אזוי וויט ווי די אונטערזוכונג קאָן אונז צייגען, מוז מען ארויסנעהמען דעם זאמען, אויף א זעהר פּאָרזיכטיגען אופן, פון פערשידענע ערטער פון די פרויען־אָרגאנען, פון דער שיידע, פון דער עפענונג פון דער געבערמוטער, און איהם אונטערזוכען מיקראָסקאָפּיש, כדי אויסצוגעפינען די אורזאך פון דער סטעריליטעט און צו זעהן אויב דער שליים פון די פרויען־אָרגאנען הרג'עט ניט די זאמענפעדים. דאָס מוז געטון ווערען זאָפּאָרט נאָך דעם פערקעהר.

## די סטעריליזירונג פון פערברעכער.

אין איניגע שטאַטען פון אמעריקא איז דורכגעגאנגען א געזעץ דורך וועלכען „פערברעכער“, דאָס הייסט די וואָס די הייניגע מאָראל און געזעצען רופען אָן פערברעכער, זאָלען ווערען סטעריליזירט מיט געוואלט און ניט קאָנען איבערגעבען בירושה זייערע שלעכטע אייגענשאַפטען צו זייערע קינדער. זיי וועלען אויף אזא'ן אופן אָפּערירט ווערען אז זיי זאָלען נישט מעהר קאָנען האָבען קיין קינדער, כאָטש פערקעהר זאָלען זיי זיין אימשטאַנד צו האָבען. אזא אָפּעראַציע איז ביים מאַן זעהר לייכט צו מאַכען, זי איז נאָר וועניג שמערצהאַפט, ווייל זי בעשטעהט נישט מעהר ווי אין איינשניידען אָדער אין א מין צובינדען דעם קאַנאל דורך וועלכען דער זאמען קומט פון די טעסטיקלען. די אָפּעראַציע הייסט: ו ו א ס ע ק ט אָ מ י ע. ביי דער פרוי איז עס אויך נישט זעהר שווער, ווייל עס איז גענוג צו אונטערברעכען דעם וועג וואו דער ספּערמאַטאָזאָאָן פון דעם זאמען באַגעגענט זיך מיט דעם אייעלע וואָס קומט פון דעם אייערשטאָק; און דאָס קאָן מען טון דורך איינשניידען אָדער צובינדען די טובען, דאָס הייסט דעם קאַנאל וועלכער געהט פון יעדען אייערשטאָק צו דער געבערמוטער.

עס איז שרעקליך צו דענקען אז די פערטרעטער פון דעם היינטיגען געזעץ און פון דער זאָגענאַנטער אָרדנונג, האָבען אזא גרויסע מאַכט אין זייערע הענד און, האָבענדיג אין זין א סך פריהערע

ערפאַהרונגען, האָט מען אַ רעכט מורא צו האָבען, אַז זיי וועלען דאָס געזעץ פון צייט צו צייט אַזוי אויסטייטשען אַז מאַנכע פון די קרבנות וועלען נישט זיין קיין פערברעכער אפילו אין דעם געוועהנליכען זין פון וואָרט, אויסערדעם וואָס די וואָס מען רופט פערברעכער אָבער זענען עס ניט, קאָנען אַמאָל זיין העכערע און ניצליכערע מענשען ווי די אָפּהיטער פון דער אָרדנונג אַליין. אָבער אַ חוץ דעם איז עס לעכערליך און נאַריש צו וועלען פערמינדערען די צאָהל פערברעכער אויף אַזאַ ווילדען, באַרבאַרישען אופן, ווען פון דער אַנדערער זייט בלייבען בעשטעהן די סאָציאַלע אומ־שטענדען וואָס זענען די אמת'ע אורזאַכען פון דעם וואָס מען רופט היינט אָן „פערברעכער". און אַזוי לאַנג ווי די אומ־שטענדען וועלען בלייבען אונפאַרענדערט, וועלען אַזעלכע פּאַליאַ־טיווען ווי די סטעריליזירונג, נישט האָבען קיין גרויסע ווירקונג; ווען די סאָציאַלע בעדינגונגען וועלען זיך אָבער ענדערען און ווערען גערעכטער, וועט אַזאַ געזעץ נישט נויטיג זיין.

מען האָט אויך רעקאָמענדירט די סטעריליזירונג פון אַלע ניט־נאָרמאַלע מענשען, פון די שוואַכזיניגע, גייסטיג־נעדירגע. דאָס וואָלט אָפּטמאָל געווען אַ מעלה, ווייל געוויסע נייגונגען פון דעם מח זענען מעהר אָדער ווייניגער הערעדיטיר. אָבער עס טרעפט זיך מאַנכמאָל אַז די קינדער פון שוואַכזיניגע זאָלען זיין קלוג און אינטעליגענט, זאָגאַר גלענצענד.

# פערהיטונגס מיטלען.

אזוי ווי יעדע פרוי און יעדער מאן פיהלען אז זיי זענען די איינציגע וואס האבען א רעכט צו באשטימען ווען זיי זאלען האבען א קינד און וויפיעל קינדער זיי זאלען האבען, רעגולירען א סך פון זיי אליין די צאהל פון זייערע קינדער. זיי טוען דאס דורך קינסטליכע פערהיטונגס מיטלען, וואס ערלויבען ניט אז די פרוי זאל שוואנגער ווערען. עס זענען פאראן גאנץ גוטע אזעלכע מיטלען, נאר די געזעצען פון מאנכע לענדער בעשטראפען די וואס פערשפרייטען זיי. דעריבער איז עס, פון איין זייט, אונמעגליך זיי איבערצוגעבען אין אזא בוך ווי דאס, ווען עס ערשיינט אין א לאנד מיט אזעלכע געזעצען; און פון דער אנדערער זייט איז עס נויטיג אנצופיהרען א ענערגישען קאמף כדי יענע געזעצען זאלען ארונטערגענומען ווערען און אז מען זאל קאנען, פראנק און פריי, פערטיילען די מיטלען.

(אונטערדריקט דורך דער אמעריקאנישער
פאסט-צענזור).

דערווייל אבער, אלס א סמן פון פראטעסט, וועל איך דא איבערלאזען א פאר לעדיגע זייטען, וואס זאלען אנווייזען אז די פערהיטונגס-מיטלען וואלטען אויף דעם פלאץ געדארפט געדרוקט ווערען.

אין דער צווייטער אויפלאגע איז אויף דעם פלאץ געווען אן ארטיקעל איבער דעם „אומפאלשטענדיגען פארקעהר“.

## היפּאָספּאַדיע.

היפּאָספּאַדיע איז אַ צושטאַנד ביי וועלכען אַ מאַן ווערט געבוירען מיט דער עפענונג פון דעם אורין־קאַנאַל נישט ביים ענד, נאָר אויף דער אונטערשטער זייט פון דעם גליד. עס זענען פאַראַן פערשידענע גראַדען פון היפּאָספּאַדיע; די עפענונג קאָן זיין גאַנץ נאָהענט פון איהר נאָרמאַלען אָרט, דאַן האָט עס קיין שום אונאַנגענעהמע פאָלגען; זי קאָן זיין אונגעפעהר אין דער מיט פון דער לענג פון דעם אָרגאַן אָדער זאָגאַר ביים אונטערשטען ענד, נישט ווייט פון די טעסטיקלען. אין דיזע פאַלען קאָן דאָס אורינירען און *דער געשלעכטליכער פערקעהר געשטערט ווערען*; עס איז אויך מעגליך אז מען זאָל דורך דעם ניט קאָנען בעפרוכטען די פרוי, מען זאָל זיין *סטעריל*, ווייל דער זאַמען קאָן ניט אריין אין דער שיידע; אָבער דאָס *מוז נישט* תמיד זיין. — ליידער קאָן מען צו דיזען צושטאַנד גאָר נישט טון, אַ חוץ אַן אָפּעראַציע, וועלכע גיט נישט תמיד דעם געווינשטען רעזולטאַט, אָבער וועלכע איז דאָך מאַנכמאָל ערפאָלגרייך. די אָפּעראַציע בעשטעהט אין דעם, אז מען מאַכט אַ קינסטליכען קאַנאַל אָדער אַ מין בריק מיט דער הויט פון דעם פּאַציענטען. אויב מען ענטשליסט זיך צו אַן אָפּעראַציע, איז אַ פראַגע ווען מען זאָל זי מאַכען. מאַנכע דענקען אז ס'איז גוט דאָס צו טון אין דער פריהעסטער קינדהייט; אויב אַזוי, הענגט עס אָב פון דעם איבריגען צושטאַנד פון דעם קינו"ס קערפּער; אָבער איך וואָלט געראָטען מען זאָל זי מאַכען ערשט שפּעטער אין לעבען.

## בעהאַלטענע טעסטיקלען (קריפּטאָרכיזם).

אין דער ערשטער צייט פון דעם קינד'ס ענטוויקלונג אין דער מאַמע'ס געבערמוטער, בילדען זיך די *טעסטיקלען* אין דעם קינד'ס בויך, פון וואַנען זיי שטייגען אַרונטער אין דעם *סקראָטום*, אין דעם זעקעל אין וועלכען זיי בלייבען פאַר תמיד. דאָס אַרונטערשטייגען געשעהט נאָך פאַר דער געבורט, אַזוי אז ביי אַ נאָרמאַל קינד געפינט מען געוועהנליך די טעסטיקלען

אויף זייער ריכטיגען ארט. עס קאן זיך אבער טרעפען אז די טעסטיקלען זאלען בלייבען,ביידע אדער איינס פון זיי, אין דעם בויך אדער אין דער דיך, אונטער דער הויט. דאס איז איינע פון די אונרעגעלמעסיגקייטען וואס קומען מאנכעס מאל פאר אין דער ענטוויקלונג פון'ן קינד. וואס־זשע זענען די פאלגען דערפון? מעהרסטענס גאר נישט. די טעסטיקלען קאנען אויסיבען זייער ארבייט דארט וואו זיי געפינען זיך. זיי בילדען די ספערמאטאזאען און דיזע געהן איבער אין די ערטער פון וואנען זיי קומען דערנאך ארויס ביים פערקעהר. דער פערקעהר און די לוסט צום פערקעהר ווערען אויך נישט געשטערט דורך דער אבנארמער לאגע פון די טעסטיקלען. דאס הייסט אז מען דארף גאר נישט טון דערצו. — מאנכמאל שטייגען די טעסטיקלען אראב אין די ערשטע חדשים אדער יאהרען נאך דער געבורט; מאנכמאל בלייבען זיי אויבען דאס גאנצע לעבען. — זעלטען־זעלטען קאן זיך מאכען אז א טעסטיקעל אין דער דיך זאל דורך דעם דרוק פערורזאכען שמערץ אדער זאל קראנק ווערען און מען זאל זיך נייטיגען אין אן אפעראציע: צו ברענגען דעם טעסטיקעל אויף דעם ריכטיגען ארט אדער איהם ארויסצונעהמען.

## וואריקאסעל.

דאס איז ניט קיין געשלעכטס קראנקהייט און אויך ניט קיין סעקסואלע אנאמאליע אין ענגערען זין פון ווארט, אבער אזוי ווי די אונטען־בעשריבענע פערענדערונגען קומען פאר נעבען א געשלעכטס־ארגאן, איז דא דאס ריכטיגע ארט דעריבער צו רעדען.

פון די טעסטיקלען וועלכע פראדוצירען דעם מאן'ס זאמען (די ספערמא) פיהרט א קאנאל (דער ספערמאטישער שטראנג) אוועק אין דער הויך; צוזאמען מיט דעם קאנאל געהן די זאגענאנטע ספערמאטישע בלוט־אדערען. דיזע אדערען קאנען צוצויגען ווערען און פולער ווערען מיט בלוט וואס צירקולירט נישט גענוג גוט; זיי הייסען דאן וואריקעזע אדערען און זעהן אויס ווי געשוואלענע אדערען, וואס 'טרעפען זיך אפט אויף די פיס פון פרויען און פון מענער וואס שטעהן א סך אויף די פיס. צוזאמען מיט דעם געהט אפטמאל א שוועלונג פון דעם

ס ק ר אָ ט ו ם, דאָס הייסט פון דעם זאַק אין וועלכען די טעס־טיקלען געפינען זיך. דיזער צושטאַנד הייסט וואַריקאָסעל. מען מוז זיך אָבער גוט איינפערשטעהן וועגען דעם וואַריקאָסעל וואָס איז אַ קראַנקהייט און וועגען דעם וואָס איז נישט, ווייל אַ סך ביכ־לעך, — און ספּעציעל די וואָס ווערען אַרויסגעגעבען פון די שווינ־דעל־דאָקטוירים, — בעשרייבען דעם וואַריקאָסעל אויף אַזאַ'ן אופן אַז יעדער מאַן קאָן דענקען אַז ער האָט די קראַנקהייט און אַז זי איז געפעהרליך. נו, דאָס איז שטאַרק איבערטריבען. דורך דער שווינדעל־ליטעראַטור געוועהנען זיך אַ סך יונגע מענער צופיעל צו קוקען אויף זייערע געשלעכטס־אָרגאַנען און פאָלגליך צו ענטדעקען נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע קראַנקהייטען. דער אמת איז אַז מעהר ווי די העלפט מענער האָבען די ס פּ ע ר מ א ט י־ש ע אָ ד ע ר ע ן (בעזונדערס לינקס) געננג פול, כדי מען זאָל זיי קאָנען זעהן און פיהלען אַלס לענגליכע, שלאַנגענאַרטיגע מאַסען, — און דאָס איז קיין קראַנקהייט! ד ע ר א מ ת ' ע ר וו א ר י ק אָ ס ע ל א י ז פ ע ר ה ע ל ט נ י ס מ ע ס י ג ז ע ל ט ע ן. פערגעסט דאָס נישט און לאָזט זיך נישט אָבנאַרען! ביי דעם אמת'ען וואַריקאָסעל איז די אויבען בעשריבענע שוועלונג אַ זעהר שטאַרקע, — כאָטש אפילו דאָס מאַכט נישט תמיד אויס, ווייל מען קאָן דאָס האָבען אין זיך און זיך דאָך פיהלען גאַנץ גע־זונד, — און מען האָט מעהר אָדער ווענעגער גרויסען ש מ ע ר ץ. נאָר אפילו וועגען דעם סימפּטאָם פון שמערץ דאַרף מען זעהר פאָר־זיכטיג זיין, ווייל דורך דעם צופיעל זיך פאָרען מיט די טעסטיקלען און אביסעל מיט דער הילף פון דער איינבילדונג, קאָן מען דערפיהלען אַ שמערץ דאָרט וואו ער וואָלט קיין מאָל ניט געוועזן. — די פאָלגע פון דעם אמת'ן וואַריקאָסעל קאָן זיין אַ פערקלענערונג פון דעם כח צו האָבען געשלעכטליכען פערקעהר אָדער אַן אָבשוואַכונג פון די טעסטיקלען אין זייער אַרבייט אַלס זאַמען־פּראָדוצירענדע אָרגאַ־נען, דאָס הייסט א י מ פּ אָ ט ע נ ץ אָ ד ע ר ס ט ע ר י־ל י ט ע ט. — נאָר דאָס איז ווידער געזאָגט בלויז פאַר קלוגע, ראַציאָנאַלע מענשען, וואָס איבערטרייבען ניט זייער צושטאַנד און בילדען זיך ניט איין קיין קראַנקהייטען, ווייל די נאַראָנים וואָס איבערטרייבען זיך אַלעס קאָנען פון דיזע ווערטער פערשטעהן אַז

זיי זענען אימפּאָטענט (אונפעהיג צום פערקעהר), כאָטש זיי זענען עס ניט און מיין אויפקלערונג קאָן זיי שאדען אנשטאט זיי צו העלפען! — פערוועקסלונגען פון וואַריקאָסעל מיט אנדערע קראַנקהייטען פון דער געגענד, ווי א ברוך, „וואסער אין האָדען“ אָדער אנדערס, קאָנען נישט טרעפען ביי קיין געאיבטען דאָקטאָר. — די אורזאכען פון וואַריקאָסעל קאָנען זיין: 1) מען קאָן דערמיט געבוירען ווערען; 2) די אנאטאָמיע פון די אָדערען פון דעם אָרט קאָן זיין אזוי אז זייער וואַריקעזער צושטאַנד איז נאָרמאַל; 3) צופיעל שטעהן אויף איין אָרט; 4) פערשטאָפּונג און הארטער שטול. ווי איהר זעהט איז די אורזאך גאָר נישט קיין געשלעכט־ליכע כאָטש געשלעכטליכע פעהלערן קאָנען די בעדינגונגען ערגער מאכען.

דירעקטע בעהאנדלונג איז נאָר דאַן נויטיג ווען מען ליידט פון דעם וואַריקאָסעל און ווען מען קאָן קאָנסטאטירען אן אמת'ען קראַנקהאַפטען צושטאַנד. אין אלגעמיין דאַרף מען זעהן אז די פעהלערן אין דעם געשלעכטס־לעבען זאָלען אויסגע־בעסערט ווערען, אויב זיי זענען פאראַן; די פערשטאָפּונג מוז געהיילט ווערען; מען דאַרף אויפגעבען דאָס שטעהן אויף אָן אָרט; א גוטער הענג־זאַק (סוספּענסאָריום) קאָן פערטרייבען די שמערצען; לויוואַרעמע אָדער קיהלע זיצבעדער יעדען טאָג פאַר א האלבער שעה. געהן שאדט געוועהנליך ניט. — וואָס אנבעלאַנגט די אָפּעראַטיווע בעהאנדלונג, ווען זי איז נויטיג, בעשטעהט זי אין דעם, אז מען שניידט אוים די געשוואָלענע אָדערען אָדער מען בינדט זיי אונטער, אזוי אז דאָס בלוט זאָל נישט מעהר קאָנען פליסען דורך זיי און זאָל זיך זוכען אנדערע וועגען. דאָס דאַרף נאָר געטון ווערען אין זעהר זעלטענע און עקסטרעמע פאַלען, וואו די ליידען זענען גרויסע און קיין שום אנדער מיטעל קאָן נישט ווירקען. — אנדערע רפואות, ווי עלעק־טריציטעט, עטצ., מיט וועלכע די שווינדעל־דאָקטוירים ערשטוינען אָפט די נאַראָנים, זענען ביי דער קראַנקהייט אָהן ערפאָלג.

## דער ברוך אָדער די הערניע.

דער ברוך איז ניט קיין געשלעכטס־קראַנקהייט, אָבער אזוי ווי ער קומט פאַר נאָהענט צו די געשלעכטס אָרגאַנען, האָט ער א

שייכות צו זיי און איך האַלט עס פאַר ריכטיג אויף דעם פּלאַץ איבער איהם צו רעדען. ער ווירקט אויך אַמאָל אָבשוואַכענד ביים פערקעהר.

א ברוך בעשטעהט אין דעם ארויסגעהן פון אינערליכע קער־פּערטיילען ארויס פון דער בויך־וואַנד אָדער אין דער בויך־וואַנד (דאָס הייסט די וואַנד פון מוסקעל, פעט, הויט און אנדערע געוועבען וואָס בעדעקען די בויך־העהל). א ברוך (הערניע, ענגליש: ר אַ פּ ט ש ו ר) בילדעט זיך אין די ערטער וואָס זענען פון דער נאַטור שוואַכע אָדער וואָס ווערען דורך פערשידענע אומשטענדען שוואַכער. צום ביישפּיעל, דאָס אָרט דורך וועלכען דער ט ע ס־ט י ק ע ל איז אין דעם עמבריאָן'ס לעבען ארונטער פון דעם בויך אין דעם האָדענזאַק (זעה אין דיזען בוך דאָס קאַפּיטעל איבער די „טעסטיקלען" אויף זייט 49 און דאָס קאַפּיטעל איבער „בע־האַלטענע טעסטיקלען" אויף זייט 162) בלייבט ביי מאַנכע מענער א שוואַכער פּונקט. אין מאַנכע פאַמיליען ירש'עט זיך אזא שוואַכ־קייט. אזעלכע שוואַכע ערטער קאָנען זיך בילדען, אָדער דאָרט וואו זיי זענען שוין פאַראַן קאָנען זיי נאָך שוואַכער ווערען דורך: שטאַרקע, אונגעוועהנליכע קערפּערליכע אַנשטרענגונגען; ביי פרוי־ען, אָפטע שוואַנגערשאַפטען; אַבנאָרמע שוואַנגערשאַפטען; גרויסע פעטלייביגקייט; אַלגעמיינע שוואַכקייט, און אזוי ווייטער.

עס זענען פאַראַן עטליכע סאָרטען הערניען, נאָך די ערטער וואו זיי געפינען זיך:

נ אַ פּ ע ל ־ ב ר ו ך ביי נייגעבוירענע קינדער, ביי קינ־דער אין די ערשטע יאָהרען, ביי פרויען נאָך ענטבינדונגען, ביי שנעל דיק געוואָרענע מענשען. דאָס זענען ניט צווישען די אָפטע הערניען.

זעלטען זענען אויך די ב ו י ך ־ ו ו אַ נ ד ־ ה ע ר נ י ע ן, וועלכע בילדען זיך אין דער מיטעל־ליניע פון דעם בויך; אָבער פערהעלטניסמעסיג אָפט זענען די הערניען אין דער ד י ך, א י נ־ג ו ו י נ אַ ל ־ ה ע ר נ י ע ן, אָדער ל ײ ס ט ע ן ־ ב ר ו־כ ע ן, וועלכע קאָנען זיין רעכטס אָדער לינקס, אָדער אין ביידע זייטען. אין דער ד י ך ־ ג ע ג ע נ ד קאָנען זיך אויך טרעפען הערניען וואָס קומען ארויס נידריגער ווי די אינגווינאַל־הערניען; דאָס זענען די ש ע נ ק ע ל ־ ב ר ו כ ע ן.

די לייסטען־ברוכען קומען פאר עפטער ביי מענער ווי ביי פרויען.

די ברוך־עפענונג איז אם אנפאנג א גאנץ קליינע, אבער מיט דער צייט ווערט זי אפט גרעסער און גרעסער. צוערשט ווערט בלויז אין איהר ארויסגעשטופט א קליינע מאסע פון די אינווע־ניגסטע ארגאנען; מיט אזא מין לייכטער, קליינער הערניע, וועלכע זעהט זיך אפט אן פון דרויסען ווי א קליינע שוועלונג אונטער דער הויט, קאן מען דורכגעהן דאס גאנצע לעבען. ס'איז אויך מעג־ליך די „שוועלונג" זאל פערשווינדען און זיך ווידער בילדען, דאס הייסט אז די הערניע זאל אריינגעהן און ווידער ארויסקומען. דאס איז אויך מעגליך אין מאנכע פאלען פון גרעסערע הערניען. ווען זיי זענען אבער גרויס, געהן זיי נישט אליין אריין, נאר מען קאן זיי אפט מיט די הענד אריינלעגען, ביי וועלכער געלעגענהייט מען קאן ניט זעלטען הערען א גערויש, א מין ווארטשען, וואס קומט פון דעם ארויסקוועטשען די לופט אדער די גאזען פון דעם שטיק גערערים פון'ם ברוך אין די אינערליכע גערערים.

דער אינהאלט פון דעם ברוך איז אם אנפאנג בלויז א שטיקעל געוועב אדער פעט פון דער בויך־העהל, שפעטער א שטיקעל פון די גערערים, דאן מעהר און מעהר פון זיי.

דער לייסטען־ברוך קאן ארונטערגעהן טיעפער און טיעפער אין דעם האדען־זאק (סקראטום) און קאן די טעסטיקלען פערדרענ־גען פון זייער פלאץ. ביי זעהר אלטע און פערנאכלעסיגטע הער־ניען, קאן א זעהר גרויסער חלק פון די גערערים ליגען אין דעם קאלאסאל פערגרעסערטען האדען־זאק, וועלכער הענגט אראב כמעט ביז צו די קני און פערהינדערט דאס געהן.

ביי פרויען געהט מעהרסטענס די הערניע אריין אין די גרויסע ליפען.

ווען די הערניע ווערט צוגעוואקסען צו די אנדערע געוועבען פון דעם ברוך־איינגאנג, קאן מען זי שוין מעהר ניט אריינלעגען.

דורך דער הערניע געהט דורך דאס שטול־מאטעריאל און די שטאפען וואס געפינען זיך געוועהנליך אין די גערערים; אבער ווען דאס ברוך־שטיק פילט זיך אן מיט שטול־מאטעריאל, ווען דאס לעצטע ווערט ניט ווייטער בעוועגט און בלייבט שטעהן אין

דעם ברוך וועהרענד אנדער מאַטעריאַל קומט אָן פון ריקווערטס און דריקט עס, ווערט די עפענונג צו ענג פאַר דער גאַנצער מאַסע, די הערניע איז איינגעקלעמט, ווערט ענטצונדען, איז זעהר שמערצהאַפט, קאָן אָבשטאַרבען, גאַנגרענירט ווערען („בראַנ־דיג" ווערען) און די ענטצינדונג קאָן איבערגעהן אין דער בויך־העהל, וועלכער צושטאַנד ענדיגט זיך מעהרסטענס מיט דעם טויט פון דעם קראַנקען.

די סימפּטאָמען פון די געוועהנליכע ברוכען קאָנען זיין: קיין שום אונאַנגענעהם געפיהל אָדער א געפיהל פון דרוק, ביז צו די ערגסטע שמערצען. פערשטאָפּונג קאָן זיין א פאָלגע פון א ברוך אָדער קאָן דורך דעם ברוך פערשטאַרקט ווערען. ארבייטען שווער, לאַנגע צייט הוסטען, אָדער, ביי קינדער, קייכהוסט, פערשטאַרקט די סימפּטאָמען פון א שוין־עקזיסטירענדען ברוך.

פיעלע מענשען האָבען ניט קיין ברוך, נאָר אַן אַנלאַג צון א ברוך, דאָס הייסט זיי קאָנען לייכט קריגען א ברוך; די אנלאג איז ביי א סך מענשען איינגעבוירען.

ווען דער ברוך איז נאָך ניט ענטוויקעלט אָדער ווען מען האָט נאָר אַן אַנלאַג, קאָן מען די פאָלגען פערהיטען דורך א ריכטיגער פערדויאונג, געוויסע גימנאַסטישע איבונגען, וועלכע פערשטאַרקען די מוסקלען פון דעם בויך. ווען דער ברוך איז שוין ענטוויקעלט, דאַרף מען זיך היטען פון אַזעלכע ארבייטען און איבונגען וואָס קאָנען זיין שעדליך, מען דאַרף זעהן צו האָבען גוטען שטולגאַנג. טראָגען א באַנדאַזש (א „בענדעל", טראָסס) איז אָפט נויטיג, אבער אין אַזא פאַל מוז מען זיין זיכער אַז דער ברוך ווערט צוערשט אריינגעלעגט אינעווייניג. דער באַנדאַזש מוז געמאַכט ווערען נאָך דער מאָס פון דעם קראַנקען און מוז זעהר גוט פּאַסען, ווייל ווען נישט קאָן דער באַנדאַזש מעהר שאַדען ווי העלפען. אַן אָפּעראַציע איז, ביי ניט צו אַלטע מענשען אָפט, אָבער ניט תמיד, די איינציגע ראַדיקאַלע בעהאַנדלונג, דאָס איינציגע וואָס היילט דעם ברוך; זי בעשטעהט אין דעם וואָס מען נעהט פּשוט צו די עפענונג פון אונטער דער הויט.

ביי יונגע קינדער איז אָפט שווער צו בעשטימען אויב מען

דארף א באנדאזש, אן אָפּעראַציע אָדער גאָר נישט. מען דאַרף זיך דאָס גוט איבערלעגען.

## הערמאַפראָדיטיזם

הערמאפראָדיטיזם הייסט אן אונמעגליכער צושטאנד אין וועלכען א מענש איז פרוי און מאן אין דערזעלבער צייט. אזא מענש וואָלט געדארפט האָבען אינערליכע און אויסערליכע געשלעכטס־אָרגאנען פון ביידע סעקסען. ד אָ ס עקזיסטירט ניט און, נאָך אַלע וויסענשאַפטליכע אנגאבען, האָט קיין מאָל ניט עקזיסטירט.

עס קאָן אָבער פּאָרקומען אז א מענש מיט אינערליכע ווייבליכע אָרגאנען (אייערשטעק, געבערמוטער, טובען און שיידע) זאָל בעזיצען דרויסענדיגע אָרגאנען וואָס זאָלען זיין עהנליך צו די מענליכע. די גרויסע ליפּען קאָנען זיין פערלענגערט און אויסזעהן ווי דאָס סקראָטום, דער קליטאָרים קאָן זיין פערגרעסערט און אויסזעהן ווי א פּענים. ביי א מאן קאָן דאָס סקראָטום זיין מעהר אָדער וועניגער געשפּאָלטען און אויסזעהן ווי די גרויסע ליפּען, דער פּענים קאָן זיין צו קליין. אָפט האָט אזא מענש נאָך אנדערע סמנים פון'ם צווייטען געשלעכט: א מאן מיט א ווייבליכער שטימע, א פרוי מיט א באָרד, און אזוי ווייטער.

אזעלכע פאַלען זענען זעלטען און זיי וואָלטען דאָ ניט דערמאָנט געוואָרען, ווען ניט די אבערגלויבענס וואָס צירקולירען וועגען דעם אין פּובליקום.

## אימפּאָטענץ.

די אימפּאָטענץ אָדער די געשלעכטליכע אונפעהיגקייט קאָן זיין אן אָרגאנישע, דאָס הייסט ווען די סעקסואַלע אָרגאנען זענען נישט נאָרמאַל, אָדער א נישט־אָרגאנישע, ווען די אָרגאנען זענען פאָלשטענדיג נאָרמאַל, נאָר זייער פונקציע, זייער ארבייט, איז געשטערט. די ערשטע ארט אימפּאָטענץ איז פערהעלטניסמעסיג זעלטען.

מען קאָן זיין אימפּאָטענט פּאר תמיד אָדער פאר א קורצער צייט; אין דער צייט ווען מען איז אונפּע־

היג, קאָן מען זיין פ ו ל ש ט ע נ ד י ג אָדער ט ײ ל װ ײ ז, מעהר אָדער װעניגער, אימפּאָטענט. מען קאָן פ ע ר ל י ־ ר ע ן א י ן ג א נ צ ע ן ד י ל ו ס ט צום פערקעהר, צו סײ װעלכער פערזאָן אָדער בלויז צון א געװיסער פערזאָן; מען קאָן האָבען די לוסט און נ י ש ט ז ײ ן פ ע ה י ג צו פער־קעהרען; די לעצטע איז די פערשפרייטעסטע פאָרם.

די אימפּאָטענץ איז בעזונדערס וויכטיג ביים מאַן, די פרוי זייענדיג ניט אזוי אַקטיװ װי דער מאַן אין דעם סעקסואַלען אַקט.

ביי אַלטע לייט איז די אימפּאָטענץ זעהר פערשפּרייט.

בײ יונגע לייט איז זי מ ע ה ר ס ט ע נ ס א פאָלגע פון אײנרערעניש, פון פאָרשטעלונג, פון פערלירען דעם צוטרויען צו זיך אַליין. אָבער מאַנכעמאָל איז זי א פאָלגע פון צופיעל פער־קעהר, אָדער פון צופיעל אויפרעגונג אָהן פערקעהר, אָדער גאָר פון מאַנגעל אַן פערקעהר אין די יאָהרען אין װעלכע ער איז אונבעדינגט נויטיג. מאַסטורבאַציע, אויב א לאַנגע צייט און זעהר אָפט פּראַק־טיצירט, קאָן האָבען די אימפּאָטענץ אַלס א צייטווײליגע פאָלגע.

עס טרעפט זיך אויך אָפט אַז אין דער ערשטער צייט „נאָך דער חתונה" זאָל דער יונגערמאַן ניט קאָנען האָבען פערקעהר, ווייל ער איז צו שטאַרק אויפגערעגט אָדער ווייל ער ווייסט נאָך ניט ווי אזוי. דאָס איז ניט קיין אימפּאָטענץ. עס רעגולירט זיך באַלד פון זיך אַליין.

די פרוי איז ניט זעלטען שולדיג אין דעם מאַן'ס אימפּאָטענץ: זי האָט מורא פאַר דעם פערקעהר און לאָזט דעם מאַן ניט לייכט צו צו זיך, אזוי אַז ער ווערט מיט דער צייט שוואַך געשלעכטליך.

אויך דער מאַנגעל אַן סימפּאַטיע צווישען מאַן און פרוי קאָן האָבען אַלס ווירקונג אַן אָבשוואַכונג פון דעם מאַן'ס סעקסואַלער קראַפט.

אין די מעהרסטע פאַלען איז די אימפּאָטענץ היילבאַר דורך צ ו ר י ק ק ר י ג ע ן ד ע ם צ ו ט ר ו י ע ן צ ו ז י ך א ל י י ן, דורך א נאָרמאַל לעבען אין אַלגעמיין און א נאָרמאַל געשלעכטליך לעבען בפרט, מאַנכמאָל דורך א פולשטענדיגע גע־שלעכטליכע רוה פאַר א געוויסער צייט, דורך קערפּערליכע איבונגען, פיעל געהן, דורך א קאָמבינאַציע פון קאַלטע און וואַרמע בעדער. מע־

דיקאמענטען זענען אדער אהן קיין שום ווירקונג, אדער שעדליך, ווייל ווען זיי ווירקען פאר דעם אויגענבליק, שוואכען זיי אב פאר דער צוקונפט. אזוי לאנג ווי די ע ר ע ק צ י ע, דאס הייסט שטייף־ווערען פון דעם גליד, איז מעגליך, איז פאראן א סך האפנונג אויף בעסערונג אדער היילונג דורך די אויביגע מיטלען און ווען זיי העלפען נישט, דורך בעהאנדלונגען מיט ס א נ ד ע ן (אזא מין מעטאלענע אינסטרומענטען) און מיט איינשפריצונגען. עלעקטריציטעט ווירקט קיין מאל נישט. (פיגור 44).

אין אלגעמיין קאן מען ניט אנגעבען קיין בעהאנדלונג וואס זאל זיך צופאסען צו יעדען. יעדער פאל פאדערט א מעהר אדער ווייניגער פערשידענע בעהאנדלונג.

## די בעשניידונג אדער די מילה.

די בעשניידונג איז אן אפעראציע דורך וועלכער די פ א ר־ה ו י ט ווערט אוועקגעשניטען דורך געוויסע כירורגישע מעטאדען.
מען מוז זי מאכען ווען די פארהויט איז פערענגערט פון געבורט אדער דורך קראנקהייטען.

זי ווערט אבער אויך געמאכט ביי פערשידענע פעלקער אלס א מין רעליגיעזע צערעמאניע. דאס איז דער פאל ביי אידען.

זי איז געוועהנליך א לייכטע, ניט געפעהרליכע, קליינע אפע־ראציע, אבער זי קאן זיין שעדליך אדער געפעהרליך אויב די פער־זאן וועלכע מאכט זי, צום ביישפיעל דער מוהל, ווייסט ניט וועגען כירורגישער ריינקייט אדער ווען ער ליידט אליין פון אן אנשטעקענ־דיגער קראנקהייט און שטעקט אן די וואונד.

איך בין אין פרינציפ געגען דער רעליגיעזער מילה, דאס הייסט געגען דער בעשניידונג וואס איז ניט נויטיג, נאר וואס איז א רע־ליגיעזע צערעמאניע.

א סך ניט רעליגיעזע, אדער האלב רעליגיעזע אידען לאזען זייערע קינדער מל זיין און זאגען אז זיי טוען דאס ניט צוליעב רע־ליגיאן, נאר ווייל עס איז געזונד.

לאמיר די פראגע פון מילה אביסעל גענויער בעטראכטען.

מיט די אידען, וואס גלויבען אין אלץ, וואס „גאט האט גע־

באַטען", האָב איך נישט וואָס צו רעדען. זיי גלויבען, שעמען זיך נישט מיט זייער אמונה און פיהרען זיך אויף נאָך זייער רעליגיעזער איבערצייגונג.

עס זענען אָבער דאָ צווישען אונזערע אידען אַ סך, וואָס ווילען טאַנצען אויף אַלע חתונות, האַלבע, פערטעל, אַכטעל מענשען, אַ מין היפּאָקריטען, וואָס זענען געבוירען געוואָרען אַלס אַן אויסוואוקס פון דער פריידענקערישער פּראָפּאַגאַנדאַ. די היפּאָקריטען פון דער אַלטער שול פלעגען עסען חזיר, ווען קיינער האָט זיי נישט געזעהן, און פאַר'ן עולם פלעגען זיי זיין גאָט'ס פרומע שעפעלעך. די היינטיגע צבוע'קעס ווילען, אַז מען זאָל זיי אַריינרעכענען אין די רייהען פון די אויפגעקלערטע, לאַכען זיך אויס פון יעדען „פרומאַק", און ווען עס קומט צו עפּיס, האָבען זיי מורא פאַר דעם רבונו של עולם, און בוקען זיך צון איהם. זיי דענקען נישט ווי די אַלטע רעמער: „אפשר איז ד ע ר גאָט אויך עפּיס ווערט, לאָמיר איהם אויך אַביסעל דיענען"! ניין, זיי זענען טאַקע פול מיט גאָט אין דער נשמה, זיי זענען גאָר נישט רייף זיך צו בעפרייען פון איהם, נאָר זיי ווילען בעשווינדלען דעם פרייען געדאַנק. ס'איז דאָך מאָדערן, ס'איז דאָך אַ מאָדע ניט צו גלויבען. מען בעקומט דאָך אַ שם אַלס אַ געבילדעטער, פאָרגעשריטענער מענש. פאַרוואָס נישט? איבערהויפּט, אַז עס קאָן העלפען צו די געשעפטען! זיי ווייסען נישט (און דאָס רעוואָלוציאָנערע פּובליקום פאָדערט עס נישט), אַז כדי צו זיין אַ פאָרטגעשריטענער מענש מ ו ז מ ע ן מ א כ ע ן אָ פּ פ ע ר, מוז מען קעמפען. ווען מען וואָלט געשטעלט אָט די בעדינגונג צון אַלע רעוואָלוציאָנערען און פריידענקער, ווי ווייניג וואָלטען דאַן געווען!

דאַכט זיך, וואָס פאַר אַן אונטערשיד צווישען צבוע'קעס? היפּאָקריטען בלייבען היפּאָקריטען, אויב גאָטס־פאָרכטיגע אָדער פריידענקערישע, אַלץ איין מכה! ס'איז אָבער פאָרט נישט אַזוי: „אונזערע" היפּאָקריטען, די מאָדערנע, זענען דאָך די ערגסטע. פאַר וואָס? אַ ביישפּיעל: עס שטעהט אין דער תורה, אַז גאָט האָט בעשאַפען אַ וועלט מיט אַלץ, וואָס אין איהר איז אין זעקס טעג. אַז מען וויל, גלויבט מען. קומט דער „פאָרגעשריטענער" און דער אַזוי גערופענער ראַציאָנאַליסט און „ערקלערט": די זעקס טעג

זענען זעקס „געאָלאָגישע פּעריאָדען". פון וואַנען איז געדרונגען? הייסט עס אַז אַצינד איז שוין די תורה ווידער גערעכט, און יעדער האַלב־אויפגעקלערטער וועט זיך דענקען: גאָט איז נישט אַזוי לעבערליך, ווי די וויסטע פריידענקער מאַלען איהם; אפילו אַ „געבילדעטער" מעג גלויבען אין דער תורה: זי איז דאָך וויסענ־שאַפטליך ערקלערט! — און אַזוי ווערט פון דעם איבערגאַנג פון'ם רויטען ים אַ געשיכטע מיט „פלוט און עבבע", און אַזוי ווערען אַלע וואונדער „פערשטענדליך און מעגליך". וואָס פאַר אַ זין האָבען די קאָמפּראָמיסען? אויב איהר גלויבט, נעהמט אויף די הייליגע שריפט מיט איהר גאַנץ געוועבעכטס פון פערגעסענער, גרויסאַרטיגער, שענער און מיאוסער, מיטהאָלאָגיע, מיט איהרע שרעקליכע דומהייטען און מיט איהר גאַנצען דעמאָראַליזירענדען שמוץ. לאָזט זי ווי זי איז; פערשענערט ניט. זענט איהר אָבער מענשען, וואָס האָבען ליעב צו דענקען און צו פאָרשען פריי, זאָל דאַן אייער מוח אַרבייטען, אַנאַליזירען, אָבוועגען און ערשט, ווען איהר זענט געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז עס איז אייך נישט מעגליך צו גלויבען, דאַן וואַרפט אַוועק אַלעס שמוציגע, וואָס איהר האָט גע'ירש'נט פון פריהעריגע דורות. אָבער צוערשט פאָרשט זיך אַליין גוט אויס, קאָנטראָלירט זיך גוט, און נאָר ווען אַלע דונקעלע ווינקעלעך פון אייער נשמה זענען גערייניגט געוואָ־רען פון'ם שפּינ־געוועבס, ווען איהר קאָנט קוקען דעם לעבען און דער נאַטור אין פּנים אַריין מיט אָפענע אויגען, מיט אַן אמת'ען וואונש נאָך ליכט, דאַן זענט איהר פריידענקער. און נאָך דעם אַלע־מען פערלאַנגט זיך נאָך איין זאַך: צו זיין עהרליך און אויפריכטיג; צו טון, צו האַנדלען אַזוי ווי מען דענקט.

צווישען די אַרט „ערקלערונגען", ווי איך האָב זיי אויבען בע־שריבען, איז אויך די ערקלערונג וועגען דער ניצליכקייט פון דער מילה. עס זענען דאָ אַ סך אַזוי גענאַנטע פריידענקער, וואָס לאָ־זען בעשניידען זייערע קינדער, און ווען מען פרעגט זיי, פאַרוואָס זיי טוען עס, זאָגען זיי ,אַז עס איז געזונד. פרעגט־זשע זיי ווייי־טער, פאַרוואָס איז עס געזונד, וועלען זיי נישט וויסען וואָס צו ענטפערען. נו, לאָמיר דאָ זעהן, וואָס פאַר אַ בעציהונג די בע־שניידונג האָט צו דער געזונדהייט און ווי ווייט מען קאָן אַריינ־

שלעפּען די וויסענשאַפט צו העלפען דעם אַלטען רעליגיעזען געברויך.

איך בעהויפּט, אַז די מילה איז גאָר נישט קיין מעדיצינישע פראגע. יעדער ווייסט אַז די אידישע רעליגיאָן בעפעהלט די מילה, אַלס אַ *רעליגיעזע* נויטווענדיגקייט. עס איז אַ בונד מיט גאָט, עס איז, ביי אידען, אַ פונדאַמענטאַלער אונטערשיד צווישען אידען און קריסטען. אַלע ניט־בעשניטענע ווערען בעטראַכט אַלס קלענער אין ווערט, ווי מיר, וואָס האָבען דעם פון גאָט פערלאַנגטען סמן. עס איז פאַר אידען דאָס, וואָס די טויפע איז פאַר קריסטען. איך בין זיכער, אַז ווען אַלע דאָקטוירים און וויסענשאַפטס־מענער פון דער ·ועלט וואָלטען געזאָגט, אַז די מילה איז אומגעזונד, וואָלטען די גלויביגע אידען נישט זיי געפאָלגט, נאָר גאָט'ס בעפעהל. די אמת־רעליגיעזע אידען דאַרפען קיין שום ערקלערונג: זיי גלויבען, און דאָס איז זיי גענוג. אָבער וואָס זאָגען די אַנדערע, וועלכע זוכען פאַר זיך תירוצים, כדי זייער גלויבען צו פאַרענטפערען פאַר דעם נייען גייסט? „אפילו קריסטען בעשניידען זייערע קינדער וועגען געזונדהייט, אפילו דאָקטוירים זאָגען, אַז עס איז געזונד“. ערשטענס זאָגען דאָס נאָר ווענינע דאָקטוירים און צוואַר די מעהרסטע אידען. און אַ חוץ דעם זענען פאַראַן גענוג דאָקטוירים געגנער פון בעשניידונג, ווען זי ווערט געמאַכט אָהן אַ דירעקטער קראַנקהייטס אורזאַך. נאָר ווען אפילו אייניגע זאָגען דאָס יאָ, איז עס נאָך ניט געדרונגען אַז זיי זענען גערעכט.

די מענער ווערען געבוירען מיט אַ הויט איבער אַ טייל פון דעם מענליכען געשלעכטליכען אָרגאַן: זי הייסט „די פאָרהויט“ און כאָטש גאָט וויל אַזוי פיעל, אַז אידען זאָלען נישט האָבען די פערדאַמטע הויט, בעשאַפט ער זיי דאָך ווי אומיסטען מיט איהר. די מילה בעשטעהט הויפּטזעכליך אין דעם אָבשניידען אָדער אָברייסען פון דיזער הויט. און ווען די הויט ווערט נישט אָבגעשניטען, וואָס קאָן געשעהן? אין די מייסטע פאַלען געשעהט קיין שום שלעכטס. אָבער מעגליך, אַז דער שליים, וואָס ווערט אָנגערופען *סמעגמא*, און וועלכער בילדעט זיך אין דער פאָרהויט, זאָל רייצען די געגענד און זאגאַר מאַכען שמערץ. דאָס קומט אָבער געוועהנליך נישט

פאַר ביי מענשען וואָס האַלטען זיך ר י י ן. וואָס אָנבעלאַנגט אָבער שמוציגע מענשען, וויל איך דאָ גלייך זאָגען, אַז מען וואָלט זיי נאָך דערזעלבער לאָגיק געדאַרפט אָבשניידען די אויערען און דעם קאָפּ און די פיס, ווייל אַלע די טיילען קאָנען דורך שמוץ ווע־רען זעהר קראַנק און זאָגאר ברענגען גרויסע געפאַהרען פאַר'ן לע־בען.

אַן אַנדערע שלעכטע פאָלגע פון דעם פערבלייבען פון דער פאָרהויט איז מעגליך ביי געשלעכטס־קראַנקהייטען. די פאָרהויט שטערט און מאַכט שווערער די בעהאַנדלונג פון אַזעלכע קראַנק־הייטען, אָבער דאָס פעהלען פון דער פאָרהויט פ ע ר ה י ט נ י ש ט פון געשלעכטס־קראַנקהייטען. עס איז נאָך קיין מאָל נישט בע־וויזען געוואָרען, אַז אידען ליידען ווענינער פון דיזע קראַנקהיי־טען, ווי אַנדערע דורך דעם, וואָס זיי זענען בעשניטען. יעדער דאָקטאָר, וואָס האָט צו טון מיט אידישע פאַציענטען ווייסט, ווי פערשפּרייט עס זענען די וועגערישע קראַנקהייטען צווישען אידען. עס זענען אין די פריהעריגע דורות געווען אַנדערע אורזאַכען, וואָס האָבען געקאָנט ביי אידען פערמינדערען די צאָהל פון דיזער סאָרט קראַנקע, צום ביישפּיעל, דאָס פאַמיליען־לעבען און דאָס פריהע חתונה האָבען. און וויבאַלד די בעשניידונג ווערט געמאַכט כדי צו פערהיטען אָדער צו ערלייכטערען געשלעכטס־קראַנקהייטען, פאַר וואָס־זשע ניט אויסשניידען ביים ערשט געבוירענעם קינד אַלע די אָרגאַנען וואָס קאָנען קראַנק ווערען? איז דאָס נישט לעכערליך? נאָר מאַנכע דאָקטוירים עמפּפעהלען טאַקע ווירקליך און גאַנץ ערנסט ארויסצושניידען דעם געזונטען אַפּענדיקס כדי צו פערהיטען אַפּענ־דיסיטיס! ווי נאַריש! און איך וויל דאָ ניט רעדען פון די געפאַהרען פון דער בעשניידונג אין דער פאָרם ווי זי ווערט געמאַכט פון'ם מוהל, ווייל מען וואָלט מיר געקאָנט ענטפערען, אַז דאָס קאָן מען רעפאָרמירען, נאָר פון דער נאַרישקייט פון מאַכען אַזאַ אָפּעראַ־ציע ביי אַ געזונד און נאָרמאַל קינד.

מ י י ס ט ע נ ס, ווען דער דאָקטאָר מאַכט די בעשניידונג, סיי ביי אַ קינד, סיי ביי אַ דערוואַקסענעם, איז דער צושטאַנד אָדער די קראַנקהייט אַ ז ו י, אַ ז ע ס א י ז נ י ש ט אָ ק י י ן אַ נ ד ע ר ע ב ר י ר ה. די אָפּעראַציע איז דאַן צו רעכענען

צווישען אַלע כירורגישע אַרבייטען, וואָס האָבען אַלס ערשטע בעדינגונג צו זיין *נויטווענדיג*, און מען קאָן זי נישט פערגלייכען מיט דער אידישער מילה.

מען האָט געזאָגט אַז אַ בעשניידונג פערהיט פון מאַסטורבאַציע; איז אָבער די מאַסטורבאַציע מעהר פערשפּרייט ביי אידען ווי ביי אַנדערע מענשען, אַ בעהויפּטונג וועלכע איך האָב אַ רעכט צו מאַכען, ווייל איך האָב ערפאַהרונג צווישען אידען און ניט־אידען.

אייניגע דאָקטוירים בעהויפּטען גאָר אַז די פאָרהויט איז נויטיג און אַז איהר פעהלען איז די אורזאַך פון צופיעל רייצונג. איך בין ניט זיכער צי דאָס איז אמת אָדער ניט.

איך וועל נישט פרעגען די גלויביגע אידען, מיט וואָס פאַר *א רעכט* זיי זענען מל זייערע קינדער, מיט וואָס פאַר אַ רעכט זיי ווילען דאָס אונשולדיגע קינד, וואָס איז אונפעהיג צו אורטיילען, מאַכען פאַר אַ אידען אין דעם רעליגיעזען זין. אָבער איך פרעג דאָס די יעניגע, וואָס רופען זיך אָן פאָרגעשריטענע און זענען מל זייערע קינדער, נאָר ווייל זיי האָבען נישט דעם מוט זיך צו בעפרייען אין גאַנצען פון די אַלע זיטען, נאָר ווייל זיי האָבען מורא פאַר זייערע שכנים. עס איז אַ געוואַלדטאַט, עס איז אַ שאַנדטאַט. איהר זענט טאַקע די עלטערען, איהר דאַרפט טאַקע טון וואָס איהר רענקט אַז עס איז גוט פאַר דעם קינד, אָבער נאָר אַזעלכע זאַכען, וואָס איהר *מוזט* טון פאַר איהם. מיט וואָס פאַר אַ רעכט העננט איהר איהם אָן אַ רעליגיעזען סמן אָהן וועלכען ער קאָן אויך גאַנץ גוט לעבען און *אָהן וועלכען ער קאָן אויך זיין אַ געטרייער איד אין דעם נאַציאָנאַלען זין*? דער איינפאַכער מענשען־פערשטאַנד, דער נידריגסטער זין פון פרייהייט צייגט, אַז די בעשניידונג איז אַ *פערגעוואַלטיגונג*.

וויבאַלד מען וויל שוין יאָ קאָמענטירען און ערקלערען די מילה, וויבאַלד מען וויל יאָ שטודירען די אָבשטאַמונג פון דעם געברויך אויף אַ גאַנץ אונפּאַרטייאישען אופן, קומט מען צו דער איבערצייגונג, אַז מיר האָבען איהם פון דער צייט פון מענשען־קרבנות. די מילה איז אַן אָפּפער פון אַ שטיקעל קערפּער צום גרויסען, שטאַרקען, אַלמעכטיגען גאָט. איך וועל דאָ אָנווייזען אויף דעם רעזולטאַט

פון פערשידענע בעקאַנטע פאַרשונגען. כדי צו פערשטעהן די בעשניידונג, מוז מען אָננעהמען איינע פון די דריי טעאָריען: די א ו ט י ל י ט ע ר ע (אוים ניצליכקייטס־אורזאַכען), די ט ר י ב א ל ע (כדי צו אונטערשיידען איין שבט פון׳ם אנדערען), און די ק ר ב ן־ט ע אָ ר י ע.

עס איז איצט בעקאַנט, אַז כמעט אַלע ווילדע פעלקער האָבען געהאַלטען און האַלטען נאָך היינט די מילה אַלס אַ זעהר וויכטיגען געברויך און אַז ביי זיי אַלע איז (ווי איין געלעהרטער זאָגט) „איהר פראַקטישער ווערט אָבגעווישט געגעניבער דעם סימבאָליזם, וואָס זי דריקט אוים". און דער פאַקט, אַז זי מוז ביי אַ סך פעלקערשטאַמען געמאַכט ווערען מיט אַ שטיין, קאָן אפשר בעווייזען, אַז זי איז צון אונז געקומען נאָך פון׳ם צייטאַלטער, ווען מענשען האָבען נאָך נישט געוואוסט אָנצואווענדען דאָס אייזען פאַר אַ מעסער, האָבען נאָך ניט געהאַט קיין אייזען. דאָס איז געווען דאָס זעהר פריהע שטיין־צייטאַלטער. אַז די מצרים פלעגען פון אונדענקליכע צייטען זיך מל זיין, איז שוין פון לאַנג אַ פאָלשטענדיג פעסטגעזעצטער היסטאָרישער פאַקט. אָבער ביי זיי פלעג דאָס זיין אַ כבוד, אויף וועלכען נאָר די געלערענטע האָבען געהאַט אַ רעכט: די כהנים, די געאָמעטערס, די אַסטראָנאָמען, די אַסטראָלאָגען און שרייבער פון די היעראָגליפען (די הייליגע צייכענם). אין אויסטראַליען, אין אַפריקא, אין אַזיען איז די מילה זעהר פערשפרייט. אַזוי איז זי אויך געווען זעהר פערברייט צווישען די אַמעריקאַנישע אינדיאַנער. ביי די מעקסיקאַנער פלעגט זאָגאַר דאָס אַרויסגעצויגענע בלוט דירעקט געגעבען ווערען צום מזבח אַלס קרבן.

צוריקקומענדיג צו דער פראַגע, וואָס איז די אורזאַך, אַז די בעשניידונג איז אַזאַ פערשפרייטער געברויך, געפינען מיר ביי איין אויטאָר דעם גאַנץ לאָגישען ענטפער אויף דער ערשטער טעאָריע, אויף דער נ י צ ל י כ ק י י ט ס־טעאָריע: עס איז זעהר נישט וואַהרשיינליך, אַז דאָס מל־זיין קומט פון דעם וואונש צו זיין ריין און זיך צו פערהיטען היגיעניש, ווייל פונקט די ווילדע שבטים, וואָס היטען אָב אַם שטרענגסטען די בעשניידונג, האָבען קיין שום אידעע פון ריינקייט. מאַנכע האָבען געדענקט טאָמער איז די מילה איינגעפיהרט געוואָרען וועגען גרעסערער פרוכטבאַרקייט; איז דאָס

אויך נישט מעגליך אָנצונעהמען, ווייל א סך מאַכען די מילה גאַנץ אונפולשטענדיג, שניידען נאָר אָב א קליינעם חלק פון דער פאָר־הויט, וואָס דאָס קאָן נישט מאַכען קיין גרויסע ענדערונג אין דעם געשלעכטליכען פערקעהר.

איז אפשר די צווייטע טעאָריע ריכטיג, איז די בעשניידונג א סמן כדי צו דערקענען א בעשטימטען ש ב ט, אזוי ווי מאַנ־כע בעהויפּטען? אַזעלכע סמנים זענען דאָ; צום ביישפּיעל, ביי די הערעראָס (אין אפריקא) ווערען אויסגעהאַקט די פאָדערשטע צייהן, ווען דער יונגער מאַן ווערט געשלעכטס־רייף. עס איז אָבער שווער אָנצונעהמען די בעשניידונג אַלס אַן אונטערשיידונגס־מיטעל, ווען מען בערעכענט, אַז דאָס אָרגאַן איז כמעט תמיד פערדעקט.

אַם בעסטען פערשטעהן מיר די בעשניידונג, ווען מיר נעה־מען אָן די דריטע טעאָריע, די ק ר ב ן־טעאָריע: די מילה איז ביי אַלע פעלקער און שבטים, וואָס געברויכען זי, א קרבן און גלייכצייטיג א מין איינפיהרונג אין א רעליגיעזער סעקטע. אַו־מעטום ווערען דערביי געמאַכט א מענגע רעליגיעזע צערעמאָניען און מאַנכע מאָל גאַנץ געהיימע, וואו פרעמדע האָבען קיין צוטריט. ביי מעהרערע ווילדע פעלקער מאַכט מען פאַר דער חתונה א מין בעשניידונג אי ביים אינגעל אי ביים מיידעל, דאָס איז כדי זיי איינצופיהרען אין דעם לעבען פון רייפע מענשען. נאָר ביי אידען איז די מילה נישט קיין איינפיהרונג, ווייל זי ווערט געמאַכט אַזוי פריה; עס איז בלויז א רעליגיעזער און סימבאָלישער געברויך, וואָס איז צוריקגעבליבען אַלס אַן ערזאַץ פאַר א מענשען־קרבן. דער אידישער געלעהרטער ק אָ ה ל ע ר בעטראַכט די מילה ביי בע־שטימטע אראַבישע שבטים, אַלס א פערהייליגונג פון דער ערצייי־גענדער קראַפט, פון דער קראַפט צו בעפרוכטען. ביי אידען איז די מילה תמיד געווען זעהר הייליג. זייערע חכמים פלעגען זאָגען, אַז די מילה איז אַזוי וויכטיג, אַז הימעל און ערד האַלטען זיך נאָר דורך דער ערפילונג פון ד ע ר מצוה. קיין זאַך פלעגט די אי־דען ניט אַזוי בייז מאַכען אין דער צייט פון דעם ערשטען גריכישען איינפלוס אין פּאַלעסטינא, ווי צו זעהן, אַז די אַסימילאַטאָרישע אידען, כדי בעסער נאָכצואַהמען די גריכען אין די שפּיעלען, ביי

וועלכע מען איז געווען נאקעט, האָבען דורך א געוויסער אָפּעראַציע זיך געלאָזט צוריק מאַכען א מין פאָרהויט!

איצט פערשטעהט איהר פאר וואָס איך בין א געגנער פון דער רעליגיעזער בעשניידונג ווען זי ווערט געמאַכט אונטער דעם מאַנטעל פון דער וויסענשאַפט און אונטער דעם תירוץ אז זי איז נויטיג צום געזונד.

אָבער נאַטירליך בין איך ניט געגען דער בעשניידונג ווען זי איז אין דער אמת'ן נויטיג פאר דעם געזונד. איך ווידערהאָל, אַז און פאר זיך איז די אָפּעראַציע א זעהר לייכטע און ניט געפעהרליכע, אויב זי ווערט געמאַכט ריין אין כירורגישען זין, און פון איינעם וואָס ווייסט ווי אזוי.

## די פאָרהויט.

ביי דער געלעגענהייט פון דעם קאַפּיטעל איבער בעשניידונג, וועט זיך פּאַסען דאָ צו זאָגען עטליכע ווערטער איבער דער פלעגע פון דער פאָרהויט.

ביי קינדער וואָס ווערען ניט גע'מל'ט, און וואָס זענען נאָר־מאָל, איז עס גוט אין די ערשטע טעג נאָך דער געבורט די פאָר־הויט ארויפצוציהען, איבער דעם שפּיציגען טייל פון'ם גליד, אזוי ווייט נאָך ריקווערטס ווי ס'איז מעגליך. דאָס איז די פליכט פון דעם דאָקטאָר וואָס העלפט צו דער ענטבינדונג. אזוי ווי די דאָק־טוירים פון אידישע פאַמיליען זענען ניט געוואָהנט דאָס צו טון, וועט עס זיין נויטיג זיי צו דערמאָנען וועגען דעם, ביי יענע פאַ־מיליען וואו מען האָט ניט אין זינען דאָס קינד מל צו זיין. דער דאָקטאָר דאַרף א ניט שאַרף, שטומפּיג אינסטרומענטעל זעהר לייכט בעוועגען אין דער פאָרהויט, כדי זיך צו איבערצייגען אויב דאָס הייטעל איז ניט ערגיץ צוגעקלעבט צום גליד; אויב ס'איז יאָ צו־געקלעבט, ווערט דאָס מיט דעם אינסטרומענט פאַנאַנ־דערגעטיילט. דערנאָך ציהט ער לייכט די פאָרהויט ארויף. פון דאן אָן זאָל די פלעגערין אָדער די מוטער יעדען טאָג די פאָרהויט איין מאָל ארויפציהען און צוריק אראָבלאָזען, כדי זי זאָל ניט צו־וואַקסען און אויך צוליעב ריינקייט. אויב מען טוט עס ניט, קאָן דאָס קינד אמאָל ליידען דורך דעם, שפּעטער. אָבער אין די מעהר־

סטע פאַלען איז די פאָרהויט פון געבורט אוים ריכטיג בעוועגליך און וואו זי איז נישט, ווערט זי מעהרסטענס ריכטיג אין די שפּעטערע קינדער־יאָהרען, אונגעפעהר צו 7 ביז 9 יאָהר.

## פּימאָזים.

די פּימאָזים איז אַ פערענגערונג פון דער פ א ר ה ו י ט אזוי אַז די אייכעל קאָן ניט דורכגעצויגען ווערען דורך דער פּאָרהויט. זי קאָן זיין ערוואָרבען אָדער אַנגעבוירען. זי קאָן זיין ערוואָרבען דורך ענטצינדונגען און שוועלונגען אַלס אַ פאָלגע פון סעקסואַלע קראַנקהייטען. ביי נאָר וואָס געבוירענע קינדער קאָן זי זיין פאַראַן, כאָטש די קינדער זענען געזונד. דאָס הייסט אַן אנגעבוירענע פּימאָזים. אזאַ צושטאַנד טרעפט זיך פון צייט צו צייט. ווען זי איז זעהר הויכגראַדיג און פאַראורזאכט שטערונגען, מוז מען די פּאָרהויט איינשניידען, אָבער אפילו אין דעם פאַל איז נאָר מאַנכמאָל, און פערהעלטניסמעסיג זעלטען, נויטיג אַ ווירקליכע בעשניידונג (פיג. 39 סוף בוך).

## געבורט בעשרענקונג.

(זעה די בילדער סוף פון בוך)

אין 1798 האָט דער ענגלענדער, מ אַ ל ט ה ו ס, ארויסגעגעבען זיין „שטודיע איבער דעם בעפעלקערונגס פּרינציפּ" (Essay on the Principle of Population) , אַ בוך אין וועלכען ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם פּרינציפּ אַז ווען מענשען וואָלטען זיך פערמערט אָהן קיין שום שטערונג, וואָלט זייער צאָהל געוואַקסען אין אַ גרעסערער פּראָפּאָרציע ווי זייערע ערנערונגס־מיטלען. (פיג. א).

ער האָט געזאָגט, אַז די פערמערונג מוז געשטערט ווערען און ווערט טאַקע שטענדיג געשטערט דורך מגפות, דורך אינדיווידואַלע קראַנקהייטען, דורך אָרימקייט, דורך מלחמות, און אזוי ווייטער. און ער איז געקומען צום שלום, אַז אַנשטאָט מיר זאָלען לאָזען אונזער בעפעלקערונג זיך רעגולירען דורך אַזעלכע מיטלען, וואָס פעראורזאכען אַזאַ סך ליידען, איז עס בעסער צו רעגולירען, צו פערהיטען די געבורטען, דאָס הייסט צו שטערען די צו גרויסע פערמעהרונג פון דער בעפעלקערונג דורך אַ ראַציאָנאַל מיטעל, וואָס קאָן אונז איינשפּאָרען פיעלע ליידען.

כאָטש וואָס מאַלטהוס און זיינע נאָכפאָלגער האָבען געהאַט אַ סך געגנער, איז עס ביז איצט קיינעם פון דיזע ניט געלונגען זיין פרינציפּ און זיין לאָגישען שלוס מיט ערפאָלג צו בעקעמפען.

מאַנכע דענקען אַז אונטער נאָרמאַלערע סאָציאַלע אומשטענדען וואָלט די ערד געקאָנט ערנעהרען אַן אונענדליכע צאָהל מענשען און אַז דער וויסענשאַפטליכער פאָרטשריט וואָלט געקאָנט גענוג פערגרעסערען די פראָדוקציע פון דער ערד. זיי בערעכענען ניט צו וואָס פאַר ריעזיג גרויסע צאָהלען די בעפעלקערונג, ווען געלאָזען פריי, וואָלט אַרויף געשטיגען. אַ נאָרמאַלע פרוי קאָן, אין די יאָהרען צווישען 16 און 45, האָבען 16 קינדער. 100 יאָהר נאָך זייער חתונה וואָלט אַ פּאָר פאָלק דער וועלט געגעבען 10,000 נאָכפאָלגער. 200 יאָהר שפּעטער וואָלט די צאָהל געוואַקסען אויף 50 מיליאָן. — אַלע 8 יאָהר וואָלט די בעפעלקערונג פערדאָפּעלט געוואָרען.

אָבער אפילו ווען מיר זאָלען אָננעהמען אַז די פרויען וואָלטען געהאַט צווישען 20 און 40 יאָהר נאָר צו 6 קינדער, וואָלט זיך די בעפעלקערונג אויך דרייפאַך, דאָס הייסט 3 מאָל, פערמעהרט אין 25 יאָהר צייט.

ווען יעדע פרוי האָט בלויז 3 קינדער, ווערט די בעפעלקערונג פערדאָפּעלט אין 45 יאָהר. דאָס בעדייט אַז איירָאָפּאַ וואָלט פערמאָגט אַריבער 1 ביליאָן אָדער 1000 מיליאָן איינוואָהנער אין 90 יאָהר. אויב דאָס געשעהט נישט איז עס דערפאַר ווייל די אויבען דערמאָנטע שטערונגען דערלאָזען עס נישט.

מאַלטהוס' טעאָריען וועלען בלייבען אמת אונטער סיי וועלכער סאָציאַלער רעפאָרם אָדער סאָציאַלער אומענדערונג, אונטער דער פערווירקליכונג פון דעם „סינגעל טאַקס“, פון דעם סאָציאַליזם אָדער פון דעם אַנאַרכיזם, אויב מען וועט ניט פאָלגען זיין עצה. די איבערפליסיגע בעפעלקערונג וועט תמיד ברענגען ליידען און מיט דער צייט צושטערען סיי וועלכע געזעלשאַפט, גלייכגילטיג אויף וואָס פאַר גערעכטע פּרינציפּען זי זאָל ניט זיין געבויט.

פערשטעהט זיך, אַז יעדע פרוי, אַן און פאַר זיך, קימערט זיך היינט ניט וועגען מאַלטהוס' טעאָריען. עס איז איהר גלייכגילטיג צי די ערד וועט אַמאָל זיין אימשטאַנד צו ערנעה־ען

אָדער נישט אַלע מענשען וואָס װעלען געבוירען ווערען. זי ווייסט אז דערוויילן איז די געזעלשאַפט אזוי איינגעריכטעט אז ס'איז ניטאָ גענוג קיין לעבענס מיטלען אפילו וועגען אַ קליינער צאָהל קינדער, כאָטש וואָס גרויסע און געניגענדע רייכטימער פאַר אַלע ווערען פּראָדוצירט, און אפילו די רייכע פרוי זעהט ניט איין פאר וואָס זי זאָל איהר פּערזענליכע פרייהייט אין גאַנצען אַוועק געבען פאַר דער געבורט און דער ערציהונג פון אַ סך קינדער. אַלע פרויען פיהלען אינסטינקטיוו און אורטיילען מיט דעם שכל אז דאָס בעסטע איז, זיי זאָלען בעשרענקען די צאָהל געבורטען.

דאָס איז אין איינקלאַנג מיט מאַלטהוס' מיינונג אז דאָס בעס־טע מיטעל כדי דעם צו גרויסען וואוקס פון דער בעפעלקערונג איינ־צושרענקען אָהן ליידען, איז, מען זאָל האָבען ווייניג קינדער. גע־נויער גערעדט, איז זיין עצה געווען מען זאָל זיך צוריקהאַלטען פון סעקסואַלען פערקעהר, אויב מען איז אונפעהיג די קינדער ריכטיג צו ערנעהרען און צו ערציהען. ער האָט דאָס אָנגערופען „די מאָראַ־לישע צוריקהאַלטונג" (moral restraint). דאָס איז געווען דער מ אַ ל ט ה ו ז י אַ נ י ז ם.

פון דעם שטאַמט דער נ ע אָ ־ מ אַ ל ט ה ו ז י אַ נ י ז ם, וועלכער, זייענדיג פּראַקטישער, איז לייכטער אָנצואווענדען פאַר מאָדערנע מענשען. דער נעאָ־מאַלטהוזיאַניזם צייגט אָן אז צו־ריקהאַלטונג פאַר אַ לענגערער צייט איז אונמעגליך און אויך שעדליך פאַר די דורכשניטליכע נאָרמאַלע און רייפע מענער און פרויען, אָנ־פאַנגענדיג פון אַ געוויסען אַלטער; דעריבער איז עס פּאָרצוציהען צו געברויכען מיטלען דורך וועלכע די שוואַנגערשאַפט קאָן פ ע ר־ה י ט ווערען.

אין 1818 האָט ד ז ש י י מ ס ס ט ו אַ ר ט מ י ל ל אויס־געשפּראָכען די אידעע אז עס וואָלט גוט געווען צו געפינען גע־בורט בעשרענקונגס מיטלען.

אין 1822 האָט פ ר ע נ ס י ס פּ ל י י ס (Place) דיזע נויטוועגדיגקייט נאָך שטאַרקער בעטאָנט אין זיינע שריפטען.

אין 1826 האָט ר י ט ש אַ ר ד ק אַ ר ל י י ל (Carlyle) פער־עפענטליכט אַ ביכעל אָנצייגענדיג פּרעווענטיווע מעטאָדען.

אין 1832 האָט ר אָ ב ע ר ט ד י י ל אָ ו ע ן (Owen) (דער

זוהן פון דעם בעריהמטען ראָבערט אָוען) פערעפענטליכט אַן עהנליך בוך מיט דעם נאָמען „די מאָראַלע פיזיאָלאָגיע“.

אין 1833 האָט דר. טשארלס נאולטאָן (Knowlton) פון באָסטאָן, געדרוקט א בוך „די פרוכטען (רעזול־טאטען) פון דער פילאָזאָפיע“, וועלכעס האָט אָנגעגעבען די פערהיטונגס מיטלען א סך גענויער ווי די פריהעריגע ביכער.

אין 1854 איז ערשינען דאָס עפּאָכע מאכענדיגע בוך „די עלעמענטען פון דער סאָציאַלער וויסענשאַפט“ אָדער, „די פיזישע, סעקסואלע און נאַטירליכע רעליגיאָן“, פון דר. דזשאָרדזש דרייסדייל (Drysdale) (פיג. ב).

צוואַנציג יאָהר שפּעטער האָט דאָס פאָלגענדע געשעהעניש געהאַט פאַר ענגלאנד און פאר דער וועלט א גרויסע בעדייטונג: אָנוועגדענדיג דאָס געזעץ וואָס האָט געהייסען „לאָרד קעמפּבעל׳ס עקט“, האָט אַן ענגליש טריבונאַל פערארורטיילט א בוכהענדלער פון בריסטאָל צו 2 יאָהר געפענגניס פאַר פארקויפען דאָקטאָר נאולטאָן׳ס בוך.

דער פאַקט האָט צוגעצויגען די אויפמערקזאמקייט פון דעם הויכמוטיגען זשורנאַליסט ברעדלאָ (Bradlaugh) און פון דער טאַלענטירטער עני ביזענט, (Annie Besant) וועלכע האָ־בען ארויסגערופען א פּראָצעס פערקויפענדיג עפענטליך און אָנאָנסירענדיג דר. נאולטאָן׳ס בוך, כדי צו עפענען די אויגען פון דעם פּובליקום און ווייזען די אומגערעכטיגקייט פון דעם געזעץ. צוויי פּראָצעסען זיינען געווען אין 1877 און מען האָט די אָנגעקלאָגטע סוף כל סוף פריי־געשפּראָכען.

אָנגעפאַנגען פון יענע פּראָצעסען איז די געבורט ראטע אין ענגלאנד זעהר ארונטערגעגאנגען און איינע פון זייערע פילע וויכ־טיגע פאָלגען איז געווען די גרינדונג פון דער מאַלטהוזיאנער ליג און דורך איהר דאָס ארויסגעבען אין 1879 פון דעם זשורנאַל „דהי מאַלטהוזיען“, וועלכער ערשיינט נאָך עד היום אונטער דעם טיטל „דהי ניו דזשענעריישאָן“ און וועלכער צושיקט ערקונדיגונגען וועגען פערהיטונגס מיטלען צו יעדען, איבעראל, — א חוץ צו די פעראייניגטע שטאַאטען, וואו די געזעצען פער־ווערען דאָס.

דר. טשארלס ר. דרייסדייל, דר. וויקערי

(Vickery)' און ריינאָלדס (Reynolds) זענען די בעקאַנטעסטע און טעטיגסטע נעאָ־מאַלטהוזיאַנישע פּראָפּאַגאַנדיסטען.

ווען מיר פערלאָזען ענגלאַנד, דאָס וויגעלע פון מאַלטהוזיאַניזם און נעאָ־מאַלטהוזיאַניזם, געפינען מיר אַז אין האָלאַנד האָט וואַן הוטען (Van Houten)' וועלכער איז שפּעטער געווען אַ מיטגליד פון דער האָלענדישער רעגירונג, געשריבען אַ רייהע אַרטיקלען איבער פערהיטונג אין 1877 און אַז די נעאָ־מאַלטהוזיאַנישע ליג איז געוואָרען אָפיציעל אַנערקענט אין 1895. איצט גיט די ליג איעדען אומזיסט רעגעלמעסיגע קאָנסולטאַציעס פאַר געבורט בעשרענקונג.

אין דייטשלאַנד האָט דר. מענסינגא ערפונען אַ גוט פערהיטונגס מיטעל און העלענא שטעקער האָט אַרויסגעגעבען „די נייע גענעראַציאָן". אַן אַנדערע דייטשע צייטשריפט אין סימפּאַטיע מיט נעאָ־מאַלטהוזיאַניזם איז געווען „סעקסואַל־פּראָבלעמען".

אין שוועדען געהט די פּראָפּאַגאַנדאַ אָן טראָצדעם וואָס דר. ניסטרעם (Nyström) איז פאַר איינינע יאָהר פערורטיילט געוואָרען צון אַ געלד־שטראָף פאַר אַ פאָרטראַג איבער אַנטי־קאָנצעפּציאָנאַלע מעטאָדען.

אין פראַנקרייך האָט דאָס פאָלק געברויכט פערהיטונגס מיטלען איידער די נעאָ־מאַלטהוזיאַנישע פּראָפּאַגאַנדיסטען זענען געקומען, איידער אַ בעוועגונג האָט זיך געבילדעט. מען קאָן זאָגען אַז דער גרעסטער קעמפער אין פראַנקרייך פאַר דער פרייער צוטיילונג פון פּרעווענטיוועז און פאַר אמת'ע סעקסואַלע רעכט פאַר פרויען, איז געווען דער גרויסער ערציהער, געלערנטער און פילאָזאָף פּאָל ראָבען (Paul Robin)' וועלכער איז געשטאָרבען אין 1912 (פיג. ג). איהם האָבען מיר געהאַט צו פערדאַנקען וואָס אין פראַנקרייך זענען געהאַלטען געוואָרען יעדען טאָג גרויסע מאַסען פערזאַמלונגען איבער דער פראַגע, וואָס מען האָט אומזיסט געגעבען קאָנסולטאַציעס און וואָס די פראַנצויזען האָבען געקראָגען אַ גרויסע נעאָ־מאַלטהוזיאַנישע ליטעראַטור, וועלכעווירקט מיט ערפאָלג געגען דער פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר אַן איבערפלוס פון דער בעפעלקערונג, וואָס ווערט שטענדיג געמאַכט פון די רעגירונגס אויטאָריטעטען און פון רייכע און רעליגיעזע היפּאָקריטען, וועלכע

האָבען אליין ניט מעהר ווי צוויי קינדער אָדער גאָר קיין קינדער.

די וויכטיגסטע פראַנצויזישע צייטשריפט אין דער פראַגע איז געוועזען ”Génération Consciente“ (דאָס בעוואוסטזיניגע דור).

איצט, נאָך דער מלחמה, איז אין פראַנקרייך די פּראָפּאַגאַנדאַ פאַר געבורט־באַשרענקונג שטרענג פארבאָטען.

אין בעלגיען איז ערשינען ”Procréation consciente“ (די בעוואוסטזיניגע פארמעהרונג).

אין דער שווייץ האָט דער דעפּוטירטער גראַנזשאַן (Grandjean) אַרויסגעגעבען „דאָס אינטימע לעבען“, אין פראַנצויזישען.

אין שפּאַניען האָט בולפּי פערשפּרייט די נעאָ־מאַלטהוזיאַנישע אידעען דורך „געזונד און קראַפט“.

אין איטאַליען איז אויך אָנגעגאַנגען אַ באַוועגונג און ערשט פאַר עטליכע יאָהר איז פאָרגעקומען דער אינטערעסאַנטער פּראָצעס פון אַ פרוי, וואָס האָט צוטיילט אַ ביכעלע „די קונסט ניט צו האָבען קיין קינדער“.

אפילו אין רוסלאַנד, אונטער דעם צאַר, אויף אַ קאָנגרעס פון דאָקטוירים, האָט די מאַיאָריטעט אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג אַז יעדער זאָל האָבען דאָס רעכט פריי און אָפען צו צוטיילען פערהיטונגס מעטאָדען.

עס האָט אויך עקזיסטירט אַ „נעאָ־מאַלטהוזיאַניש אינטערנאַציאָנאַל ביוראָ“, וועמעס סעקרעטער עס איז געוועזען דר. ראָטגערס פון האָלאַנד.

דאָס אלעס איז געוועזען פאַר דער מלחמה.

די פעראייניגטע שטאַטען, וועלכע, אורטיילענדיג נאָך זייערע רעאַקציאָנערע געזעצען, האָבען זיך מעהר געגויטיגט אין אַ נעאָ־מאַלטהוזיאַנער באַוועגונג ווי איבעראַל, האָבען זי כמעט גאָר ניט געהאַט ביז די גאָר לעצטע יאָהרען. עס זענען דאָ געוועזען איינציגע גוטע קעמפער, וועלכע האָבען אויפגעטון ניצליכע סעקסואַלע אויפקלערונגס אַרבייט און אויך טעאָרעטיש געשטעלט די נעאָ־מאַלטהוזיאַנישע פראַגע אויף דער טאָגעס אָרדנונג, ווי דר. פוט, מאָזעס האַרמאַן, דר. וו. דזש. ראָבינסאָן. אויך דר. אבר. דזשאַקאָבי האָט אַרויסגעוויזען אַ סך סימפּאַטיע פאַר די אידעען. דער שרייבער פון די ווערטער האָט שטענדיג אָנגעפיהרט זיין פּראָפּאַגאַנדאַ זינט 1904, דורך שריפטען

און פאַרטראַגען ווי אויך אויף אַנדערע אופנים, צווישען דער אידישער אַרביימער בעפעלקערונג פון אַמעריקאַ. אָבער די איינציגע וואָס האָט דאָ צוערשט אָפען און עפענטליך געגעבען פּרעווענטיווע מיטלען, זיך שטעלענדיג אַבזיכטליך געגען די געזעצען, איז געווען מארגארעט סענגער, וועלכע האָט געהאַט דעם גרעסטען חלק אין צוציהען די אויפמערקזאַמקייט פון אַמעריקאַנער פּובליקום צו דער פראַגע. שפּעטער זענען אויך עממא גאָלדמאַן, דר. בען רייטמאַן, דר. פרעדעריקא. בלאָססאָם טעטיג געווען. (פיג. ד.)

איצט לאָמיר זעהן וואָס זענען, אין קורצען, די אַרגומענטען פאַר דעם נעאָ־מאַלטהוזיאַניזם, וועלכער ווערט גערופען פון זיינע געגנער אַ זעלבסטמאָרד פון דער מענשהייט, און פון זיינע פריינד אַ פערבעסערונג פון דער מענשהייט.

ווי קומט עס אַז די בעלי הבתים, די מייסטער פון דער היינטיגער געזעלשאַפט, די מאָנאַרכען און אַלע רעאַקציאָנערען, האַלטען אין איין לויבען און בעלוינען די בירגער, וואָס האָבען אַ סך קינדער? עס איז גאַנץ איינפאַך: ווייל זיי האָבען אַזאַ אינטערעס. אַלס הערשער און אַלס פערטרעטער פון די הערשענדע קלאַסען, קאָנען זיי נאָר עקזיסטירען און וואַקסען, ווען זיי האָבען גענוג קנעכט, וואָס זאָלען האָרעווען פאַר זיי, וואָס זאָלען זיין די מאַסע, וועלכע מען קאָן קנעכטען, וואָס זאָלען ליפערען די נארישע מאַסע וועלכע זאָל אין די הערשער גלויבען און זיי פערטיידיגען. און מיט די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע בעלי בתים ענג פערקניפּט זענען די גלחים און רבנים פון אַלע מינים, וועלכע האַלטען אין איין איינרעדען דעם עולם אַז מען דאַרף ניט אָבווייכען פון גאָט׳ס וועג, אַזוי ווי אין אַלעמען, אַזוי אויך ניט אין קינדער האָבען. דאָס אידישע „זיך פערמעהרען אַזוי ווי די שטערען אין הימעל און אַזוי ווי דאָס זאַמד ביים ים“, איז אַ גאַנץ נאָהענט פריינטעל צו דער בעהויפּטונג אַז דאָס פאָלק איז נאָר גוט אַלס שפּייז פאַר קאַנאָנען, אָדער אפילו אַלס שפּייז פאַר מאַשינען.

עס זענען אָבער אויך דאָ פאָרגעשריטענע מענשען, וואָס האַלטען אין דער בעציהונג מיט די פרעדיגער פאַר גרויסע פאַמיליען. און דיזע וואָלט איך געוואָלט אויפקלערען, אַז זיי זע־

נען אויף א פאלשען וועג, אז זיי לאזען זיך אבנארען פון א פאר שען־קלינגענדע פראזען. זיי זאגען, אז זיי ווילען האבען וואס מעהר קינדער, כדי, ערשטענס, זיך נישט אבצואווענדען פון די נאטירליכע געפיהלען, און, צווייטענס, כדי צו ערציהען וואס מעהר פארגעשריטענע מענשען, וואס זאלען קאנען ווייטער פיהרען דעם קאמף געגען די רעאקציאנערען; זיי ווילען האבען וואס מעהר רעוואלוציאנערען אין זייער פרייהייטס־ארמעע.

אויף די פראגען אויספיהרליך צו ענטפערען, וואלט מען גע־מוזט שרייבען א גאנץ בוך. איך וויל זיי דא נאר **אין קורצען** בעטראכטען.

ערשטענס, ווייסט יעדער, אז **אסך** עלטערען וואס זענען ניט איבריג פרום, פאלגען ניט די רעליגיעזע, ניט די פאליטישע עצות און אויך נישט די פראזען פון די פערפיהרטע ראדיקאלען. גאנץ פון זיך אליין זעהן זיי וואס מעהר צו בעגרענעצען די צאהל פון זייערע קינדער, און ווען זיי האבען ניט דעם געווינשטען ער־פאלג, פיהלען זיי זיך טאקע ביי יעדעם צוואוואקסען פון זייער פא־מיליע זעהר אונגליקליך. **ליידער** אבער טוען **ניט אלע** עלטערען דאס זעלבע.

אפילו די וואס זוכען ניט פון פריהער צו פערהיטען שוואנגערשאפט, ווענדען זעהר אפט אן אלערליי מיטלען כדי צו פערהינדערען אונאנגענעהמע געבורטען, זיי זוכען אבצוטרייבען דאס קינד; זיי ווענדען אן דעם קינסטליכען מפּיל. און אין דעם קאנען מיר טאקע געפינען אן ארגומענט פאר דער פריהצייטיגער **פערהיטונג** פון שוואנגער ווערען. ערשטענס, אפילו די ראדיקאלסטע פון די אויבענגענאנטע וויסענשאפטליכע פראפאגאנדיסטען בעטראכטען אלס א פערברעכען צו **דערהרג'ענען** די פרוכט אין דער מאמע'ס לייב. צווייטענס, געשעהן זעהר אפט שרעקליכע אומגליקען דורך אזא פראקטיקע, דורך די אונרייינקייט און אונוויסענהייט פון די צו וועמען די פרויען ווענדען זיך, און ווען די פרויען שטארבען ניט דערפון, בלייבט אפט זייער געזונד צושטערט פאר א לאנגער צייט אדער פארן גאנצען לעבען. אין א סך פאלען

קומען זיי נאָר אָב מיט'ן ארויסוואַרפען אייניגע דאָלאַר צו די פאַב־ריקאַנטען פון שווינדלערישע מיטלען, וואָס זענען אַנאָנסירט אומע־טום און העלפען גאָר נישט. ווען מען בעטראַכט די אַלע אומ־שטענדען, איז עס דען ניט געשייטער צו פ ע ר ה י ט ע ן די שוואַנגערשאַפט און ניט וועלען צושטערען די פרוכט, ווען עס איז שוין צו שפּעט?

ווי קומט עס אַז אפילו נישט שטאַרק אויפגעקלערטע מענשען ווילען ניט האָבען צופיעל קינדער? ווייל זיי פיהלען זיך מיט גאָר נישט פערפליכטעט צו דער געזעלשאַפט, זיי פיהלען קיין שום פליכט צו שאַפען קינדער פאַר דער געזעלשאַפט. זיי ווילען נאָר פערזיכערען דאָס אינדיווידואַלע גליק פון יעדען מיטגליד פון זייער אייגענער פאַמיליע. און אין דעם האָבען זיי רעכט. די שרעקליכע געטין, וואָס הייסט געזעלשאַפט, האַלט אין איין פאָדערען קרבנות פון יעדען איינציגען און זי געהט עס גאָר ניט אָן ווען דער איינצי־גער ליידט דורך איהר. איבריגענס פאַלט יעדען מעהר אויף די פ ע ר א נ ט וו אָ ר ט ל י כ ק י י ט, וואס ער נעהמט אויף זיך, ווען ער ווערט א טאַטע, ווי זיין זאָגענאַנטע פליכט צו דער געזעל־שאַפט אָדער צו אירגענד אַנדערען וועלכען ניט געשטויגענעם ליגען מיט וועלכען עס בענוצען זיך די פּרעדיגער פאַר גרויסע פאַמיליען. מען מעג זאָגען וואָס מען וויל, ס'איז פאָרט א גרויסע פעראַנט־אַנטוואָרטליכקייט קינדער צו געבערען און ניט צו וויסען אַז מען קאָן זיי העלפען קריגען א גוט, א גליקליך לעבען. מיר זענען ניט קיין אונפערשטענדיגע חיות, מיר קאָנען אורטיילען און מיר דאַרפען איבערלעגען איידער מיר מאַכען אַזא שריט.

איבריגענס, געווינט די געזעלשאַפט ניט אַזוי פיעל פון א צו גרויסער צאָהל קינדער ווי מען וויל אונז איינרעדען, ווייל דר. ט ש א ר ל ס ד ר י ס ד י י ל, אין זיין בוך „דאָס סיסטעם פון קליינע פאַמיליען“, האָט בעוויזען אַז דאָרט וואו די געבורט ראַטע שטייגט אַרויף, שטייגט אויך די טויט ראַטע אַרויף אין דעמזעל־ביגען פערהעלטניס.

מען וואָלט געקאָנט זאָגען אַז מיר ווייסען נישט וואָס פאַר א מענש דאָס צוקינפטיגע קינד וועט זיין. עס איז אָבער תמיד זעהר וואַרשיינליך, אַז עס וועט ניט זיין א גרויסער, פעהיגער קעמפער

ווי דער ראדיקאלער געגנער פון געבורט בעשרענקונג ערוואַרט זיך;
עס וועט גיכער זיין אַ שקלאַף אָדער אַ דורכשניטליכער, מיטעל־
מעסיגער מענש. אין יעדען פאַל קאָן דאָס קינד אומזאָ וועניגער
ווערען אַן אויסנאַהמס־מענש, וואָס מעהר קינדער עס זענען דאָ אין
דער בעטרעפענדער פאַמיליע. וואָס מעהר קינדער, מוז מען אַלץ
אין מעהר טיילען איינטיילען דאָס שטיקעל ברויט פון דער פאַמי־
ליע, — און איך רעד דאָ נאָר פון אַרבייטער־פאַמיליען, — קומט
אויס פאַר יעדען וועניגער לופט, וועניגער אָרט צום שלאָפען, ווע־
ניגער קליידער, די עלטערען קאָנען זיך וועניגער אָבגעבען מיט יע־
דען איינעם, דאָס הייסט, אַז יעדעס קינד וועט ווערען וועניגער גע־
וואַשען, וועט ווערען שלעכטער ערצויגען, דאָס קינד וועט מוזען
מעהר און פריהער אַרבייטען פאַר בעלי־בתים און וועניגער לערנען.
און וואָס וועט אַרויסוואַקסען פון אַזעלכע קינדער? קעמפער פאַר
דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, פאַר הויכע אידעאַלען, קינסטלער, מענ־
שען פון אַ העכערער שטופע? ניין! און ווען יאָ אַ־מאָל, אויס־
נאַהמסווייז, — איז עס צו פערדאַנקען אַ ווירקליכען צופאַל, אָדער
בעזונדערע נישט געוועהנליכע אומשטענדען. עס וועלען גיכער
אַרויסקומען שקלאַפען, וועלכע וועלען העלפען די רייכע נאָך ריי־
כער ווערען און וועלען נאָך פערגרעסערען דאָס עלענד פון די אויס־
געבויטעטע, אָדער פערקריפּעלטע מענשען, קראַנקע אין קערפּער
און אין גייסט. און פרייער איז דער מענש, מעהר צייט צו דענ־
קען און מעהר מוט עפּיס אויפצוטון, מעהר פערשטאַנד זיך צו
רעוואָלטירען און מעהר אויסזיכט אויף ערפאָלג האָט ער, ווען ער
שטעהט מאַטעריאַל בעסער, — ניט ווען די נויט דריקט איהם אַזוי
צו, אַז ער קאָן נאָר דענקען וועגען דעם שטיקעל ברויט פונ'ם
אויגענבליק, און נישט מעהר און נישט ווייטער. איז עס נישט גע־
נוג, וואָס די עלטערען האָרעווען? פאַר וואָס זאָלען זיי נאָך געבען
זייערע אויסבויטער וואָס מעהר ניי מאַטעריאַל צום אויספּרעסען?
פאַר וואָס קומט די עקספּלואַטאַטאָרען די שטייער? און פון אַן אַנ־
דערער זייט, ווי אַזוי זאָלען די עלטערען קעמפען זייער לאַגע צו פער־
בעסערען, זאָלען זיי האָבען דעם מוט צו סטרייקען, אַ שטייגער,
אָדער צו זאָגען אַ שלעכט וואָרט דעם בעל־המית, ווען זיי ווייסען,

אז אין דער היים ערוואַרט זיי אַ האַלב טוץ אָדער מעהר קינדערלעך מיט אָפענע מיילער?

און דאַן, ווער גיט דעם בורזשויזען שטאַט די גרעסטע, כמעט די גאַנצע צאָהל סאָלדאַטען? די אָרימע לייט. פאַר וואָס קומט עס די פערטרעטער פון די אויסבויטער? ניט אומזיסט האָט נאַפּאָלעאָן געזאָגט נאָך אַ שלאַכט, וואו ער האָט פערלוירען פיעלע טויזענדער סאָלדאַטען: „אין איין נאַכט וועט מיר די שטאָדט פּאַריז צוריק מאַכען אַלע די סאָלדאַטען!"

עס איז אויך קיין ספק ניט אז איינע פון די טיעפסטע, וויכטיגסטע אורזאַכען פון דער לעצטער גרויסער מלחמה, ווי פון אנדערע מלחמות, איז די צו גרויסע פערמעהרונג פון דער בעפעלקערונג פון מאַנכע לענדער. צום ביישפּיעל, די גרויסע פערמעהרונג אין דייטשלאַנד, אין די לעצטע 40 יאָהר, ביז עטליכע יאָהר פאַר דער גרויסער מלחמה.

און בערעכענט די ספּעציאַלע פערשקלאַפונג פון דער פּראָלעטאַרישער מאַמע, וואָס קאָן קיין מאָל ניט עפּיס זעהן, עפּיס הערען, עפּיס לערנען, ווייל זי איז תמיד ענטוועדער מיט אַ קליין קינד ביי דער ברוסט אָדער מיט אַ קינד אין בויך? זי איז ניט מעהר ווי אַ געבורט־מאַשין, וואָס ווערט רואינירט האָבענדיג קינדער. ווי אַזוי ווילט איהר, אין די איצטיגע אומשטענדען, צוקומען צון איהר און זי אויפקלערען?

ווען מען בעטראַכט גענויער ווי אַזוי דאָס געזונד פון די קינדער ווערט בעאיינפלוסט פון זייער צו גרויסער צאָהל, קאָן מען זאָגען, אז פאַר אַ סך קינדער וואָלט עס פיעל בעסער געווען, ווען זיי קומען גאָר נישט אויף דער וועלט. טויזענדער קינדער ווערען געבוירען פון סיפיליטישע, שווינדזיכטיגע, עפּילעפּטישע עלטערען, וועלכע געבען זיי זייערע קראַנקהייטען (אָדער אַ נייגונג צו די קראַנקהייטען) איבער אַלס אַ ירושה. די קינדער האָבען אַ צרה'דיג לעבען. איז עס ניט שרעקליך טרויריג אַזעלכע לעבענס אויף זיין געוויסען צו טראָגען? און איז דען דאָס לעבען, וואָס די געזונדע פּראָלעטאַריער „שענקען" זייערע קינדער אַ סך מעהר ווערט? איז דאָס ניט דאָס געגענטייל פון אונזער געוועהנליכען בעגריף פון לעבען? איז עס אַ לעבען, ווען קינדער עסען זיך קיין

מאָל ניט גוט אָן, אָדער עסען קיין מאָל ניט דאָס, וואָס זייער וואַקסענדער קערפּער פערלאַנגט, און ווען זייער קערפּער ווערט דורך דעם פאַרבערייט אויפצונעהמען אַלערליי קראַנקהייטען? איז עס אַ לעבען, ווען אַ קינד זעהט קיין אַנדערע זאַך, אויסער שמוציגע גאַסען און טונקעלע צימער, וואו עס ערוואַרטען איהם אין די ווינקעלעך ליידען און קראַנקהייטען? און אין אַזעלכע אומשטענדען, וואָס ווערט פון די קינדער? מענשען? ניין. צובראָכענע, ביטערע, שוואַכע נשמות מיט פּונקט אַזעלכע קערפּער, וואָס לעבען אָב זייער קורצע צייט אין ליידען, און שטאַרבען נאָך דעם ווי מען האָט אויסגעפּרעסט פון זיי וואָס מען האָט געקאָנט אויספּרעסען.

די ראַדיקאַלען וואָס זענען געגען נעאָ־מאַלטהוזיאַניזם (נאָך מיין ערפאַהרונג זענען דאָס מעהרסטענס אונפערהייראַטע מענשען) האָבען מורא אַז די אַרבייט פאַר דיזער אידעע קאָן פערשפּעטיגען די פערווירקליכונג פון זייערע אידעאַלען. פון די אויביגע ווערטער קאָן מען זעהן אַז ס'איז גאָר פערקעהרט און אַז פון אַלע נאָהענטערע און מעגליכע ענדערונגען, וואָלטען זיי געדאַרפט אַם מעהרסטען קעמפען פאַר דעם רעכט צו בעגרענעצען די צאָהל קינדער. אויב זיי העלפען די אַרבייטער אין זייערע סטרייקס, וואָלטען זיי ניט געדאַרפט פערגעסען אַז דער שטאַרקסטער און ווירקזאַמסטער אַלגעמיינער סטרייק, איז צו האָבען וואָס ווענינער קינדער. און צו די וואָס פּרעדיגען „דירעקטע אַקציאָן" וויל איך זאָגען אַז די דירעקטעסטע אַקציאָן איז די פערהיטונג פון דעם אָנקומען פון אַ צו גרויסער צאָהל אַרבייטער, וועלכע וואָלט געוואָרען די „רעזערווע אַרמעע", וואָס זאָל פערנעהמען די פּלעצער פון די סטרייקערס און וואָס זאָל אָנפילען די רייהען פון די אַרבייטסלאָזע.

וואָס אַנבעלאַנגט די בעהויפּטונג אַז פערהיטונג איז געגען דער נאַטור, מוז איך שטעלען די פראַגע: איז דען אַלעם איבריגע אין אונזער לעבען אַזוי נאַטירליך? און פאַר וואָס זאָלען מיר וואַרטען ביז די נאַטור, וועלכע האָט דאָך ניט אין זין אונזער גליק, זאָל אַלצדינג רעגולירען? און זענען מיר דען זיכער צי די פאָלגע פון אַזאַ מין זיך־פערלאָזען אויף דער נאַטור, וואָלט ניט געווען אונזער פער־

ניכטונג? זענען מיר ניט אינטעליגענט גענוג צו וויסען ווען עס איז אונזער אינטערעס צו פאָלגען די נאַטור און ווען זי צו בעקעמפען?

. . . וואָס וואָלט געווען, ווען ארבייטער וואָלטען געהאַט ווענינ, גאָר ווענינ קינדער, איז לייכט צו זעהן ווען מען בעטראַכט די לאַגע ווי אַזוי זי איז דאָ אין קורצען בעשריבען געוואָרען. קינדער און עלטערען מעהר זאַט, בעסער אָנגעטון, — האָבען אַ בעסערע וואוינונג, מעהר לופט, צייט צו שפּאַצירען, זיך צו באָדען, צו רעדען, צו לעזען, — זענען געזינטער, פרעהליכער, קלוגער, מעהר אונאַבהענגיג. די מוטער הויבט אויף דעם קאָפּ, קוקט זיך אַרום אין דער וועלט, ווייסט בעסער וואָס צו זאָגען איהר קינד, מאַכט פון איהם אַ בעסערען און שענערען מענשען. מען דערזעהט, אַז עס איז דאָ אַ זון, אַ בוים, אַ הימעל; מען דענקט פון דער צוקונפט, מען הויבט אָן עפּיס וועלען, מען ווערט שטאָלצער און מעהר זעלבסטבעוואוסט...

אין קורצען, דער נעאָ־מאַלטהוזיאַניזם וועט ברענגען דעם פאָלק מעהר געזונד, מעהר אינטעליגענץ, מעהר אונאַבהענגיגקייט, אַ בעסערע ערציהונג, און עס וועט געבען ד ע ר פ ר ו י אַ מיטעל וואָס וועט איהר העלפען זיך צו בעפרייען און צו ווערען אַ מייסטערין פון איהר אייגענעם קערפּער, צו ענטשיידען צי זי זאָל האָבען אַ קינד אָדער ניט, און ו ו ע ן זי זאָל עס האָבען!

איך וויל מיך נישט נאַרען און זאָגען, אַז אַלצדינג, אַז אַ גאַנץ גרויסע ענדערונג אין דער געזעלשאַפט העננט אָב פון דער פערהיטונג פון שוואַנגערשאַפט; איך וויל נישט איבערטרייבען. איך ווייס אַז דאָס וועט ניט לעזען די סאָציאַלע פראַגע, אָבער אַז דער נעאָ מאַלטהוזיאַניזם וואָלט געווען אַ גרויסע הילף אין אונזער קאַמפּף פאַר אַ סאָציאַלער אומענדערונג, ווען ער וואָלט געווען אומעטום פערברייטעט, דאָס איז גאַנץ זיכער.

## מפיל זיין.

מען אונטערשיידעט צוויי סאָרטען מפיל־זיין: דער אמת'ער מ פ י ל (אָדער אַ ב אָ ר ט ו ס) און די פ ר י ה ג ע ב ו ר ט. מיר וועלען מעהרסטענס בלויז דעם ערשטען אָנרופען מיט דעם נאָמען מפיל.

א מ פּ י ל איז דאָס אַרויסקומען פון דער פרוכט אין די ערשטע 28 וואָכען פון דער שוואַנגערשאַפט, דאָס הייסט ווען די פרוכט קאָן ניט לעבען אויסערהאַלב דער געבערמוטער.

א פ ר י ה ג ע ב ו ר ט איז דאָס אַרויסקומען פון דער פרוכט אין דעם אַכטען ביז צעהנטען שוואַנגערשאַפטס־מאָנאַט, דאָס הייסט ווען די פרוכט קאָן, אונטער ריכטיגער אויפפּאַסונג, בלייבען לעבען.

אורזאַכען:

1. דאָס אָ ב ש ט אַ ר ב ע ן פ ו ן ד ע ר פ ר ו כ ט דורך קראַנקהייטען וואָס זענען איבערגעגאַנגען צו דער פרוכט פון די עלטערען און דורך אונריכטיגער אויסבילדונג אָדער דורך קראַנקהייטען פון דער פרוכט אַליין, פון די הייטלעך וואָס וויקלען זי אַרום, פון דער פּלאַצענטאַ (דאָס אָרט) און פון דעם נאָפּעל־שטראַנג. א זעהר אָפטע אורזאַך פון אָבשטאַרבען פון דער פרוכט אין די ערשטע מאָנאַטען פון דער שוואַנגערשאַפט איז ס י פ י ל י ס, אַן אָנשטעקענדע געשלעכטס־קראַנקהייט. אויב דער פאָטער אָדער די מוטער זענען סיפיליטיש אין דער צייט פון'ם סעקסואַלען פערקעהר קאָן (נישט מוז!) די פרוכט די קראַנקהייט ירש'ענען און איינע פון די פאָלגען דערפון איז דער טויט פון דער פרוכט. עס איז אויך מעגליך אַז דיזע קראַנקהייט זאָל איבערגעהן פון דעם פאָטער אויף דער פרוכט און נישט קראַנק מאַכען די מוטער אָדער ווענינגסטענס נישט הערפאָררופען קיין קענטליכע סיפיליטישע סימפּטאָמען אין איהר. — ניט נאָר סיפיליס, אויך אַנדערע שווערע קראַנקהייטען פון דער מוטער, אין אַ שווערען גראַד, סיי זי האָט זיי געקראַנגען פאַר דער שוואַנגערשאַפט, סיי וועהרענד דער שוואַנגערשאַפט, קאָנען האָבען אַלס פאָלגע דעם טויט פון דער פרוכט, — צום ביישפּיעל, ניערען־קראַנקהייטען, האַרץ־קראַנקהייטען, לונגען־קראַנקהייטען. אָבער זעהר אָפט זעהט מען אויך פרויען מיט אַזעלכע קראַנקהייטען אויסטראָגען און געבערען געזונדע קינדער.

ווען דאָס קינד שטאַרבט, ווערט די געבער־מוטער גערייצט און זי וואַרפט דאָס קינד אַרויס. מעהרסטענס בלייבט די טויטע פרוכט נישט לאַנג אינעווענינ. אָבער עס קאָן זיך מאַכען זי זאָל יאָ דאָרט בלייבען אַ לענגערע צייט טויטערהייט און זיך פערענדערען.

2. ק ר אַ נ ק ה י י ט ע ן פון דער מאַמען אָדער פון דער

פרוכט, דורך וועלכע די פרוכט שטארבט נישט אָב דירעקט, אָבער וועלכע פערורזאכען א מפּיל. צום ביישפּיעל, כראָנישע אַלגעמיינע קראַנקהייטען וואָס די פרוי האָט פון פריהער; אָדער כראָנישע לאָקאַלע קראַנקהייטען אָדער פאָלגען דערפון, דאָס הייסט קראַנקהייטען פון די סעקסואַל אָרגאַנען; אָדער אַקוטע, נאָר וואָס ערוואָרבענע קראַנקהייטען; בלוט־אַרמוט; קראַנקהייטען פון דער געבערמוטער אַליין; צוזאַמען־וואַקסונגען פון בויך־אָרגאַנען אַלס אַ פאָלגע פון אָפּעראַציעס; מאַנכע מעדיקאַמענטען, וועלכע מען גיט איין צוליעב קראַנקהייט; אונריכטיגע לאַגע פון דער פּלאַצענטאַ; צופאַלען, ווי אַרונטערפאַלען פון ערגיץ, זיך שטאַרק אָנשטויסען דעם בויך; פסיכישע אַנאָמאַליען, ווי גרויסע יסורים; קינסטליכע אונטערברעכונג פון דער שוואַנגערשאַפט; כראָנישע בליי־פערגיפטונג, ביי פרויען וואָס אַרבייטען אין פאַבריקען וואו בליי ווערט פיעל אָנגעווענדט; און מאַנכמאָל בלייבט די אורזאַך אונבעקאַנט.

אויף איינער פון דיזע אורזאַכען פון מפּיל־זיין וויל איך מיך אַביסעל מעהר אָבשטעלען. דאָס איז די קינסטליכע אונטערברעכונג פון דער שוואַנגערשאַפט.

די קינסטליכע אונטערברעכונג פון דער שוואַנגערשאַפט איז איינע פון די טרויעריגסטע פּאַסירונגען אין דעם לעבען פון אַ פרוי.

דער שרייבער פון דיזע ציילען איז געגען דעם קינסטליכען מפּיל, וויל ער ווייסט אַז, אויב פרויען וואָלטען פערהיט די שוואַנגערשאַפט, וואָלטען זיי נישט געדאַרפט אָנקומען צו דעם מפּיל. די פרוי וואָלט געדאַרפט זיין אַ בעל הבית'טע איבער איהר אייגענעם קערפּער און טון פראַנק און פריי וואָס זי וויל. דאַן וואָלט זי זיך נישט געדאַרפט ווענדען אין געהיים פאַר הילף צון אַזעלכע מענשען וואָס זענען אונפעהיג, וואָס נאַרען זי אָב אָדער מאַכען זי קראַנק. ווי געהיים דיזע שוואַנגערשאַפטס־אונטערברעכונגען זאָלען נישט זיין, ווי אונגעזעצליך, ווי נישט „עטהיש“ פאַר דאָקטוירים און העבאַמען, ווייסט אָבער דאָך יעדער אַז זיי ווערען געמאַכט אין די טויזענדער יעדען טאָג, אין יעדען אָרט. וואָצו אַלזאָ דאָס בעהאַלטעניש? וואָצו די געזעצען? ווייסען

מיר דאָך אַז אַ סך דאָקטוירים בעשעפטיגען זיך מיט אָבטרייבען די שוואַנגערשאַפט און אַז פיעלע ווערען דערפון רייך, כאָטש זיי שרייען אויף די מעדיציניש פערזאַמלונגען אַז זיי זענען דאַגעגען און אַז זיי האַלטען עס פאַר אַ „פערברעכען”; פערקעהרט, ס'איז פאַראַן אַ מינאָריטעט דאָקטוירים וואָס טוען עס אונטער קיין שום פרייז, אָבער זיי פערלאַנגען אַז עס זאָל זיין ערלויבט עס צו טון פאַר די פרויען וואָס ווילען עס, — ווי דער שרייבער פון דיזע שורות.

נישט תמיד קאָן מען האָבען סימפּאַטיע און מיטלייד מיט די פרויען וואָס ווילען אָבטרייבען זייער פרוכט. ווען מען זעהט אַן אַרבייטער־פרוי וועלכע ווייסט וואָס פאַר אַ שווערע פעראַנטוואָרטליכקייט אַ קינד איז, ווען מען הערט איהר לאַגע און ווען ס'איז ביי איהר שוין פון פריהער פאַראַן אַ גענוגענדע צאָהל קינדער וואָס פערמעהרען די אָרעמקייט, דאָס עלענד און די שקלאַפעריי, — פערשטעהט מען לייכט איהר צושטאַנד און מען בעדויערט נאָר וואָס זי האָט זיך ניט פערהיט זי זאָל ניט קומען צון אַ נייער שוואַנגערשאַפט. קומט אָבער צון אייך אַ פרוי וואָס געהערט צו דער מחנה פאַראַזיטען וואָס ליגען אויף דעם קאַרק פון'ם אַרבייטענדיגען פאָלק, אַ פרוי וועלכע וויל נישט האָבען קיין קינד בלויז וועגען אויסערליכע גרינדען: זי וויל נישט איהר קערפער „מיאוס מאַכען” אָדער זי וויל ניט פערלירען איהרע געוועהנליכע פערגעניגענס, און אַזוי ווייטער, — דאַן איז זיכער קיינער נישט גענייגט אָנצואוועהרען אפילו אַ זיפץ פאַר איהר. כאָטש אויך אַזאַ פרוי וואָלט געדאַרפט האָבען אַ רעכט צו פערלאַנגען די פולע פרייהייט יאָ אָדער נישט צו טראָגען אַ קינד אין איהר קערפער! איבריגענס זענען אַזעלכע פרויען מעהרסטענס גאָר נישט ווערט און נישט ווירדיג צו זיין מאַמעס. — נאָר וואָס קאָן מען זאָגען וועגען די מיידלאַך־מאַמעס וואָס ווילען ניט שוואַנגערען בלויז דערפאַר ווייל זיי זענען ניט פערהייראַט נאָך אַלע רעליגיעזע און געזעצליכע פאָרמען און ווייל זיי האָבען מורא פאַר דער עפענטליכער מיינונג? מאַנכעס מאָל, ווען מען פרעגט זיי פאַר וואָס זיי ווילען דאָס קינד אָבטרייבען, — איז דען דער פאָטער פון דער פרוכט אַנטלאָפען? — אָדער האָט זי איהם פיינד געקראָגען און

ווייל נישט האָבען קיין קינד פון איהם? אָדער איז זי פון איהם פערגעוואלטיגט געוואָרען? (כאָטש איך גלויב זעלטען אין אזעל־כע פערגעוואלטיגונגס־געשיכטען), — אומשטענדען וועלכע וואָל־טען געווען ענטשולדיגענדע גרינדען פון'ם מענשליכען, אָבער נישט פון דעם בארבאריש־געזעצליכען שטאנדפונקט, — ענטפערט דאָס מיידעל: „ניין, איך האָב גאָר נישט צון איהם, מיר ליעבען זיך, אָבער ס'איז אַן עברה אזוי צו האָבען אַ קינד, מען טאָר עס נישט; מיר זענען דאָך עפּיס אידען — אָדער קריסטען!" — „נו, שטעלט מען אַ חופּה!" — „דאָס קאָנען מיר נישט, ווייל מען וועט זיך אָנשטויסען"... אָך, וואָס פאַר אַ נידערטרעכטיגע היפּאָקריזיע! ס'איז אַן עברה צו האָבען אַ קינד „פאַר דער חתונה", אָבער ס'איז נישט קיין עברה עס אָבצוטרייבען! ווי אזוי קאָן מען פאַר אייער גאָט איין פעהלער אָבווישען, איהם בעדעקענדיג מיט אַן אַנדערען פעהלער? איז דען ניט דער צווייטער פעהלער אַ פיעל גרע־סערע זינד אפילו פון דעם רעליגיעזען שטאנדפּונקט? — ניין, זוכט מיך נישט אָבצונאַרען; איהר ווילט עס טון פאַר דער ענ־גער „עפענטליכער מיינונג" פון אייער קליינליכער אומגעבונג! איהר האָט נישט מורא פאַר אייער גאָט, ער איז צו ווייט; איהר האָט מורא פאַר אייער שכן; איהר זענט פייג; איהר זענט ניט ווערט גליקליך צו זיין און צו געניסען דאָס הימלישע פערגניגען פון אַ געשלעכטליכער אומאַרמונג, ווייל איהר ווילט אייער טאַט בעהאַלטען און יעדע שפּור פון איהר צושטערען! דען איהר זאָגט דאָך מיר אַז אַ קינד ווילט איהר האָבען, נאָר שפּעטער, נאָך דער חתונה! — נאָך דער חתונה! אָבער אייער חתונה איז דאָך שוין געווען, — זי האָט שטאַטגעפונען דאָרט וואו איהר האָט זיך פעריי־ניגט, און אויב ס'איז אמת אַז איהר ביידע האָט זיך ליעב, קאָן ניט זיין קיין הייליגערע חתונה ווי אייערע. יעדער וואָס וועט זיך אריינמישען אין די בעציהונגען צווישען אייך, סיי וועלכע אויטאָריטעט, — די שול, דער קלויסטער, די רעגירונג, דער עולם, אייער פאַמיליע, אייער טאַטע־מאַמע, — וועט פערונריינינגען און בעליידיגען די הייליגקייט פון אייער חתונה, וועלכע איז פערזי־געלט געוואָרען מיט אייער אויפריכטיגער ליעבע...

אָבער זעהר אָפט הערט מען כמעט דיזעלבע ווערטער און

ענטשולדיגונגען ביי זאָגענאַנטע „ראַדיקאַלע“ פאָרלעך, ביי אַזעלכע וואָס האָבען געלערענט צו רעדען מיט גרויסע, הויכע, רויטע, רעוואָלוציאָנערע פראַזען, אָבער וואָס דענקען אַז אין זייער לעבען דאַרפען זיי קיין שום ענדערונג ניט מאַכען, ביי אַזעלכע וואָס לעגען אָב אַלעס אויף דער „צוקינפטיגער געזעלשאַפט“, דאָס הייסט ווען זיי וועלען שוין פון לאַנג ניט עקזיסטירען, — ביי אַזעלכע וואָס פערשטעהן נישט אַז ה י י נ ט געהט אָן די רעוואָלוציע און אַז ז י י דאַרפען זי מאַכען דורך ביישפּיעלען פון זייער לעבען. זיי פּלאַפּלען אויך פון אַ „רעספּעקט פאַר די עלטערען’ס געפיהלען“, פון דער „געזעלשאַפטליכער טיראַנייע“. „מיר זענען פרייגעזאָנען, — פערזיכערען זיי אונז, — מ י ר דאַרפען נישט די נאַרישע געזעצליכע און רעליגיעזע פאָרמען, אָבער מיר מוזען זיי האָבען פאַר דער געזעלשאַפט! שפּעטער, נאָך דער הייראַט, וועלען מיר האָבען קינדער; אָבער איצט קאָנען מיר נישט.“ — איהר פערשטעהט; נישט ווייל דאָס מיידעל דאַרף געהן אַרבייטען, קאָנען זיי נישט האָבען אַ קינד, ניט ווייל זיי האָבען זיך ביידע צוקריגט, — ניין, בלויז דערפאַר ווייל זיי שעמען זיך און ווייל זיי האָבען מורא. און דאָס רופט זיך אָן „ראַדיקאַל“! און דאָס האָט ניט דעם מוט צו טון איין שפּאַן „קעגען דער געזעלשאַפט“, — אפשר דער איינציגער שריט וואָס וועט זיי אויסקומען צו טון אין זייער גאַנץ לעבען פון „רעוואָלוציאָנערען“! געהט צום טייפעל מיט אייער ראַדיקאַליזם! איהר זענט געגוי אַזעלכע היפּאָקריטען ווי די רעליגיעזע היפּאָקריטען! . . . ניין, אויף אַזעלכע מענשען קאָן מען נישט האָבען קיין רחמנות!

---

די מיטלען וואָס ווערען געברויכט די שוואַנגערשאַפט קינסטליך צו אונטערברעכען, קאָנען איינגעטיילט ווערען אין: מעדיצינישע און כירורגישע. די מעדיקאַמענטען וואָס מען גיט (ס ע ק אַ ל ע, אַ ל אָ ע ס, ס אַ ב י נ אַ און אַזוי ווייטער) זענען אַלע שעדליך, סיי אין וועלכער פאָרם מען זאָל זיי נישט נעהמען, דען זיי זענען גיפטען פאַר דעם גאַנצען קערפּער און אַ י י נ ע פון זייערע גיפטיגע ווירקונגען איז דאָס מפּיל־זיין. אַ סך פרויען

זענען שוין פון זיי געשטאָרבען, אַ סך זענען קראַנק געוואָרען. אויב זיי מאַכען נישט די פרוי קראַנק, קאָנען זיי אויך נישט האָבען די געווינשטע ווירקונג אויף דער געבערמוטער און אויף דעם קינד, ווייל דאַן זענען זיי צו שוואַך. אַ סך פון די פּילען וואָס מען קויפט אין די אַפּאָטעקען פאַר גרויסע סומען געלד, ווי שען זייערע נעמען זאָלען נישט קלינגען און פון וועלכע לענדער זיי זאָלען נישט קומען, זענען אָדער שעדליך, אָדער אויב אונשעדליך, גאַנץ אונניצליך, אונגווירקוואַם. אָפטמאָל, ווען איהר פערלאַנגט אַזאַ מיטעל ביים דאָקטאָר, גיט ער אייך אויך אַ מעדיצין וואָס האָט קיין שום פאָלגע, אָדער כמעט קיין פאָלגע, נישט קיין גוטע און נישט קיין שלעכטע. ער וויל פון אייך פּטור ווערען. נאָר דאָס בערעכטיגט איהם נישט ביי אייך צו נעהמען אַזוי פיעל געלד פאַר דעם וואָס ער האָט אייך אָבגענאַרט, כאָטש וואָס דאָס איז בעסער ווי ווען ער פערשרייבט אייך טאַקע אַ ווירקליך אמת מיטעל, דורך וועלכען איהר קאָנט זעהר קראַנק ווערען. מאַנכע דאָקטוירים געבען די מיטלען אפילו פרויען וואָס זענען גאָר נישט שוואַנגער. די פרוי מאַכט אַליין די דיאַגנאָזע אַז זי איז שוואַנגער, כאָטש זי איז נישט, און געהט זיך לאָזען אָבטרייבען; דער דאָקטאָר בעטראַכט זי אויך אַלס שוואַנגער אפילו ווען ער געפינט זי פאַר נישט שוואַנגער און ער קריגט זיין לוין פאַר אַ פאָרגעשטעלטע „אָבטרייבונג“. איהר פערשטעהט אַז דאָס טוען נישט קיין עהרליכע דאָקטוירים.

די הייסע פוס־בעדער, די הייסע זיץ־בעדער, די הייסע אַלגעמיינע בעדער, די הייסע איינשפּריצונגען אין דער שיידע, די שטאַרקע אָבפיהרמיטלען, דאָס פיעלע געהן, טאַנצען שפּרינגען, וואָס די פרויען לערנען זיך אָנצוּוואָוועדען איינע פון דער אַנדערער, קאָנען נאָר זעהר זעלטען האָבען דעם געווינשטען רעזולטאַט. מעהרסטענס איז די גאַנצע פּלאָגע אומזיסט; מען ווערט בלויז דערפון אָבגעשוואַכט.

דאָס איינציגע מיטעל, וועלכעס קאָן, אין די הענד פון אַ ריינעם, געוויסענהאַפטען, וויסענשאַפטליכען דאָקטאָר, פערהעלטניסמעסיג לייכט אונטערברעכען די שוואַנגערשאַפט און אונ־

טער גינסטיגער פלעגע נאָר זעלטען האָבען שלעכטע פאָלגען פאַר דער פרוי'ס געזונד, איז די כירורגישע אונטערברעכונג. עס פערשטעהט זיך אַז זי איז אונגעזעצליך, כאָטש אין פאַלען וואו די שוואַנגערשאַפט מוז אונטערבראָכען ווערען צוליעב דעם געזונד פון דער פרוי, איז זי געזעצליך. (ביי דיזער געלעגענהייט וויל איך די לעזערינען וואָס שרייבען צו מיר וועגען מפּיל־מיטלען איין מאָל פאַר אַלע מאָל אויפמערקזאַם מאַכען, אַז זייער מיה איז אומזיסט; איך גיב קיין מאָל נישט אַזעלכע מיטלען, נישט קיין מעדיצינישע, נישט קיין אָפּעראַטיווע.)

ד י ק י נ ס ט ל י כ ע אונטערברעכונג פון דער שוואַנגערשאַפט מ ו ז געמאַכט ווערען און איז געזעצליך ערלויבט אין פאָלגענדע פאַלען: ביי אַזעלכע קראַנקהייטען פון דער פרוי ביי וועלכע די שוואַנגערשאַפט שטעלט פאָר א געפעהרליכע, א לעבענסגעפעהרליכע קאָמפּליקאַציע און ווען מען האָט די אויסזיכט דער פרוי'ס לעבען צו רעטען דורך דיזער אונטערברעכונג. ווען מען אונטערברעכט די שוואַנגערשאַפט אין די ערשטע 28 וואָכען קאָן דאָס קינד ניט לעבען. (עס קאָן אָבער זיין מען זאָל די קינסטליכע געבורט דאַרפען הערפאָררופען נ אָ ך די ערשטע 28 וואָכען; דאָס איז ווען מען ווייסט אַז ניט די שוואַנגערשאַפט, נאָר די ענטבינדונג אין דער נאָרמאַלער צייט, צום סוף פון טערמין, קאָן זיין געפעהרליך פאַר דער פרוי אָדער פאַר דעם קינד און ווען מען וויל האָבען א קינד וואָס זאָל זיין אימשטאַנד צו לעבען; נאָר דיזע פראַגע געהערט ניט אהער.) אַזעלכע אומשטענדען, אַז דאָס לעבען פון דער פרוי זאָל מוזען גערעטעט ווערען דורך דער אונטערברעכונג פון דער שוואַנגערשאַפט, זענען זעהר זעלטען, ווייל מעהרסטענס, כאָטש נישט תמיד, קאָן די פרוי אויסטראָגען דאָס קינד אָהן א געפאַהר, ווי קראַנק זי זאָל נישט האָבען געווען פון פריהער. נעבענביי בעמערקט, א קינסטליכער מפּיל דורך וועלכען מען קאָן רעטען די פרוי, איז ערלויבט פון געזעץ; אָבער נאַטירליך דאַרף מען זיין פאָרבערייט צו בעווייזען אַז מען האָט אַנדערש ניט געקאָנט האַנדלען.

די כירורגישע מיטלען וואָס ווערען געברויכט זענען: אריינלעגען אין דער געבערמוטער א האַלב־ווייכע, קאַוטשוקענע, לאַנ־

גע רעהר אָדער אַן אינסטרומענט וואָס ווערט אָנגערופען „בוזשי“; מען לאָזט זי ליגען עטליכע שטונדען און דאַן נעהמט מען זי אַרוים; דער זאָגענאַנטער „איי־הויט־שטיך“, דאָס אַריינלעגען פון אַ שטומפיגער מעטאַלענער סאָנדע אין דער געבערמוטער און זי באַלד אַרויסנעהמען; וואַרעמע וואַסער־איינשפּריצונגען אין דער געבערמוטער (נישט אין דער שיידע), ביי וועלכער געלעגענהייט מען דאַרף זי צוערשט געניגענד עפענען, פערשטעהט זיך; דאָס אַריינלעגען פון אַ טאַמפּאָן פון גאַזע אין האַלז פון דער געבערמוטער; די עפענונג און אויסקראַצונג פון דער געבערמוטער. אַלע דיזע מיטלען מוזען אָנגעווענדט ווערען בלויז פון זאַכפערשטענדיגע און געאיבטע מענשען, פון דאָקטוירים. אָבער עס געפינען זיך ליידער פרויען און מענער וואָס טוען עס אָהן קיין פאָרבילדונג. אָפט זענען די רעזולטאַטען גוטע, אָבער מאַנכמאָל זענען די פאָלגען שרעקליכע פאַר דער פרוי. די ווירקונג פון דיזע מיטלען איז אָדער דאָס אָבקלעבען פון די איי־הייטלעך פון דער געבערמוטער־וואַנד אָדער אַ געוויסער רייץ פון דער געבערמוטער. און די פאָלגע איז דאָס הערפאָררופען פון וועהען און אַרויסשטויסען פון דער פרוכט, וועלכעס קאָן נעהמען פון עטליכע שטונדען ביז עטליכע טעג.

די קינסטליכע שוואַנגערשאַפטס־אונטערברעכונג קאָן זיין געפעהרליך: דורך אַ שטאַרקער בלוטונג, אַ העמאָררהאַגיע, וואָס איז ניט אָפט (אַ געוויסע בלוטונג מוז דאָך אין יעדען פאַל זיין); דורך דער אונריינקייט פון דעם יעניגען וואָס מאַכט די דאָזיגע קליינע אָפּעראַציע, סיי דורך זיינע אונריינע הענד, סיי דורך זיינע אונריינע, נישט אויסגעקאָכטע אינסטרומענטען. אַזאַ אונריינקייט קאָן די געבערמוטער אָדער די אַרומיגע טיילען ענטצינדען און מאַנכמאָל קאָן זיך דער שמוץ פערשפּרייטען, דורך די וואונדען אין דער געבערמוטער, אין גאַנצען קערפּער און הערפאָררופען פיבער, סעפּסיס (אַלגעמיינע אינפעקציע פון'ם בלוט) און טויט. נאָר גליקליכערווייז איז דאָס זעלטען.

געוויסע דאָקטוירים רעדען די פרויען איין אַז נאָך דעם קינסטליכען מפּיל מוזען זיי אין יעדען פאַל קריגען אַן אויסקראַצונג (קירעטאַזש, קלינינג);

דאָס איז נישט אמת; נאָר אין פאַל פון אן אינפעקציע פון דער געבערמוטער אָדער פון א שטאַרקער בלוטונג, איז אן אויס־קראַצונג אַם פּלאַץ.

סיי דער מפּיל איז געקומען דורך קינסטליכע מיטלען, סיי דורך קראַנקהייט, די בעהאַנדלונג איז דיזעלבע: הויפּטזעכליך ר ו ה, ו ו ע נ י ג ע ס ע ן א ו ן ר י י נ ק י י ט. ווען א קאָמפּליקאַציע ענטוויקעלט זיך, ווען מען קריגט פיבער אָדער א גרויסע בלוטונג, מוז מען זיך ווענדען צון א דאָקטאָר.

נאָכדעם ווי אַלע סימפּטאָמען פון מפּיל זענען פערגאַנגען, איז גוט צו האָבען א צייט פון קערפּערליכער רוה, אַם בעסטען עטליכע וואָכען.

פון מעהרערע מפּיל'ען איינס נאָך דעם אַנדערען קאָן א פרוי בלייבען שוואַך אָדער קראַנק א לאַנגע צייט.

---

בעמערקונג. — מען וואָלט געקאָנט שרייבען א בעזונדער בוך איבער די ווירקונגען פון דער א ב ס ט י נ ע נ ץ, דאָס הייסט פון דער צוריקהאַלטונג פון דעם פערקעהר. דאָרט וואו די אבסטי־נענץ איז נויטיג, איז איהר ווירקונג א זעהר גינסטיגע; דאָרט וואו דער פערקעהר איז אונבעדינגט נויטווענדיג, איז די אבסטינענץ שעד־ליך, פערשטעהט זיך. פון דעם איז שוין גערעדט געוואָרען אין די פריהערדיגע קאַפּיטלען. נאָר איין פּונקט וויל איך דאָ הערפאָר־הויבען: דאָס איז די שעדליכקייט פון דער אבסטינענץ ביי פרויען. אין פובליקום אַנערקענט מען געוועהנליך לייכט די נויטווענדיגקייט פון מענער צו האָבען פערקעהר, אָבער מען איז מעהרסטענס ניט אזוי געדעכט צו פרויען, ווייל מען ווייסט ניט די אָפט זעהר שלעכ־טע פאָלגען פון דעם טרויריגען צושטאַנד וואָס מען רופט „ד י א ל־ט ע מ ו י ד". אויך איז אין עולם ניט בעקאַנט אז צווישען די פיעלע פאָרמען פון ג י י ס ט ע ס ק ר אַ נ ק ה י י ט ע ן זענען אויך פאַראַן, צווישען פרויען, אזעלכע וואָס זענען צו פערדאַנקען דער געצוואונגענער אבסטינענץ.

**הידראָקעלע** אדער הידראָצעלע אָדער היידראָסיל איז אַ שוועלונג פעראורזאכט דורך אַן אַנזאַמלונג פון אַ וואַסעריגער פליסיגקייט צווישען די הייטלאַך ארום אַ טעסטיקעל. זי איז ניט קיין געשלעכטליכע קראַנקהייט. זי ווערט דאָ דערמאָנט ווייל זי איז אין דער געשלעכטליכער געגענד און ווייל זי טרעפט זיך זעהר אָפט. פאַראַן פערשידענע אורזאכען, אָבער די הויפּט־אורזאַך איז אָנשטרענגונג אָדער דרוק אויף דעם סקראָטום, צום ביישפּיעל ביי לאַנגען צווייראָד־רייטען.

זיבעטע אבטיילונג:

# געשלעכטס קראַנקהייטען

# אלגעמיינע בעמערקונגען איבער געשלעכטס־קראנקהייטען

אין מאנכע לענדער, צום ביישפּיעל די פעראייניגטע שטאטען, רופען די בורזשואזע רעפארמאטארען און מאראליסטען אן די געשלעכטס־קראנקהייטען, — זיי און קיין אנדערע, — מיט דעם נאמען „סאציאלע קראנקהייטען", — גלייך ווי זיי זענען די איינציגע סאציאלע קראנקהייטען. ביז צו א געוויסען גראד קאן מען גאר זאגען אז שווינדזוכט איז גיכער א סאציאלע קראנקהייט, אין דעם זין אז זי קומט פון א סאציאלער אונגערעכטיגקייט געגען דער וויכטיגסטער קלאסע, געגען דער ארבייטער־קלאסע. די געשלעכטס־קראנקהייטען גלייכען זאגאר אויס די געזעלשאפטליכע קלאסען, וועלכע זענען אלע מעהר אדער ווייניגער גלייכע מיוחסים פאר דיזע קראנקהייטען. אין דער בעציהונג עקזיסטירט א טרויעריגע פערברידערונג פון אלע קלאסען.

חיות האבען ניט קיין געשלעכטס־קראנקהייטען. ביי „ווילדע" מענשען, וועלכע זענען נאך ניט „ציוויליזירט" געווארען פון אייראפעאישע קאלאניסטען, זענען די ווענערישע ליידען אויך אונבעקאנט.

ס'איז ווארשיינליך, אז פון די *בעהאלטענע*, אדער ווי זיי הייסען נאך, די „קלאנדעסטינע", *פראסטיטואירטע*, פון די האלבע פראסטיטואירטע, וואס לעבען ניט אין גאנצען פון פערקויפען זייער קערפּער, געהט זיך קיין איינציגע ניט אויס פון א סעקסואלער קראנקהייט. פון די *עפענטליכע פראסטיטואירטע* איז שוין אבגערעדט; זיי זענען *מעהרערע* מאל קראנק אין זייער לעבען. נאר מאנכמאל זענען די האלבע פּראסטיטואירטע נאך געפעהרליכער ווי די גאסען־פרויען, ווייל דיזע לאזען זיך עפטער בעהאנדלען ווי די ערשטע. א סך פרויען, ניט פּראסטיטואירטע, אבער וואס געבען זיך לייכט איבער צון א מאן, אפילו אהן געלד, זענען ווענעריש אנגעשטעקט,

און אָפּטמאָל, ווען אַ יונגער מאַן דענקט אַז ער האָט לייכט איינ־געגומען אַ פּעסטונג און האָט געכאַפּט אַ „מציאה'לע", ווייל ער האָט איבערגערעדט אַ פערהייראַטע (אָדער אפילו אַן אונפער־הייראַטע) פרוי, דערזעהט ער גאָר באַלד אַז די געוואונענע מציאה איז — אַ גאָנאָרעע אָדער סיפיליס.

פון דער אַנדערער זייט, געעהרטע לעזערין, קאָן מען זאָגען אַז אַ גרויסע צאָהל מענער זענען אָנגעשטעקט און אַז די זיסע רעד און די וואַרעמע ליעבעס־ערקלערונגען פון אייער שוועדמעריש, אפשר זאָגאַר טיעף ראַדיקאַלען און אידעאַליסטישען פערעהרער אָדער פון אייער עלעגאַנטען טאַנץ־פּאַרטנער, פערדעקען אַ כראָנישע געשלעכטס־קראַנקהייט. טרויריג, אָבער אָפּט אמת!

אַ געוויסענהאַפטער דאָקטאָר מוז זאָגען אַז ער גאַראַנטירט ניט פאַר קיינעם אַ חוץ פאַר זיך אַליין — און פאַר די וועלכע ער האָט אונטערזוכט.

זיכער מעהר ווי 50 פּראָצענט מענער האָבען ג אָ נ אָ ר ע ע. און אַ סך פון זיי מאַכען קראַנק זייערע פרויען, ווען זיי הייראַ־טען. ווענינסטענס 1½ מיליאָן אונשולדיגע פרויען, דאָס הייסט ניט פּראָסטיטואירטע פרויען, האָבען שטענדיג ג אָ נ אָ ר ע ע אין די פעריינינגטע שטאַטען. אַ גרויסער טייל פון אַלע בלינדע האָבען צו פערדאַנקען זייער ב ל י נ ד ק י י ט דער גאָ־נאָרעע, מיט וועלכער זייערע אויגען האָבען זיך אָנגעשטעקט ביי דער געבורט, ווען דעם קינד'ס קאָפּ איז געלעגען פאַר אַ ווייל אין דער מוטער'ס שיידע.

אָט זענען עטליכע בילדלעך פון די פאָלגען פון געשלעכטס־קראַנקהייטען:

מאַנכע מענער איילען זיך צו און שטעקען אָן זייערע כלות. אַנדערע וואַרטען ביז זיי זענען פערהייראַט, כדי די אָנשטעקונג זאָל זיין אַ געזעצליכע, פערזיגעלט פון די וועלטליכע און רעליגיע־זע אויטאָריטעטען. ס'איז אַ מין חתונה־מתנה וואָס דער גוטער מאַן ברענגט זיין ליעבער הערצל.

ווי אָפט ווערען די שענע חלומות פון אַ יונגער פרוי פער־ניכטעט אין די ערשטע וואָכען נאָך דער הייראַט!... זי האָט גע־טרוימט פון אַ פאַמיליע מיט אַ קינד אָדער מיט קינדער, וועגען

מוטערליעבע און מוטערגליק; אָבער זי איז אַנגעשטעקט געוואָרען, קראַנק געוואָרען, זי האָט געליטען, איהר געבערמוטער איז גע־בליבען סטעריל אָדער, דורך אַן אָפּעראַציע וואָס איז אַמאָל אַ פאַל־גע פון אַ גאָנאָרעע, איז זי פערשטימעלט געוואָרען, מען האָט אַרויס־געשניטען איהר געבערמוטער אָדער די אייערשטעק און זי קאָן קיין מאָל מעהר ניט האָבען קיין קינדער.

עס געשעהט אויך אַז דער מאַן, ניט וויסענדיג אַז זיין אַלטע גאָנאָרעע איז נאָך פאַראַן, אַז זי שלאָפט נאָך אין זיין קאַנאַל, שטעקט אָן זיין פרוי ווען ער הייראַט און דאַן, ווען זי ליידט, בע־קלאָגט ע ר זיך, אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ קרענקליכער פרוי. און ער מוז נעביך זוכען אַ טרייסט ביי אַנדערע פרויען, ביים גלעזעל, ביים „קערטעל“, אין זיין קלאַב... ער איז גאָר דער קרבן!

ס'איז מיר שוין אַ סך מאָל פאָרגעקומען צו זעהן אַ יונגען מאַן וואָס וויל הייראַטען אין אַ קורצער צייט אַרום, ניט זייענדיג אויסגעהיילט און דאָס איינציגע מיטעל דורך וועלכען איך האָב געקאָנט איהם איבערערעדען אָבצולעגען די הייראַט, איז געווען, איהם צו זאָגען אַז זיין פרוי וועט פון איהם קראַנק ווערען און אַז זי וועט איהם אויסקרענקען אַ ס ך ג ע ל ד! נאָר ווען איך האָב איהם אָנגעגריפען ביי דער קעשענע, האָט ער זיך אונטערגעגעבען!

מעהרערע מענער געהן צו פּראָסטיטואירטע, כּאָטש זיי זעי־נען פערהייראַט. זיי טוען עס ביי יעדער געלעגענהייט ווען זייער פרוי קאָן זיי ניט אויפנעהמען. און שפּעטער ברענגען זיי די קראַנקהייט פון דער פּראָסטיטואירטער צו זייער געזעצליכער פרוי. יאָ, די פּראָסטיטואירטע ליגט אָפט אונזיכטבאַר אין בעט צווישען מאַן און פרוי!

מאַנכמאָל פּראָפיטירט אַ ביטרע האַלב־פּראָסטיטואירטע פון דער אונוויסענהייט פון אַ אינגעל, הייראַט מיט איהם און שטעקט איהם אָן. ווען ער ווערט געוואָהר פון איהר קראַנקהייט דורך דער קראַנקהייט וואָס ער האָט פון איהר געקראָגען און וויל ניט מיט איהר לעבען, צווינגט איהם דער אַמעריקאַנער ריכטער איהר צו צאָהלען אַ וועכענטליכען לוין. דאָס הייסט געטריבען די בעשיצונג

פון דער פרוי צו ווייט! און מיר זענען בעקאַנט מעהרערע אַזעל־כע פאַלען.

זעהר פיעל מאָל שיקט דער דאָקטאָר אַ גאַנץ יונגען מאַן צו פראָסטיטואירטע, ווען דיזער וואָלט זיך נאָך לאַנג געקאָנט בעגעהן אָהן אַ פרוי. ווי שענדליך!

טרויעריג איז צו זעהן אינגלעך, קינדער פון 15 ביז 17 יאָהר, מיט אַ גאַנאָרעע וואָס זיי ברענגען פון זייער וויזיט ביי עפענט־ליכע פרויען, צו וועלכע זיי זענען פערשלעפּט געוואָרען פון „גוטע ברידער".

ס'איז אַ שרעקליך, נידערטרעכטיג פערברעכען, קראַנק צו מאַ־כען זיין פרוי, וועלכע איז אָפט אַזוי אונשולדיג, אונוויסענד, נאַ־איוו, — און וועלכע גיט דעם פעררעטערישען, ערפאַהרענען און אויסגעבלאָזענען מאַן איהר קערפּער, איהר לייב, איהר ליעבע, אַלעס וואָס זי פערמאָגט, אין פולער פערטרויאונג!

די אורזאַך פון די געשלעכטס־קראַנקהייטען איז די פּ ר אָ ס־ט י ט ו צ י ע.

די פראָסטיטוציע איז דער גרויסער רעזערוואָאַר, פון וואַנען די מענער קומען תמיד שעפּען דאָס גיפט און פון וואַנען עס צור־גיסט זיך אויף דער גאַנצער געזעלשאַפט.

די פראָסטיטוציע איז אונזער אַלעמענס אומגליק, זי איז די שרעקליכע וואונד, די קלאָאַקע פון שמוץ, דער אָבגרונד דורך וועל־כען אונזער לעבען איז דורכגעטרונקען מיט געשלעכטס־קראַנקהיי־טען.

אַ בעריהמטער פראַנצויזישער אַרצט האָט אַ מאָל געזאָגט: „די געשלעכטס־קראַנקהייטען זענען די מתנה וואָס די פראָסטיטו־אירטע גיבען די פערהייראַטע פרויען צו זייער חתונה".

אָבער מיט דעם וויל איך ניט זאָגען אַז נאָר די פראָסטיטו־אירטע, דאָס הייסט אַז נאָר פרויען זענען די שולדיגע. די פראָס־טיטואירטע ווערען אָנגעשטעקט פון מענער, דאָס הייסט אַז מע־נער זענען ווענינסטענס פונקט אַזוי שולדיג ווי פרויען אין דער פערשפּרייטונג פון סעקסועלע קראַנקהייטען. נאַטירליך זענען פאַראַן מ ע ה ר ע ר ע ט י ע פ ע ר ע א ו ר ז א כ ע ן, ו ו י: ד י א ו נ מ ע ג ל י כ ק י י ט פ ו ן א ס ך מ ע נ ע ר צ ו

הייראטען אין צייט, די מיזעראבעלע ארבייטס־בעדינגונגען פון די פרויען, די מיאוסע מאָראל פון דער געזעלשאפט וואָס פערשטויסט א מיידעל, וועלכע איז געוואָרען א מאמע אָהן דער געזעלשאפט'ס צושטימונג, די אונוויסענהייט פון מענער און פרויען וועגען געשלעכטס־לעבען, די אונגלייכע געשלעכטליכע מאָראל פאר מענער און פאר פרויען, א שלעכטע היים, שלעכטע עלטערען און אזוי ווייטער.

מען קאָן זאָגען אז אין כמעט יעדען פאל איז א מאן (זעלטענער א פרוי) אין דער פאָרם פון א פרויען־הענדלער אָדער אנדערש, דירעקט שולדיג אין דעם אריינגאנג פון א מיידעל אין די רייהען פון די פראָסטיטואירטע. אזעלכע אגענטען פון דער פראָסטיטוציע געפינען זיך אין טאנץ־שולען, באהנען, געוועלבען, אין שטעדט און דערפער, — איבעראל.

די עלטערען דארפען פערשטעהן ווי אזוי זייערע קינדער, מעהרסטענס זייערע טעכטער, אָבצוהיטען פון אזעלכע געפאהרען. זיי דארפען אויך די קינדער פאָרבערייטען כדי דיזע זאָלען וויסען ווי אזוי צו פערמיידען די מעגליכע סכנות.

מען זאָגט אונז אז די די פראָסטיטוציע איז נישט בלויז א „נויטיג איבעל“, נאָר אויך א זיכערע שטיצע פון דער פאמיליע געגען אונמאָראליטעט. און אזוי ווי די פאמיליע איז איינע פון די גרונדלאגען פון דער געזעלשאפט, איז אויך די פראָסטיטוציע א שטיצע פון דער געזעלשאפט. אך, וואָס פאר א פאמיליע! וואָס פאר א געזעלשאפט!

## די פערשפרייטונג פון געשלעכטס־קראנקהייטען.

די ווענערישע קראנקהייטען זענען אזעלכע אז מען קאָן זיך ניט ערוואַרטען ווען־עס־איז צו וויסען ווי פערשפרייט זיי זענען. די קראנקע זוכען נאטירליך וואָס מעהר זיי צו בעהאלטען. אָבער די פאָלגענדע אָבשאצונגען און סטאטיסטישע אנגאבען וועלען ווענינגס־

טענס געבען אַן אידעע פון דער פערשפּרייטונג פון דיזע קראַנקהייטען.

דער געזונדהייטס־דעפּאַרטמענט, דאָס הייסט דאָס סאַניטעטס ביוראָ, פון דער שטאָדט ניו יאָרק האָט פערלאַנגט פון די 7000 ניו יאָרקער דאָקטוירים זיי זאָלען מיטטיילען וויפיעל געשלעכטס־קראַנקע זיי האָבען בעהאַנדעלט אין יאָהר 1912. בלויז 2200 דאָקטוירים האָבען געענטפערט און האָבען אָנגעגעבען די צאָהלען וואָס זיי האָבען זיך געקאָנט דערמאָנען (אַן ערך); ס'איז אויסגעקומען 13348 סיפיליס־פאַלען, 24980 טריפּערס, 4431 שאַנקראַיִדען (נישט סיפיליטישע שאַנקערס). דאָס הייסט 42759 פאַלען פון סעקסואַלע קראַנקהייטען אין 12 חדשים, ביי ווייניגער ווי איין דריטעל דאָקטוירים. ס'איז געוועזן אונמעגליך צו קריגען אַ פאָלשטענדיגען רעפּאָרט וועגען דער צאָהל פאַלען וואָס זענען בעהאַנדעלט געוואָרען אין די דיספּענסערים און שפּיטעלער, אָבער דער געזונדהייטס־דעפּאַרטמענט ווייסט אַז דיזע אַנשטאַלטען האָבען אויפצואווייזען אַ צאָהל וואָס איז „מעהרערע מאָל גרעסער ווי די פון די פּריוואַט־פּראַקטיקע". נו, און די וואָס לאָזען זיך נישט בעהאַנדלען פון קיין שום דאָקטאָר? איך דענק אַז מען וועט נישט זיין ווייט פון'ם אמת ווען מען שאַצט אָב די צאָהל פאַלען פון סעקסואַלע קראַנקהייטען אין ניו יאָרק אין יאָהר 1912 צווישען 500,000 און 600,000; דאָס הייסט אַז אַן ערך איין צעהנטעל פון דער ניו יאָרקער בעפעלקערונג ליידט פון געשלעכטס־קראַנקהייטען! ווען איהר זעהט 10 מענשען, איז איינער קראַנק דערויף! גיט איהר זיך רעכענשאַפט וואָס דאָס בעדייט? און ניו יאָרק איז נישט ערגער ווי אַנדערע גרויסע שטעדט... רעדענדיג פון דעמזעלביגען יאָהר, בעהויפּט ב י ג ג ס, אַן אויטאָריטעט אין אַזעלכע פראַגען און אַ פערטרעטער פון עפענטליכען געזונדהייטס אַמט פון ניויאָרק, אַז אין 1912 האָבען אין ניויאָרק 800,000 מענשען ג ע ל י ט ע ן א ָ ד ע ר ג ע ה א ַ ט פ ר י ה ע ר ג ע ל י ט ע ן פון איינע פון די וועגערישע קראַנקהייטען. דאָס הייסט איין פיפטעל פון דער דערוואַקסענער בעפעלקערונג פון דער שטאָדט!

אין די פעראייניגטע שטאַאַטען נויטיגען זיך יעדעס יאָהר 2½ מיליאָן מענשען אין בעהאַנדלונג פאַר וועגערישע קראַנקהייטען. —

אין דייטשלאַנד האָט פּראָפעסאָר בלאַשקאָ געפונען אז ביי די אָנ־געשטעלטע און סוחרים פון בערלין, צווישען 18 און 28 יאָהר, האָ־בען 45% געהאט סיפיליס און 120% האבען געהאט גאָנאָרעע (דאָס הייסט זיי האָבען געהאט גאָנאָרעע מעהר ווי איין מאָל) און פון די אוניווערסיטעטס־שטודענטען איז יעדער אָנגעשטעקט געווען מיט אַ ווענערישער קראנקהייט ווענינסטענס איין מאָל אין זיין שטודיר־צייט. — אין פּרייסען איז אויסגעקומען 28 ווענערישע קראנקע צווישען 10,000 מענער און 9, פון 10,000 פרויען. — אין דייטש־לאַנד האָט מען געפונען אז אין דורכשניט האָט יעדער מאַן מעהר ווי איין מאָל גאָנאָרעע און ס'איז דאָ איין פאַל פון סיפיליס צווישען 5 מענער. — ד״ר. ה. וזהייט זאָגט: — אין ענגלאַנד זענען פאראַן יעהרליך 114,000 פאַלען פון סיפיליס, 28,000 פרויען און 86,000 מענער און 686,000 פאַלען פון גאָנאָרעע. עס זענען איצט (אין 1915) פאראַן 3 מיליאָן סיפיליטיקער אין ענגלאַנד.

און אָט זענען נאָך עטליכע אָבשאצונגען: נאָך קאָנינגהעם ווערען 60 פּראָצענט פון אלע מענער אינפעקטירט מיט איינע פון די ווענערישע קראַנקהייטען; נאָך דזשעררייש ליידען 10% פון דער ניויאָרקער בעפעלקערונג פון סיפילים; פישער דענקט אז 18% איז די צאָהל סיפיליס פאַלען אין די פעריייניגטע שטאַטען און אז 250,000 יעהרליכע טויט פאַלען אין די פעריייניגטע שטאַטען זענען צו פערדאַנקען סיפיליס; נאָך בלאַשקאָ האָבען 10% איינוואָיהנער סיפיליס; נאָך מאָררוי האָבען 75% פון די דערוואַקסענע מענער ווען עס איז געהאט אַ גאָנאָרעע און 5% ביז 10% פון אלע דער־וואַקסענע מענער קריגען סיפיליס; נאָך באַנקס זענען פאראַן 2½ מיליאָן ווענערישע קראַנקהייטען יעהרליך אין די פער. שט., דאָס הייסט 1/40־טעל פון דער בעפעלקערונג זענען ווענעריש קראַנק; נאָך ראָזענוי זענען 1/5־טעל פון די גייסטעס קראַנקהייטען אין די אמעריקאַנער אַנשטאַלטען געקומען פון סיפיליס. ראָזענוי גיט נאָך צו: „סיפיליס, אלקאָהאָל און הערעדיטעט פילען אָן אונזערע אזילען פאר משוגעים". נאָך אָ ס ל ע ר שטאַרבען אין ענגלאַנד און וויילס יעדעס יאָהר צווישען 6000 און 7000 מענשען פון סיפי־ליס און ער זאָגט אז סיפיליס קומט נאָך שווינדזוכט, לונגען ענט־צינדונג און קרעבס (ראַק) אלס טויט אורזאַך.

נאָך א סטאַטיסטיק זענען פאַראַן די פאָלגענדע צאָהלען ווע־נערישע קראַנקהייטס פאַלען פראָ 1000 מענשען :

| | | | |
|---|---|---|---|
| 19.8 | אין | 1906-1905 | אין דייטשלאַנד, |
| 28.6 | " | 1906 | " פראַנקרייך, |
| 54.2 | " | 1907 | " עסטרייך, |
| 62.7 | " | 1906 | " רוסלאַנד, |
| 167.8 | " | 1907 | " די פערייניגטע שטאַטען, |
| 68.4 | " | 1907 | " גרויס בריטאַניען. |

דאָס איז אין דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג.

אין די אַרמעען זענען מעהרסטענס די געשלעכטס קראַנקהיי־טען נאָך מעהר פערשפּרייט, ווי מען קאָן זעהן פון דער פאָלגענדער סטאַטיסטיק, וואָס גיט אָן די צאָהלען אינפעקציעס פּראָ 1000 סאָלדאַטען :

| | | סיפי־ ליס | שאַנ־ קראָיד | גאָנאָ־ רעע | טאָטאַל |
|---|---|---|---|---|---|
| אַרמעע פון פער. שטאַטען אין | 1909 | 30.45 | 30.77 | 135.77 | 196.99 |
| מאַרינע " " | 1909 | 26.49 | 28.23 | 105.11 | 159.83 |
| מאַרינע " יאַפּאַן — — " | 1907 | —— | —— | —— | 139.75 |
| אַרמעע " יאַפּאַן — — " | 1907 | 10.10 | 10.40 | 17.10 | 37.60 |
| מאַרינע " גרויס בריטאַנ. " | 1908 | 37.46 | 17.87 | 67.16 | 122.49 |
| אַרמעע " גרויס בריטאַנ. " | 1908 | 35.10 | 28.23 | 40.70 | 75.80 |
| אַרמעע " פּרייסען — — " | 1907 | 4.40 | 2.10 | 12.20 | 18.70 |

מען דאַרף ניט פערגעסען אַז אין די אַרמעען און מאַרינעס קאָן מען לייכטער וויסען די צאָהל ווענערישע קראַנקע ווי אין דער ציווילער בעפעלקערונג.

## די פּראָסטיטוציע

דאָס וואָרט פּראָסטיטוציע קומט פון דעם לאַטייניִשען און האָט אורשפּרינגליך געהייסען : זיך עפענטליך אויסשטעלען אָדער אויסזעצען. אין אונזער מאָדערנער צייט הייסט עס : האָבען סעקסואַלען פערקעהר מיט סיי וועמען צוליעב א פּראָפיט.

מען דאַרף ניט פערוועקסלען דערמיט דאָס סעקסואַלע לעבען מיט מענשען פון דעם אַנדערען געשלעכט צוליעב א פערגניגען, אַפילו ווען דאָס געשעהט מיט מעהרערע. דאָס איז ניט קיין פּראָס־

טיטוציע. אין דעם לעצטען פאַל גיט מען זיך אוועק, אין דעם ערשטען פאַל פערקויפט מען זיך.

געוועהנליך פערשטעהט מען אונטער פּראָסטיטואירטע די יעניגע מענשען וואָס האָבען נאָר איין בעשעפטיגונג פון וועלכער זיי זאָלען געווינען זייערע לעבענס מיטלען, די פּראָסטיטוציע. אָבער עס זענען אויך פאַראַן אזעלכע וואָס פּראַקטיצירען די פּראָסטיטוציע נאָר פון צייט צו צייט און ציהען דערפון ארוים בלויז א טייל פון זייערע לעבענס מיטלען. צום ביישפּיעל פערהייראַטע פרויען וואָס פּראָסטיטואירען זיך כדי צו פערדיענען אביסעל מעהר ווי זייער געוועהנליך איינקאָמען, אָדער אזעלכע ארבייטער מיידלעך וואָס פּראָסטיטואירען זיך כדי צו קריגען א געווינסט אלס א צולאָג צו זייער אומגעניגענד פערדיענסט פון דער ארבייט; אָדער אויך פרויען וואָס זענען בעקאַנט אלס „אנשטענדיג", אָבער וואָס ווילען מעהר לוקסוס ווי זייערע מיטלען ערלויבען זיי און דעריבער פערקויפען זיי זיך ווען זיי האָבען א געלעגענהייט צו קריגען א סומע געלד, אָדער א לוקסוס ארטיקעל.

אויב מען וויל דעם זין פון דעם וואָרט פּראָסטיטוציע אויסציהען, קאָן מען צורעכענען אלע פאָרמען פון געשלעכטליכען פערקעהר וואו ס'איז ניט פאַראַן קיין סימפּאַטיע אָדער קיין ריין סעקסועלע נויטווענדיגקייט בייביידע שותפים, נאָר אירגענד אן אנדערער אינטערעס. נאַטירליך זענען דאָ אומשטענדען אין וועלכע ס'איז שווער אָבצוגרעניצען דעם פּראָסטיטואירטען פון דעם ניט פּראָסטיטואירטען פערקעהר. עס איז שווער צו זאָגען וויפיעל פּראָסטיטוציע ס'איז פאַראַן אין דעם פאַל פון א מיידעל וואָס הייראַט בלויז דעריבער ווייל זי וויל זיך בעפרייען פון דער פאַבריק ארבייט; אָדער ווען א יונגער מאַן האָט חתונה נאָר מיט דעם צוועק דאָס לעבען זאָל איהם קאָסטען ביליגער; אָדער ווען מען הייראַט צוליעב דעם נדן, צוליעב דעם פערמעגען פון דעם צווייטען, צוליעב א קאַריערע, צוליעב „כבוד". ווען מען ווערט געצוואונגען חתונה צו האָבען מיט א מענשען וועמען מען וויל ניט הייראַטען, איז אפשר פאַראַן דער אונטערשיד, אז אנשטאָט מען זאָל זיך אליין פּראָסטיטואירען, ווערט מען דורך אנדערע פּראָסטיטואירט. די וואָס העלפען אָם מעהרסטען אין אזא אומריינער

האַנדלונג זענען די עלטערען. פיעלייכט איז ריכטיג צו זאָגען אַז מען קאָן אַנערקענען מעהרערע גראַדען פון פּראָסטיטוציע: פון די וואָס פּראָסטיטואירען זיך, טוען דאָס מאַנכע מעהר און מאַנכע וועניגער.

צוריק קומענדיג צו דער אייגענטליכער פּראָסטיטוציע, מוז מען זאָגען אַז זי איז ניט אין גאַנצען אַ פּראָדוקט פון דער היינטיגער געזעלשאַפט, כאָטש, זי איז היינט מיט אַזוי פיעל פערשידען פון איהרע פריהערדיגע פאָרמען, ווי די מענשליכע געזעלשאַפט איז פערשידען פון איהר פריהעריגער פאָרם. אין דער פערגאַנגענהייט האָט קיין מאָל ניט אַזוי פיעל איבערגעוואָיגען די עקאָנאָמישע פאָרם ווי היינט, דאָס הייסט די פּראָסטיטוציע פון פערגאַנגענע צייטען איז קיין מאָל ניט אַזוי פיעל געוועזן צו פערדאַנקען די עקאָנאָמישע אומשטענדען ווי אין אונזערע צייטען. אין אַלטערטום, אין מצרים און אין די אַזיאַטישע לענדער, אין באַבילאָניען, אַסיריען, פערסיען, פעניציען איז געוועזן אַ זעהר פערשפּרייטע און זעהר שמוציגע רעליגיעזע פּראָסטיטוציע, וועלכע האָט געהאַט איהרע צענטרען אַרום די טעמפּלען פון די געטער און געטינען. טראָץ אַלע פערבאָטען און געזעצען איז דאָס אויך געוועזן אין ארץ ישראל, ביז צו אַ געוויסען גראַד. אויף אַן אַנדערען אופן האָט עקזיסטירט אַ מין רעליגיעזע פּראָסטיטוציע אין דער גריכיש־רעמישער וועלט. דאָ האָט זיך אויך ענטוויקעלט די פּראָסטיטוציע צווישען די טאַלענטירטערע און קלוגערע פרויען, ווי מאַנכע דיכטערינען. מען קאָן ביי דער געלעגענהייט דערמאָנען די בעריהמטע פּראָסטיטואירטע פרויען וואָס האָבען געשפּיעלט אַ גרויסע פּאָליטישע און סאָציאַלע ראָלע אין אַלטערטום. אַזעלכע זענען אויך געווען אין די שפּעטערדיגע יאָהרהונדערטען, כמעט ביז צון אונזערע טעג און מאַנכע פון זיי זענען געוואָרען היסטאָריש בעריהמט. אָבער אַזעלכע פרויען וואָס פּראָסטיטואירען זיך נאָר צוליעב געלד, פאַר אָרימקייט, האָבען אויך ניט געפעהלט אין די אַלטע ציוויליזירטע לענדער און אין מיטעלאַלטער; נאָר, ווי איך האָב שוין אויבען בעטאָנט, זענען פון דיזע לעצטע קיין מאָל ניט געוועזן פּראָפּאָרציאָנעל אַזוי פיעלע ווי עס זענען דאָ היינט.

אין אַ זעהר גרויסער צאָהל פערמעהרט זיך די פּראָסטיטוציע

אין דער צייט פון מ ל ח מ ו ת. אויך אין צייט פון שלום ווערט די פראָסטיטוציע זעהר א סך אויפגעהאַלטען דורך דעם מיליטער, אָבער אין קריעג פערמעהרט זי זיך שרעקליך, כאָטש וואָס מען נעהמט אַלע סאָרטען מאסרעגלען כדי זי איינצושרעקען. און מיט איהר קומען די ווענערישע קראַנקהייטען פון וועלכע די סאָלדאַטען ליידען אָדער ווערען פערקריפּעלט כמעט אזוי פיעל, און מאַנכמאָל נאָך מעהר, ווי פון דעם שונא'ס וואפען.

די א ו ר ז א כ ע ן פון אונזער מאָדערנער פּראָסטיטוציע, נאָך אַמאָל און סיסטעמאַטישער ווידערהאָלט, זענען:

די אונריכטיגע סעקסואַלע ע ר צ י ה ו נ ג פון ביידע געשלעכטער, אָבער בעזונדערס פון די פרויען;

די פאַלשע מ אָ ר א ל פון דער געזעלשאַפט, וועלכע פערשטויסט די פרויען וואָס קומען ניט נאָך אין יעדער בעציהונג די היפּאָקריטישע דרויסענדיגע פאָרמען פון „אנשטענדיגקייט" און די פרויען וואָס זענען בעגאַנגען דאָס וואָס מען רופט „א פעהלטריט";

דיזעלבע מאָראַל וואָס האַלט עס פאר א בושה מען זאָל רעדען און אויפקלערען קינדער אין פראַגען פון סעקסואַלען לעבען;

די אָ ר י מ ק י י ט, וועלכע ערלויבט ניט די מענער צו הייראַטען ווען זייער בעדירפניש פאָדערט עס;

די מורא צו האָבען ק י נ ד ע ר, וועלכע האַלט אָב פון חתונה האָבען, דאָס הייסט ווידער די אָרימקייט, ווייל מען האָט ניט די מיטלען אויפצוהאָדעווען קינדער;

די אונוויסענהייט פון די מ י ט ל ע ן צ ו פ ע ר ה י ט ע ן ש ו ו א נ ג ע ר ש א פ ט און דורך דעם די מורא צו האָבען צו פיעל קינדער;

די שווערקייט פאר מיידלעך און פרויען, אין מאַנכע צייטען, צו קריגען א ר ב י י ט, דאָס הייסט ווידער א סאָציאַלע אורזאָך, — און, ווען זיי האָבען שוין ארבייט, דער צו קליינער לוין וואָס זיי קריגען, דאָס הייסט נאָך אַמאָל די אָרימקייט, וועלכע צווינגט די פרויען זיך צו פערקויפען כדי צו פערבעסערען זייער לאַגע;

אָפּטמאָל, די ש ל ע כ ט ע ב ע ה א נ ד ל ו נ ג פון די מיידלעך אין דער היים;

ניט זעלטען, דאָס צונויפגעמישטע לעבען אין די ו ו א י ה -

ג ו נ ג ע ן פון די ארבייטער, וואו עס זענען פאראן צו פיעלע מענ־שען און וואו ס'איז ניטאָ גענוג קיין פלאַץ, — דאָס הייסט דורך אָרימקייט;

דאָס ב י י ש פ י ע ל פון דעם אויסגעלאַזענעם ל ו ק ס ו ס פון די רייכע פרויען, וואָס די אָרימע מיידלעך האָבען פאר זיך;

די טייפעלשע טעטיגקייט פון די ס ו ח ר י ם פון „ווייסער שקלאַפעריי" און די אַרבייט פון זייערע אַנגעשטעלטע און א ג ע נ־ט ע ן, מענער און פרויען, צווישען די אונוויסענדע מיידלעך;

דער א ל ק אָ ה אָ ל י ז ם מיט פיעלע פון זיינע פאַלגען, די־רעקטע און אינדירעקטע.

* * *

א סך מענשען קאָנען ניט פערשטעהן ווי אַזוי די אָרימקייט קאָן טרייבען א מיידעל אָדער א פרוי צו פראָסטיטוציע; זיי פאָ־דערען פון איהר זי זאָל גיכער שטארבען פאר הונגער אָדער בענעהן זעלבסטמאָרד, איידער צו ווערען א פראָסטיטואירטע. דאָס איז א זעהר ענגע אַנזיכט, ווייל זי נעהמט אָן אז די מעהרסטע, די דורכ־שניטליכע, די געוועהנליכע מענשען, אין דעם פאל פרויען, קאָנען זיין העלדען, אָדער העלדינען. דאָס איז גאָר ניט אין איינקלאַנג מיט דער ווירקליכקייט. די דורכשניטליכע מענשען זענען ווייט פון צו זיין העלדען און קאָנען עס ניט זיין; זיי קאָנען ניט וויהדער־שטעהן געגען דער פראָסטיטוציע, דאָס הייסט נעגען דעם וואָס איז אָפט דער לייכטסטער וועג.

* * *

די פראָסטיטוציע איז אין אונזער געזעלשאפט תמיד אויף דער טאגעס־אָרדנונג. זי ליגט איבער אונז ווי א שווארצער שווערער וואָל־קען וואָס פערפינסטערט אונזער לעבען; זי איז די קלאָאקע, פון וועלכער עס ערהעבט זיך דער גיפטיגער געשטאנק וואָס דרינגט אריין אין אַלע שיכטען פון דער בעפעלקערונג כדי זי צו צופוילען; זי איז דער אָבגרונד אין וועלכען עס פאלט אריין און ווערט פער־ניכטעט א גרויסער טייל פון דעם פיינסטען און בעסטען מענשען־מאטעריאל. פון איהר קומט ערנידערונג, טיפעס, אונענדליך טיע־פעס ליידען, פון איהר קומען די ארגסטע קראנקהייטען, די ביטער־סטע בושות, די גרעבסטע פערדערבונגען. זי פערשטימעלט, פער־

וואונדעט, הרג'עט דאָס וויכטיגסטע וואָס איז אין דעם מענשליכען קערפּער און דאָס שענסטע און עדעלסטע וואָס אין דער מענשליכער נשמה. מיט איהר פער'סם'טער בעריהרונג פּערוויאַנעט זי און צושטערט זי דאָס צאַרטע בלימעלע, דאָס נאָר־וואָס דערוועקטע דעליקאַטע געשלעכטליכע געפיהל, פון דער פריהעסטער יוגענד; מיט דעם ברענענדיגען הויך פון איהר מיאוסען און אומריינעם מויל פּערפּעסטעט זי דאָס געשלעכטס־לעבען צווישען רייפע מענער און פרויען און גראָבט אונטער און פּערוואַנדעלט אין שמערצען דאָס וואָס וואָלט געקאָנט זיין דאָס העכסטע גליק אין אונזער עקזיסטענץ.

אָבער פון וואַנען קומט זי, די פּראָסטיטוציע? זי שטאַמט פון דער העסליכער און שרעקליכער אונגערעכטיגקייט וואָס בעערשט היינט־צו־טאָג דאָס לעבען; זי וואַקסט אין דעם פערפלוכטען גאָרטען פון סאָציאַלער אויסבויטונג, פון אונוויסענהייט, פון אונטערדריקונג, פון רעוואָלטירענדע אַבערגלויבענס און פון נידעריגער אונטערווערפונג צו די איצטיגע פערניכטענדיגע אומשטענדען. זי דרינגט, זי קריכט אימער טיעפער אריין אין אונזער לעבען און מאַכט קראַנק אונזער הויפּט־שטאַם; אָבער מיר זענען עס ווערט צו ליידען און זי איז איינע פון די פיעלע געטינען פון ראַכע וואָס בעשטראָפט אונז פאַר אונזער גלייכגילטיגקייט צו דעם סיסטעם פון שמוץ און גרויזאַמקייט אין וועלכען מיר וואַלגערען זיך.

דיזע געדאַנקען קומען מיר אָהן מיין ווילען אין מח, ווען איך לעז די פאַר מיר נישט נייע, אָבער אינטערעסאַנטע רעזולטאַטען פון דער אויספאָרשונג וועגען „פּראָסטיטוציע אַלס האַנדעל אין דער שטאָדט ניו יארק“, וואָס זענען ערשינען אין א בוך פון ד ז ש אָ ר ד ז ש נ י ל ע נ ד (Kneeland) און זענען צו פערדאַנקען דעם „ביוראָ פון סאָציאַלער היגיעניע“, אַן אַנשטאַלט דורך וועלכער עטליכע רייכע פילאַנטראָפּען געבען צוריק צו דער געזעלשאַפט א קליינעם טייל פון די פערמעגענס וואָס זיי האָבען געמאַכט דורך דער סאָציאַלער אונגערעכטיגקייט, דורך וועלכער דיזעלבע סאָציאַלע היגיענע ווערט טאָג־טעגליך פערונרייניגט.

די הויפּט־טיפּען פון פּראָסטיטוציאָנס־צענטרען אין אַמעריקאַ זענען: דאָס זאָגענאַנטע „פּאַרלאָר־הויז“ אָדער ב אָ ר ד ע ל, דאָס הויז מיט „מעבלירטע צימער“, דאָס „פּראָסטיטוציאָנס־האַ־

טעל" און דער „מאַסאַזש"־פּאַרלאָר. די בעשרייבונג פון דיזע ער־טער איז איינפאַך און דאָך מאַכט זי אויף דעם לעזער א שרעקליכען, חלשות'דיגען איינדרוק. אָט איז א פּראָבע: „א גרויסע הילצערנע באַנק שטעהט ביי דער וואַנד פון דעם אויפנאַהמס־סאַלאָן (פּאַרלאָר). די געשעפטען זענען אין פולען גאַנג. די באַנק איז פול מיט קונדען אָדער געסט, וועלכע זיצען ענג צוזאַמענגע־פּרעסט איינער נעבען דעם אַנדערען, וועהרענד אַנדערע, נישט האָ־בענדיג וואו צו זיצען, מוזען שטעהן. ביי די פיס פון די טרעפּ וואָס פיהרען צו די „שלאָף"־צימער (בעד־רומס) פון דעם העכערען שטאָק שטעהט א מאַן. א יעדעס מאָל ווען א גאַסט קומט אראָב, שרייט דער דאָזיגער אָנגעשטעלטער מיט א געשעפטסמעסיגען און שטאַרקען קול: „נעקסט!" דאָס הייסט, דער נעכסטער! — זאָ־פאָרט הויבט זיך אויף דער יעניגער גאַסט וואָס זיצט אויף דער באַנק דער נאָהנטסטער צו די טרעפּ, און ער געהט אַרויף; אין דעמזעלבען אויגענבליק רוקען זיך אַלע איבעריגע געסט פון דער באַנק צו צו די טרעפּ און איינער פון די שטעהענדיגע זעצט זיך אויף דעם לעדיגען שטיקעל פּלאַץ". — אין איין אָרט זענען אין א הייסען יולי־טאָג געווען 264 קונדען; יעדע פון די אומגליקליכע פּראָסטיטואירטע האָט געהאַט איהר חלק.

דעם נעכסטען טאָג גיט מען איבער דעם בעל הבית דעם חשבון: באָסטער האָט בעדיענט 30, בייבי 27, שאַרלאָט, 23, דאַלי 30 און אַזוי ווייטער. אָבער דער „באָס", דאָס הייסט דער בעל הבית, ווערט בייז: נישט אַלע מיידלעך האָבען „געאַרבייט". מען ענטשולדיגט זיי: זיי האָבען ניט געקאָנט, זיי זענען געווען צו מיד פון דעם פריהערדיגען טאָג און עס איז אַזאַ שווערע היץ. אָבער דאָס זענען ניט קיין גענוגענדע תירוצים פאַר דעם אייגענטימער. ער וואַרפט דעם געשעפטס־פיהרער א גלאָז אין קאָפּ: „מען דאַרף נישט פערנאַכלע־סיגען דאָס געשעפט; אויב איינע קאָן ניט אַרבייטען, מוז מען קריגען אַן אַנדערע וואָס קאָן יאָ".

אין 575 טענעמענט הייזער (דאָס הייסט גרויסע הייזער וואו עס וואוינען צו הונדערטער מענשען פון די אָריימע קלאַסען) פון דער אָבטיילונג פון מענהעטען, אין ניו יאָרק, האָט

מען געפונען 1172 פּראָסטיטוציאָנס־פּלעצער. אין פעברואר 1912 זענען געווען בעשעפטיגט, נעבען אנדערע, 425 מיידלעך אונטער 16 יאָהר. מען האָט געפונען קליינע קינדער שפּילענדיג זיך נע־בען די ערטער וואו פּראָסטיטואירטע האָבען אויסגעאיבט זייער „מלאכה".

די טאַנץ־האַלען און טאַנץ־שולען זענען אָפט דער מארק וואו די פּראָסטיטוציאָנס־אַגענטען זוכען אויס זיי־ערע קרבנות; דיזע אַגענטען זענען אָפט שען געקליידעטע מענער, מיט פיינע מאַנירען; זיי צוטיילען מתנות און ערקלערען ליעבע אַזעלכע מיידלעך וואָס קאָנען לייכטער אָבגענאַרט ווערען; די אַנדע־רע, די שווערערע צו עראָבערען, פערפאָלגען זיי, בעשטראָפען זיי, נישט טאַנצענדיג מיט זיי און זיי גאָר נישט שענקענדיג, ביז זיי קריגען זיי אין נעץ אריין.

אין דעם בוך ווערען גענוי בעשריבען די געשעפטס־לייט וואָס האַנדלען מיט פרויען אויף אַ גרויסען באַסשטאַב, זייערע פערבינדונ־גען אין אַלע שטעדט און לענדער, זייער גרויסער צענטער אין ניו יאָרק. איינער פון זיי, דער „מלך", בעזיצט עלף גרויסע „הייזלעך" און האָט אַ גרויסען איינפלוס ביי דער פּאָליציי.

אין דער שטאָדט־אָבטיילונג מאַנהעטען פון ניו יאָרק זענען איבערגעצעהלט געוואָרען 14,926 פּראָסטיטואירטע אין דער צייט פון דער אונטערזוכונג; אָבער נישט אַלע פּלעצער זענען אונ־טערזוכט געוואָרען.

אויב מען רעכענט אַז יעדעס פון די מיידלעך „בעדיענט" אין דורכשניט 10 קונדען אַ טאָג, געהן וואָהרשיינליך צו פּראָסטיטו־אירטע ווענינגסטענס 150,000 מענער טעגליך אין דער שטאָדט־אָבטיילונג מענהעטען פון ניו־יאָרק.

וואָס אַנבעלאַנגט דאָס פערדיענסט פון די אייגענטימער, קאָן מען זיך דערפון מאַכען אַ בעגריף ווען מען ערפאַהרט אַז דרייסיג הייזלעך אין וועלכע דער פּרייז איז איין דאָלאַר האָבען אַ יעהרליך איינקאָמען פון ווענינגסטענס צוויי מיליאָן דאָלאַר, נישט רעכענענ־דיג דעם פּראָפיט וואָס קומט אריין פון געטרענק, טאַבאַק, פון דעם פערקויפען קליידער צו די מיידלעך, פון טרינק־געלדער, פּראָצענטען עטצ.

דער בעריכט ריהרט אויך אָן, אָבער זעהר אויבערפלעכליך און מיט א מין ענטשולדיגונג, די ראָלע וואָס די פּ אָ ל י צ י י שפּיעלט אין דער פערשפּרייטונג פון דער פּראָסטיטוציע.

דורך גענויע אונטערזוכונגען, דער רעזולטאַט פון וועלכע עס ווערט איבערגעגעבען אין דעם בוך, האָט מען געפונען אַז 90 פּראָצענט (פון 647 אונטערזוכטע) האָבען געהאַט אַן אַנשטעקענדיגע געשלעכטס־קראַנקהייט; און די זענען אַלע געווען אָנפאַנגערינען; פון דעם קאָן מען פערשטעהן אַז ווען די פּראָסטיטואירטע „ארביי־טען" אַביסעל לענגער, זענען 100 פּראָצענט פון זיי אָנגעשטעקט.

מאַנכע הייזלעך האָבען א דאָקטאָר וואָס קומט אונטערזוכען די מיידלעך; אָבער זיין אונטערזוכונג איז אַן אויבערפלעכליכע א״ן א זעהר שנעלע.

אַביסעל לעהררייכע סטאַטיסטיק: — פון 5380 פּאַציענטען וואָס זענען בעהאַנדעלט געוואָרען וועגען געשלעכטס־קראַנקהייטען, האָט מען געפונען: מ ע נ ע ר, 796 צווישען 16 און 20 יאָהר, 1182 צווישען 21 און 25 יאָהר, 692 צווישען 26 און 30 יאָהר; פ ר ו י ע ן, 396 צווישען 16 און 20 יאָהר, 454 צווישען 21 און 25 יאָהר, 268 צווישען 26 און 30 יאָהר. איצט, וואָס אַנבעלאַנגט דעם ציוויל־שטאַנד זענען פון די אויביגע פּאַציענטען געווען: מע־נער, לעדיגע 640, פערהייראַטע 2950, אלמנים 67; פ ר ו י ע ן לעדיגע 589, פערהייראַטע 802, אלמנות 90.

פון 142 אונטערזוכטע „פּאַרלאָר הייזער" זענען 20 געווען 50־סענטיגע, 80 איין־דאָלאַרדיגע, 6 צוויי־דאָלאַרדיגע און 34 פינף־און צעהן־דאָלאַרדיגע. אָבער די פּראָפּאָרציע פון קראַנקהייטען איז נישט קלענער אין די „בעסערע" ווי אין די ביליגערע הייזלעך.

איין פעהלער איז פאַראַן אין דיזען בוך און דערין דערקענט מען אַז עס שמעקט מיט קאַפּיטאַליסטישער פילאַנטראָפּיע: עס זוכט איינצורעדען דעם עולם אַז די אורזאַך פון דער פּראָסטיטוציע איז נישט קיין סאָציאַלע, אַז זי האָט ניט אַזוי צו טון מיט'ן שלעכטען עקאָנאָמישען צושטאַנד פון דער פרוי וואָס פערקויפט זיך און פון דעם מאַן וואָס קויפט זי, ווי מיט דער ארבייט פון די פּראָסטי־טוציאָנס־„סוחרים", וואָס האַלטען אויף און פערשפּרייטען קינסט־ליך דעם האַנדעל.

* * *

**דר. ר. נ. ווילסאָן פון פילאַדעלפיא, סעקרעטער פון דער „אמעריקאַנער פעדעראַציע פון סעקס־היגיענע", האָט בעוויזען אז** אין די פעראייניגטע שטאַטען זענען שטענדיג פאַראַן ווענינגסטענס 540,000 עפענטליכע פראָסטיטואירטע, און אַלע ווערען אַנגעשטעקט מעהרערע מאָל מיט ווענערישע קראַנקהייטען. מענער געבען אויס אויף זיי נאָהענט פון 300 מיליאָן דאָלאַר אַ יאָהר. אויסערדעם זענען פאַראַן ווענינגסטענס צו דריי בעהאַלטענע פראָסטיטואירטע פאַר יעדער עפענטליכער, דאָס הייסט ווענינגסטענס 1,620,000 בעהאַלטענע פראָסטיטואירטע, וועלכע פערדיענען אויף אריבער 400 מיליאָן דאָלאַר אַ יאָהר. ס'איז וואַר־שיינליך אז די פעראייניגטע שטאַטען געבען אויס מעהר ווי 3000 מיליאָן דאָלאַר אַ יאָהר פאַר פראָסטיטואירטע און געשלעכטס־קראַנקהייטען, נישט רעכענענדיג די פאָלגען פון די בלינדע, גייסטעס־קראַנקע און געלעהמטע, וואָס קומען פון דיזע קראַנקהייטען. מיר שפּענדען יעדעס יאָהר 2000 מיליאָן דאָלאַר פאַר גיפטיגע, אַלקאָהאָ־לישע געטראַנקען און 1200 מיליאָן פאַר טאַבאַק, וועלכע זענען „די פריינד פון פראָסטיטוציע".

* * *

אין 1913 האָט זיך די גאַנצע אמעריקאַנער פּרעסע, די עפענט־ליכע מיינונג בעשעפטיגט מיט דער פראַגע פון פראָסטיטוציע. די רעפאָרמען וואָס מען האָט געוואָלט איינפיהרען האָבען זיכער נישט מעהר געקאָנט העלפען „ווי אַ טויטען באַנקעס", ווייל אין בעסטען פאַל, האָבען זיי בלויז געקאָנט זיין... רעפאָרמען; זיי האָבען ניט געקאָנט קיין ברעקעלע בייטראָגען צו דער פערניכטונג פון די אור־זאַכען וואָס פיהרען צו דער מאָדערנער פאָרם פון פראָסטיטוציע. זיי קאָנען נישט אַוועקנעהמען די טיעפע סאָציאַלע אורזאַכען מיט וועלכע זי איז פערבונדען; זיי קאָנען נישט געבען אַלע פרויען די געלעגענהייט צו פערדיענען אויף אַלעס וואָס זיי דאַרפען; זיי קאָנען נישט מאַכען די פרוי מאַטעריעל אונאָבהענגיג פון דעם מאַן; זיי קאָנען נישט אויפקלערען די פרויען; זיי קאָנען נישט ענדערען די נידריגע מאָראַל וואָס הערשט וועגען געשלעכטס־לעבען, וועגען הייר־ראַט און וועגען דער פאַמיליע. די דאָזיגע רעפאָרמען קאָנען אויך

נישט געבען דעם מאַן די מעגליכקייט צו הייראַטען ווען ער איז רייף, זיי קאָנען איהם נישט ברענגען קיין ליכט וועגען די געשלעכט־ליכע בעציהונגען און וועגען די סעקסואַלע קראַנקהייטען.

אָבער ניצליך, זעהר ניצליך זענען דערוייל די רעזולטאַטען פון די אונטערזוכונגען וואָס זענען געמאַכט געוואָרען, ווייל זיי ציינגען נישט נאָר אונז, נישט נאָר די ראַדיקאַלע מענשען וואָס ווייסען עס שוין פון לאַנג, אָבער אויך די אַנדערע, די בלינדע וואָס גלויבען אין דער גערעכטיגקייט פון דער היינטיגער אָרדנונג, אַז איינע פון די הויפּט־אורזאַכען פון פּראָסטיטוציע איז די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער פרוי. די אונטערזוכונג איז אַזוי ניצליך ווי עס איז אַמאָל וויכטיג צו פערקאַטשען די אַרבעל און אויפצוריהרען דעם שטינקענדיגען שמוץ וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט ערגיץ אין אַ ווינקעל פון אַ הויף. אָט זענען אַ פּאָר ביישפּיעלען פון פאַקטען וואָס האָבען זיך ארויסגעצייגט ביי דער געלעגענהייט פון דער אָפּי־ציעלער אונטערזוכונגס־קאָמיסיע פון שיקאַגאָ:

די קאָמיסיע האָט אויסגעהערט כמעט אַלע די וואָס האָבען אַ שייכות צו דער פּראָסטיטוציע: פּראָסטיטואירטע, ארבייטער מיידלעך און בעלי הבתים פון גרויסע פירמען וואו די ארבייטער מיידלעך זענען אָנגעשטעלט. דער צוועק פון דער אונטערזוכונג איז געווען צו געפינען אַ לעגאַלען גרונד כדי צו צווינגען די בעלי הבתים דורך אַ געזעץ, די פרויען צו צאָהלען נישט וועניגער ווי אַ גע־וויסען מינימאַלען ארבייטס־לויהן; די פאָלגע פון אַזאַ געזעץ, דענקען די רעפאָרמאַטאָרען, וועט זיין אַ פערמינ־דערונג פון דער צאָהל פּראָסטיטואירטע.

אַ סך פּראָסטיטואירטע האָבען דער קאָמיסיע דערצעהלט אַז זיי זענען אַראָבגעפאַלען בלויז דערפאַר ווייל אַלס ארבייטערינען האָט מען זיי אַזוי וועניג געצאָהלט אַז זיי האָבען דערפון נישט געקאָנט לעבען. מאַנכע פון די מיליאָנערסקע בעלי הבתים וואָס זענען רייך געוואָרען פון ארבייטער מיידלעך האָבען זיך געוואונ־דערט אַז מען פערבינדט די פּראָסטיטוציע מיט דעם נידריגען לויהן; מאַנכע האָבען צוגעגעבען אַז זיי וואָלטען לייכט געקאָנט פערגרע־סערען דעם לויהן נאָר „עס איז נישט פּראַקטיש“.

איין מיליאָנער האָט געזאָגט אַז אַ מיידעל קאָן לעבען מיט

אכט דאָלאר א וואָך, וועלכעס איז אין אמעריקא א זעהר אונגע־ניגענדע און קליינע סומע געלד, דאָס הייסט אויב מען נעהמט אין בעטראכט די טייערקייט פון די לעבענס מיטלען. האָט מען איהם געפרעגט אויב ע ר לעבט מיט אזא סומע! אן אנדערער מיליאָנער האָט געצייגט אז זיין פירמא האָט אין יאָהר 1912 פערדיענט צוועלף מיליאָן דאָלאר; ווען מען האָט אָבער גערופען איינע פון די ביי איהם אָנגעשטעלטע פרויען, האָט זי געצייגט אין וואָס פאר אַן אָרימקייט זי האָט געלעבט מיט די 5 דאָלאר א וואָך וואָס מען האָט איהר געצאָהלט. די שווערע ארבייט, די אונמעגליכקייט זיך צו קויפען אנשטענדיגע קליידער, דאָס שלעכטע עסען, די מיזע־ראבעלע בעהאנדלונג ביי דער ארבייט... א מאמע אן אלמנה און א אינגערע שוועסטער מיט דעם געלד אויסצוהאלטען...

די קאָמיסיע פרעגט איין מיליאָנער וויפיעל ער וועט מוזען „צולעגען“ ווען ער זאָל צאָהלען זיינע ארבייטערינס א מינימום פון 8 דאָלאר וועכענטליך. „75000 דאָלאר א יאָהר“, ענטפערט ער. — „און וויפיעל פּראָפיט האָט איהר א יאָהר?“ — „אין לעצ־טען יאָהר איז דער פּראָפיט געווען 2,730,000 דאָלאר“.

* * *

א פּראָנצויזישער ארצט, ד ר. פּ א ר ע ן ־ ד י ש א ט ע ל ע, האָט פאר עטליכע יאָהר אונטערזוכט ביי 5000 פּראָסטיטואיר־טע די אורזאכען וואָס האָבען זיי געבראכט צו זייער צושטאנד. ער האָט אויסגעפונען אז: 1440 זענען דערצו געקומען דורך נישט האָבען מיט וואָס צו לעבען; 1250 זענען זאָגאר געווען אין אזא לאגע אז זיי האָבען געמוזט ווערען פּראָסטיטואירטע, ווען נישט וואָלטען זיי געווען געשטאָרבען פאר הונגער; 80, כדי אויפצו־האלטען אָרימע אלטע עלטערען; 1400, ווייל זייערע ליעבהאָבער האָבען זיי פערלאָזען; 400 זענען פערפיהרט געוואָרען פון אָפּי־ציערען און סאָלדאטען; 200 זענען פערלאָזען געוואָרען זייענדיג שוואנגער. די צאָהל פרויען וואָס זענען זיכער געצוואונגען געוואָ־רען צו ווערען פּראָסטיטואירטע איז אלזאָ 2770. פון די איבריגע זענען ו ו א ר ש י י נ ל י ך אויך די מעהרסטע דערצו גע־צוואונגען געווארען דורך די סאָציאלע אומשטענדען. עס בלייבען

נאָר 230, אָדער 5%, וואָס זענען זיכער געוואָרען פּראָסטיטואירטע פרייוויליג.

* * *

אין עולם שטעלט מען זיך אָפט די פראגע, פאַר וואָס פּראָ-סטיטואירטע האָבען ניט קיין קינדער. די אורזאַך איז נישט, ווי מאַנכע דענקען, ווייל זיי האָבען צו אָפט און מיט פער-שידענע מענער פערקעהר, נאָר ווייל זיי זענען קראַנק, ווייל זייער געבערמוטער איז קראַנק. אַ מאָל טרעפט זיך עס, ווען זיי זענען געזונד, אַז זיי זאָלען טאַקע האָבען קינדער.

* * *

אין אַלע צייטען האָט מען געזוכט צו רעגולירען די פּראָסטיטוציע און אין די לעצטע הונדערט יאָהר, זינט מען ווייסט די טרויריגע וויכטיגקייט פון די געשלעכטס קראַנקהייטען און די ראָלע וואָס די פּראָסטיטואירטע שפּיעלט אין זייער פערשפּרייטונג, האָבען די אוי-טאָריטעטען פון אַלע לענדער געזוכט מיטלען און וועגען ווי אַזוי, דורך דער רעגולירונג פון דער פּראָסטיטוציע, צו פער-קלענערען די צאָהל אַנשטעקונגען. אין מאַנכע לענדער ווערט די רעגולירונג מעהר אָדער וועניגער שטרענג פּראַקטיצירט, אין אַנ-דערע גאָר נישט. די מיינונגען וועגען דער נויטווענדיגקייט פון די שטרענגע מאַסרעגלען זענען פערשידען.

די וואָס זענען דערפאַר טענה'ן אַז דאָס האַלטען פון די פּראָס-טיטואירטע אונטער דער רעגירונגס קאָנטראָלע מאַכט עס מעגליך זיי רעגעלמעסיג צו אונטערזוכען, צו ענטדעקען די ווענערישע קראַנקהייטען אין צייט און די קראַנקע באַלד צו אינטערנירען און אַזוי פערהיטען די אַנשטעקונג פון אַ סך מענער.

די געגנער בעהויפּטען, אונטער אַנדערעס, אַז די רעגולירונג פערמעהרט פּאָליציי קאָרופּציע; אַז די מעדיצינישע אונטערזוכונג ענטדעקט ניט תמיד די קראַנקהייטען און אַז זי איז ניט תמיד ערענסט געגנוג; אַז די מענער, וועלכע פערשפּרייטען אויך די געשלעכטס קראַנקהייטען, ווערען געלאָזען פריי, וועלכעס איז אין דערזועלבער צייט אַ סמן פון אַ דאָפּעלטער מאָראַל, איינע פאַר מענער און אַן אַנדערע פאַר פרויען.

איין זאַך איז זיכער: אַז ווען די רעגולירונג וואָלט

אפילו יאָ געהאַט אַ ווירקונג, איז דאָס נאָר אַ קליינינקייט אין פערגלייך צו דעם גרויסען שאָדען וואָס די געזעלשאַפט ליידט פון דער פראָסטיטוציע.

* * *

וואָס ס'איז יאָ נויטיג צו טון, איז די פראָסטיטואירטע צו בעהאַנדלען וואָס מילדער, וואָס מענשליכער, און ניט זיי צו פערפאָלגען, ווען זיי זענען קראַנק, ווי עס געשעהט אין די מעהרסטע שפּיטעלער. דורך אַזעלכע פ ע ר פ אָ ל ג ו נ ג ע ן פעריאָגט מען זיי פון די ערטער וואו זיי וואָלטען געקאָנט געהיילט ווערען און אַזוי ווערען זיי אַ נאָך גרעסערע געפאַהר פאַר דער געזעלשאַפט. ווען מען דערמאָנט זיך אַז מעהרערע בורזשויזע עקאָנאָמיסטען בעטראַכטען די פראָסטיטוציע אַלס אַ נ ו י ט י ג א י ב ע ל און אַלס אַ זיכערהייטס מיטעל וואָס פערהיט כלומרשט אַז די געזעלשאַפט זאָל ניט ווערען צו אימאָראַל, וועלכע טעאָריע בעדייט דאָך אַז די פראָסטיטואירטע זענען אַ סאָציאַלע נויטווענדיגקייט, — האָט מען טאַקע ווירקליך דאָס רעכט צו פאָדערען מעהר גערעכטיגקייט און מענשליכקייט צו זיי.

* * *

ווי וויכטיג עס איז מען זאָל די געשלעכטס קראַנקע, פראָסטיטואירטע און אַנדערע, גוט בעהאַנדלען, קאָן מען זעהן פון דער פאָלגענדער נאָטיץ פון דער אַמעריקאַנער צייטשריפט „סאָשעל הייגיען", מערץ 1915: „קאָפּענהאַגען, מיט אַ בעפעלקערונג פון 500,000, האָט 240 בעטען פאַר ווענערישע קראַנקהייטען אין די שפּיטעלער: ניו יאָרק, מיט 5 מיליאָן, האָט נאָר 239. דאָס איז ווייל אין דענעמאַרק שעמט מען זיך ניט אַזוי מיט די קראַנקהייטען און מען פערפאָלגט ניט אַזוי די ווענערישע קראַנקע, נאָר מען בעהאַנדעלט זיי בעסער. די פאָלגע דערפון איז אַז אין קאָפּענהאַגען איז כמעט אין גאַנצען פערשוואונדען דאָס דריטע שטאַדיום פון סיפיליס". (זעה זייט 261).

* * *

נאָך איבער אַן אַנגעוועהטאָגטער פראַגע ווילט זיך זאָגען עטליכע ווערטער איידער איך שליס דאָס קאַפּיטעל איבער פראָסטיטוציע, — דאָס איז די פראַגע פון דער ראָלע וואָס מאַנכע אידען, דאָס

הייסט מענשען פון מיין אייגענעם פאָלק, שפּיעלען אין דער אויפהאַלטונג פון דער פּראָסטיטוציע.

יעדעס מאָל ווען איך הער פון די גרויסע מעשים פון אַ טאַלאַנטפולען אָדער געניאַלען אידען, יעדעס מאָל ווען איך בין שטאָלץ אויף אונזער פאָלק און ווען מיין האַרץ דערפרעהט זיך, מוז איך ביי דער געלעגענהייט דערשטיקען אַ וואונד, וואָס בלוט טיעף אין האַרצען און וואָס בעדעקט מיך מיט שמאַך און שאַנדע, ווייל איך דערמאָן זיך אויך אָן די שמוציגע, נידריגע, פערברעכערישע, מיאוס'ע מיטגלידער פון מיין פאָלק. זיי בעהאַלטען אָדער ענטשולדיגען, קאָן איך נישט; פערקעהרט, איך וואָלט וועלען זיי אַרויסציהען ביי די קאָלנערס און ביי די אויערען פון זייערע חושך'דיגע פערשטעקענישען, זיי אַרויסברענגען צום בלענדענדיגען ליכט און אַרויסשרייען מיין וויי־טאָג פאַר אַלע אידען, כדי אַלע אין איינעם זאָלען מיר זיי פערניכטען דורך אונזער באָיקאָט און פעראַכטונג און אונטערדריקונג און כדי מיר זאָלען די שטינקענדיגע וואונד אויסברענען מיט אַ פייערדיג־רויט־הייס אייזען.

די אַרגסטע אידען זענען די פרויען־הענדלער און — פאַר וואָס זאָלען מיר דאָס פערלייקענען? — אידען בילדען אַ גרויסען, אפשר דעם גרעסטען טייל פון אַלע די בעשעפענישען וואָס אַרבייטען אין דער פינסטער און לעבען אויף דעם חשבון פון דעם עקספּלויטירטען קערפּער פון יונגע, אָפּט אונצייטיגע, אונרייפע מיידלעך. מען האָט דאָס געקאָנט זעהן, קלאָר אילוסטרירט, צום הונדערטסטען מאָל, ביי אַ פערהער וואָס איז פאַר אַ פּאָר יאָהר אָנגעגאַנגען אין ניו יאָרק. מען האָט געכאַפּט איינינע פון די סוחרים פון ווייסער, מענשליכער, ווייבליכער סחורה און דאָס ווייניגע וואָס מען האָט געקאָנט פון זיי אַרויסשלעפּען איז אונערהערט רעוואָלטירענד. נעהמט נאָר איינעם פון די אויסגעפונענע פאַקטען. איינער פון די פערברעכער — אַ איד — האָט אין די לעצטע צעהן יאָהר פערפיהרט ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי 3000 (דריי טויזענד, הער זעצער!) שול־מיידלעך און זיי פערקויפט צו הייזלעך פון פּראָסטיטוציע, אַלע, מיידלעך פון דער עלעמענטאַרער, דאָס הייסט פון דער קלענסטער שולע, דאָס הייסט קינדער!

קאָנט איהר זיך פאָרשטעלען וואָס דאָס בעדייט? אייער קינד,

א מיידעלע פון 13 אדער 14 יאהר, צופעליג גוט און פריה ענטוויקעלט, מיט יונגע הארטע בריסטלעך, מיט רונדע ליניען, מיט לאנגע צעפ, מיט א פריש, רויט און ווייס, „בלוט־און־מילך" פנים'על, פול מיט אונבעשטימטע, נאך האלב איינגעשלאפענע חלומות און ווינשען, געהט זיך אוועק אין דער פריה אין שול אריין. זי טראגט איהר פעקעל ביכלעך; איהרע פיס זענען פריי ביז צו די קני דורך איהר קורץ קליידעל; זי געהט, און איהרע חן'עווידיגע ליפען סקירצירען א שמייכעל און רעדען מיט א חבר'טע איבער די טויזענד קליינע אונשולדיגע דומהייטען פון שול־לעבען אדער אפשר גאר ערענסטערע זאכען איבער די סודות פון איהרע יאהרען; זי געהט, און גיט א שפרינג אונטער, פערגעסענדיג אז זי ווערט שוין פון איהר מאמען פעררעבענט צווישען די גרויסע... זי איז אין שולע, דאס ווייסט איהר... אבער, א וועה צו מיר, א בראך צו מיר, ס'איז שוין שפעט און דאס קינד איז ניט אהיים געקומען! איהר לאזט אלץ איבער און געהט און זוכט. אבער אומזיסט. וואו איז זי? וואו איז זי? איהר קעהרט איבער וועלטען, זי איז ניטא. ווי אין א תהום אריין! איהר דערמאנט זיך אז אין די לעצטע וואכען פלעגט זי אין אבענד אפט אוועקגעהן און אויסבלייבען שפעט; זי פלעגט זיך עפיס אנדערש אויפפיהרען ווי געוועהנליך; זי איז געווען נערוועזער, אויפגערעגטער, צוטראגענער ווי תמיד. איהר האט זיך דעריבער מיט איהר איינינגע מאל צוקריגט. אבער וואס איז פארגעקומען אין איהר נשמה, האט איהר ניט געוואוסט.

פון דער שולע צון א באָרדעל, דאס איז איהר וועג. דער וועג איז געגאנגען דורך וואנדעל־בילדער־טעאטערען, טאנץ־האלען, פרעהליכע רעסטויראנטען, אויטאמאבילען, צוקערלעך, מתנות, פיינע שמייכלען און גוטע רעד פון א שען געקליידעטען יונגען מאנטשיק וואס טריפט פשוט פון צוקער און האניג. דאס מיידעל, די ארימע, דענקט נעביך אז דאס איז ליעבע, אמת'ע ליעבע פון די ראמאנען, און פאלגט דעם העלדען מיט די פאמאדירטע, גלאנצענדיגע האר, מיט די ווייסע, ריינע הענד, וועמעס בעריהרונג דערוועקט אין איהר קערפער עפיס א ניי מין פערגניגען און עפענט א קוואל פון אומבעקאנטע הימלישע געפיהלען. זי פיהלט דאס בעדערפניש פאר אבענטייערס וואס זאל זי בעפרייען

פון דעם גרויעי לעבען, פונקט ווי דאָס אינגעל וויל געהן זיך שלאָ־גען מיט אינדיאַנער.

און אזוי ווערט זי א פּראָסטיטואירטע, וועלכע קאָן קיין מאָל מעהר ניט צוריק אהיים געהן, — זי האָט דאָך פערברענט אלע ברי־קען וואָס האָבען זי פערבונדען מיט איהר פריהעריגער געזעלשאַפט. איהר קערפּער איז ארייננגעוואָרפען געוואָרען אין מויל פון מ י נ אָ־ ט ו י ר, פון דעם העסליכען ריעז וואָס שלינגט איין קינדער, אין מויל פון דער מענשליכער ציוויליזירטער געזעלשאַפט.

און וואו ארבייט, וואו אָפּעריערט יענער הענדלער? אויף דער ניויאָרקער „איסט סייד", זאָגט ער. דאָס הייסט, אין סאַמע אידי־שער שטאָדט.

איהר וועט מיר זאָגען אז אין דעם אלעמען איז צום סוף שול־דיג די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג פון דער געזעלשאַפט. יאָ, איהר האָט רעכט, אָבער וואָס מיך פּערדריסט איז, אז אידעלעך זאָלען זיין די מעהרסטע און שענדליכסטע און נידערטרעכטיגסטע אינ־סטרומענטען פון דער געזעלשאַפט.

און וואָס מיך אַרט נאָך, און וואָס קוועלט מיך, איז דאָס וואָס די טאַטעס און מאַמעס זענען אליין אויך שולדיג אין דעם פער־לוירען־געהן פון זייער מיידעל. וואָס האָבען זיי געטון כדי דאָס צו פערהיטען, כדי זי צו רעטען? האָבען זיי זי פון די ערשטע יאָהרען פון איהר לעבען שטופּענוויז געלערענט וועגען געשלעכטס לעבען, אזוי אז ווען זי איז 13 יאָהר אַלט זאָל זי שוין אלעס וויסען, אפילו די פּאַסטקעס וואָס וואַרטען אויף איהר? זענען זיי געווען איהרע אינטימע פריינד אין וועלכע זי זאָל האָבען צוטרויען? זענען זיי געווען גוט צון איהר, אזוי אז די היים זאָל איהר זיין אנגענעהם? האָבען זיי פערשטאַנען ווי אזוי צו האָבען אַן אויג אויף איהר און אין דערזעלבער צייט זי צו לאָזען פריי? האָבען זיי זי ניט אזוי פערנאַכלעסיגט ווי ווען זי איז אלט געווען דריי יאָהר און אלע פערד און וועגען פון דער גאַס האָבען זי יעדען טאָג שיער־שיער ניט איבערגעפאָהרען, וועהרענד די מאַמע האָט געפּלוידערט מיט א שכנה? האָבען זיי איהר דען ניט אין אלע איהרע קינדער־יאָהרען פערבאָ־טען וואָס זיי האָבען איהר געדאַרפט ערלויבען און ערלויבט וואָס זיי האָבען איהר געדאַרפט פערביטען? האָבען זיי איהר דען תמיד ער־

קלערט פאַר וואָס זיי פערביטען איהר עפּים? האָבען זיי איהר געגעבען אַ ראַציאָנאַלע ערציהונג?

**נו, וואָס פאַר אַ רעכט האָבען זיי זיך צו בעקלאָגען?**

## געשלעכטס־קראַנקהייטען.

(זעה די בילדער סוף פון בוך)

עס זענען דאָ דריי געשלעכטס־קראַנקהייטען: דער טריפּער, דער ווייכער שאַנקער, די סיפילים. פון לאַנג פלעג מען זיי פערוועקסלען איינע מיט דער אַנדערער און שפּעטער, ווען מען האָט פערשטאַנען אַז זיי זענען דריי פערשידענע קראַנקהייטען, האָט מען נאָך אַ שטיק צייט געדענקט אַז זיי קאָנען איבערגעהן איינע אין דער אַנדערער, אַז פון אַ טריפּער, למשל, קאָן ווערען סיפילים און אומגעקעהרט. עס איז דאָס פערדיענסט פון דער פראַנצויזישער מעדיצינישער שולע צו האָבען אויסגעפלאָנטערט דיזע דריי קראַנקהייטען, צו האָבען געצייגט אַז זיי זענען גרונד־פערשידען איינע פון דער אַנדערער און צו האָבען געצייגט אַז זיי קאָנען קיינמאָל נישט איבערגעהן איינע אין דער אַנדערער.

## די גאַנגרענע.

דאָס וואָרט ג אַ נ ג ר ע נ ע קומט פון „גאַני“, זאַמען און „רעין“ — רינען, וויל ג אַ ל ע נ ו ס, איינער פון די פּאַטערס פון דער מעדיצין, וואָס האָט דער קראַנקהייט געגעבען דעם נאָמען, האָט געדענקט אַז די מאַטעריע וואָס פליסט אַרויס, איז זאַמען. מען רופט די קראַנקהייט אויך ב ל ע נ נ אָ ר ר ה אַ ג י ע, פון „בלעננאַ“־שליים, וועלכעס בעצייכענט אויך ניט דאָס ריכטיגע בילד, אַזוי ווי עס איז אונז בעקאַנט היינט־צו־טאָג.

דער ט ר י פּ ע ר אָדער די גאָנאָרעע איז די אם מייסטען פערשפּרייטע קראַנקהייט ביי מענער. איהר ווייסט דאָך ווי שטאַרק מאָזלען איז פערשפּרייט; נו, דער טריפּער קומט נאָך מאָזלען אין דער צאָל פאַלען. פערהעלטניסמעסיג ווייניג דערוואַקסענע מענער פון די ציוויליזירטע לענדער האָבען נישט געליטען פון דער גאָנאָרעע. פון אַ ל ע קראַנקהייטען פון וועלכע די מענער ליידען, געשלעכטליכע און נישט געשלעכטליכע, מאַכט דער טריפּער אויס 75 פּראָצענט. דאָס הייסט, כדי די זאַך פערשטענדליכער צו מאַכען, אַז מען נעהמט 1000 קראַנקע פון אַלערליי קראַנקהייטען, זענען צווישען זיי 750 קראַנק פון טריפּער.

ביי פרויען קומט די קראַנקהייט אַזוי אָפט פאָר, אַז, נאָך די אָפּטימיסטישעסטע אָבשעצונגען, נאָך די גינסטיגסטע סטאַטיסטיקען, ליידען מעהר ווי 10 פּראָצענט פרויען פון דער קראַנקהייט אָדער פון פאָלגען פון דער קראַנקהייט.

און דאָ מיין איך ניט די פּראָסטיטואירטע; — ז י י האָבען דאָך אַלע די קראַנקהייט. איך מיין די געוועהנליכע פרויען, מעהרסטענס די פערהייראַטע, די פרויען וואָס מען האַלט פאַר אַנשטענדיגע, פאַר עהרליכע. און זיי זענען טאַקע אנשטענדיגע, דען זיי האָבען זייערען טריפּער געקראָגען פון זייערע אייגענע מענער!

אַלזאָ, שטעלט איהר זיך פאָר דאָס בילד? איהר בעטראַכט די מענשען דורכגעהן אויף דער גאַס. איהר זעהט 100 מענער פאָר־

בייגעהן — אריבער 75 פון זיי האָבען געהאַט אַ טריפּער. איהר זעהט 100 פרויען פאַרבייגעהען, — 10 אָדער 12 פון זיי האָבען אַ טריפּער אָדער די פאָלגען דערפון.

פון אַלע פרויען וואָס קומען זיך בעהאַנדלען ביים דאָקטאָר און אין שפּיטאָל וועגען טריפּער אָדער וועגען די פאָלגען פון דער קראַנקהייט, זענען 70 פּראָצענט פערהייראַטע, רעספּעקטאַבלע פרויען, וואָס זענען אַנגעשטעקט געוואָרען פון זייערע מענער.

איינע פון די פאָלגען פון גאָנאָרעע ביי פרויען און ביי מענער איז די *סטעריליטעט*, די *אונפרוכטבארקייט*, די אונמעגליכקייט צו האָבען קינדער. פון הונדערט סטעריլע הייראַטען, פון הונדערט פּאָר פאָלק וואָס האָבען נישט קיין קינדער, האָבען 45 צו פערדאַנקען זייער אונפרוכטבארקייט: — דער גאָנאָרעע.

פון 81 פרויען מיט גאָנאָרעע אָדער מיט פאָלגען דערפון, זענען — נאָך אַן אונטערזוכונג, — 49 געוועזען פאָלשטענדיג סטעריל, ד. ה. זיי האָבען גאָר נישט געהאַט קיין איינציג קינד, כאָטש זיי האָבען געוואָלט האָבען. די איבעריגע 32 האָבען אַלע אין איינעם געהאַט 39 קינדער.

איינע פון די פאָלגען פון טריפּער זענען שווערע *אויגען־ענטצינדונגען ביי נייגעבוירענע קינדער*. אָפט טרעפט זיך אַז די קינדער זאָלען פון דער קראַנקהייט בלינד ווערען. נו, רעכענט מען אַז 15%, אַנדערע זאָגען אַז 20 ביז 30 פּראָצענט פון *אַלע בלינדע* פון די פעראייניגטע שטאַטען האָבען צו פערדאַנקען זייער טרויעריגען צושטאַנד — דער גאָנאָרעע וואָס זייערע מאַמעס האָבען געהאַט אין דער צייט פון דער ענטבינדונג און וואָס די מאַמעס האָבען געקראָגען פון זייערע מענער. און בעמערקט אַז די צאָהל בלינדע איז נישט קיין קליינע: אין 1890 זענען געוועזען אין די פעראייניגטע שטאַטען 50,411 בלינדע, מענשען זענען בלינד דורך דיזער אורזאַך.

נאָך די לעצטע אונטערזוכונגען שיינט עס אַז דיזע ציפערען זענען איבערטריבען; אָבער דאָך איז עס זיכער אַז אַ גרויסע צאָהל מענשען זענען בלינד דורך דיזער אורזאַך.

די גאָנאָרעע איז אַ קראַנקהייט וואָס גרייפט אָן די געשלעכטס־

טיילען. אויף אַנדערע טיילען פון'ם מענשליכען קערפּער קאָנען אָנגעשטעקט ווערען פון איהר, נאָר דאָס איז זעלטען.

מען געפינט די קראַנקהייט מעהרסטענס ביי יונגע לייט, אָבער זי מאַכט אויף אָפט אַ בעזוך ביי עלטערע מענער. פרויען האָבען זי נאַטירליך וועניגער. (עס פערשטעהט זיך אַז מיר רעכענען דאָ נישט אריין די פּראָסטיטואירטע). אויף ק י נ ד ע ר פון יעדען אַלטער האָבען, נישט זעלטען, צו ליידען פון דיזער שרעקליך אונ־אַנגענעהמער קריינק; זיי ווערען נעביך בעשמוצט און אָנגעשטעקט פון דערוואַקסענע מענשען, אָדער בעסער געזאָגט פון ווילדע נידריגע בעסטיעס וואָס האָבען די געשטאַלט פון מענשען. מיר בעמערקען פאָריבערגעהענדיג, אַז די אָנשטעקונג פון קליינע קינדערלעך איז אָפט צו פערדאַנקען דעם אונגאָרמאַלען לעבען אין די גרויסע פּראָלעטאַריער־הייזער, וואו מען ליגט, אין מאַנכע הייזער, כמעט איינער אויף דעם אַנדערען, געדיכט איינגעפּאַקט ווי די הערינגעס.

אַ סך מענער ווערען נישט אָנגעלערענט פון איין מאָל; זיי קריגען די קראַנקהייט צוויי, דריי אָדער מעהרערע מאָל. איבריגענס לערנען די מענשען אין אַלגעמיין וועניג פון זייערע ליידען, איבערהויפּט אין געשלעכטסלעבען, וואו דאָס בעדערפניש צו האָבען פערקעהר איז אַזוי שטאַרק און ווערט נאָך הונדערט מאָל פערשטאַרקט פון די אַבנאָרמע, אומגעזונדע בעדינגונגען אין וועלכע מיר לעבען.

שולדיג אין דעם אָפטען ווידערהאָלען פון גאָנאָרעע ביי דעמזעלבען מאַן איז אויך די אונוויסענהייט פון די יונגע לייט, וועלכע האַלטען די קראַנקהייט פאַר אַ לייכטע און לייכט־היילבאַרע. אין זייער געזעלשאַפט ווערט מען איבערהויפּט גאָר נישט בעטראַכט פאַר אַ מאַן, וויבאַלד מען האָט נישט געהאַט כאָטש איין מאָל אַ טריפּער; און, עס פערשטעהט זיך, דער גראַד וויכטיגקייט פון דעם מאַן און דער רעספּעקט צון איהם, וואַקסט מיט דער צאָהל גאָנאָרעען וואָס ער מאַכט דורך.

דיזע „עלטערע, ערפאַהרענערע" יונגע מענער לערנען די פריש־אויפגעוואַקסענע, אַז זיי „מוזען" געהן „צו פרויען", דאָס הייסט צו פּראָסטיטוטקעס, ווייל זאָנסט וועלען זיי קראַנק ווערען. און זיי געהען

צווישען די נארישע גלויבענס וואָס זענען שולדיג אין פיעלע אָנשטעקונגען, איז דער פאָלגענדער ניט אונוויכטיג:

א סך אונוויסענדע מענער דענקען אַז, ווען זיי האָבען אַ גאָנאָרעע, און ווען, ביים פערקעהר מיט זייער פרוי, זאָרגען זיי אַז דער זאַמען זאָל ניט אריין, וועט די פרוי ניט אָנגעשטעקט ווערען מיט דער גאָנאָרעע. דאָס איז לעכערליך. דער אייטער וואָס קאָן פערורזאַכען די אָנשטעקונג איז דאָך פאַראַן אין דער אורערטראַ, און צוואַר נאָך איידער דער זאַמען קומט אָן פון די טיעפסטע דריזען.

דער טריפּער איז איינע פון די האַרטנעקיגסטע קראַנקהייטען: ווען ער דרינגט אריין אין דער *שלייםהויט* (דאָס הייטעל וואָס באַדעקט דעם אינערליכען טייל) פון די געשלעכטס־אָרגאַנען, איז עס זעהר שווער איהם אַרויסצוטרייבען. אפילו אין די גינסטיגסטע פאַלען דויערט ער *דריי מאָנאַטען*; מען מעג רעכענען *זעקס מאָנאַטען* אין די מעהרצאָהל פאַלען; *וועניגער ווי צוויי מאָנאַטען איז אַ זעלטענהייט*. מאַנכמאָל ווערט ער *כראָניש* און דויערט יאָהרען־לאַנג. נאָר זעהר אָפט איז ער שוין פון לאַנג געהילט און די יונגע לייט קאָנען זיך דאָס נישט גלויבען און האַלטען זיך אין איין בעהאַנדלען; אין דעם זענען אויך שולדיג די פיעלע *מעדיצינישע שווינדלערס*, וואָס לעבען פון דער אונוויסענהייט פון די יונגע מענער. איבריגענס איז אויך זעהר אָפט די בעהאַנדלונג פון די דאָקטוירים שולדיג אין דעם פערלענגערען פון דיזער קריינק; דען געוויסע דאָקטוירים, ווען זיי קריגען אריין אין זייערע הענד אַזאַ קראַנקען, זענען זיי ווי די שפּינען, זיי לאָזען איהם נישט אַרויס ביז זיי זויגען איהם נישט אין גאַנצען אויס. און, ווען ער איז שוין מעהר נישט קראַנק, רעדען זיי איהם איין אַז ער איז עס נאָך, און בעהאַנדלען איהם אַזוי פיעל אַז ער ווערט קראַנק פון דער בעהאַנדלונג.

און ווי פיעל מאָל רעדען זיי די מענער איין אַ גאָנאָרעע דאָרט וואו ס'איז אפילו קיין סמן דערפון ניטאָ!

אין אַלגעמיין איז די קראַנקהייט אַ היילבאַרע; זי קאָן זיך אויסהיילען פאָלשטענדיג און נישט איבערלאָזען קיין שום שלעכטע פאָלגען נאָך זיך. אָדער עס קאָן זיך טרעפען, אַז די קראַנקהייט

אלס אזעלכע זאָל זיך אויסהיילען, אָבער זי זאָל צוריקלאָזען אונאנגענעהמע קאָמפּליקאציעס, דאָס הייסט נעבען־קראנקהייטען. ביים מאַן איז אויך זיכער א גרויסער טייל פון דיזע קאָמפּליקאציעס צו פערדאנקען דער איבער־בעהאנדלונג, דער בעהאנדלונג ווען זי איז שוין נישט מעהר נויטיג.

**אורזאך.** — ביים טריפּער איז דאָ נאָר איין איינציגע אורזאך: די דירעקטע אַנשטעקונג ביים געשלעכטליכען פערקעהר. מען הערט אָפט צווישען יונגע־לייט רעדען וועגען קראנק־ווערען „פון חלום" אָדער פון פערקיהלונג(!). גלויבט נישט דיזע דומהייטען. א טריפּער קומט נאָר פון אַן אנדערען טריפּער.

נאטירליך קאָנען מיר רעכענען אלס די הויפּט אורזאך: די פּראָסטיטוציע. פון איהר נעהמען זיך אלע ווענערישע אַנשטעקונגען.

**די אַקוטע גאָנאָרעע ביים מאַן.—סימפּטאָמען.**—אין אָנפאנג האָט דער קראנקער אַן אונאנגענעהם געפיהל, א מין קיצלען אָדער בייסען אין גליד. מאנכמאָל פיהלט ער א „היץ" און זאָגאר א שמערץ; דער שמערץ ציינגט זיך מעהרסטענס ווערענד אָדער נאָך דעם אורין־לאָזען. א סך מאָל לײדט מען גאָר נישט און מען דערוויסט זיך ערשט פון דער קראנקהייט, ווען מען זעהט דעם אויספלוס ארויסקומען. אין אלגעמיין דויערט עס, פון דער אַנשטעקונגס־צייט ביז צו די ערשטע סמנים, דריי ביז זיבען טעג. זעלטען דויערט עס ווייניגער אָדער מעהר, יעדענפאלס נישט מעהר ווי צוויי וואָכען.

דער אויספלוס בעשטעהט פון א ווייסען־געלבליכען, גערדיכטען אייטער, וועלכער רינט אם אָנפאנג אליין ארויס, און ציינגט זיך שפּעטער נאָר ביים אויסדריקען.

עס איז וויכטיג די יונגע לייט אויפמערקזאם צו מאכען אויף פאלגענדען טעות, וואָס געשעהט זעהר אָפט. זיי קומען ניט זעלטען צום דאָקטאָר מיט דער קלאגע אז זיי האָבען אַן אויספלוס פון אייטער (מאטעריע) און, ביי א גענויערער אונטערזוכונג, געפינט מען נישט אפילו דעם קלענסטען סמן פון טריפּער; דען דאָס וואָס זיי האַלטען פאר אייטער איז גאָר איינפאכער שליים, וועלכער איז דאָ ביי יעדען געזונדען מאַן, וועלכער ציינגט זיך אָבער אין א גרע־

סערער קוואנטיטעט נאָך אויפרעגונגען. דיזער שליים איז נישט וויים, זאָנדערן אָהן קיין שום פארב, ווי וואסער, ער ציהט זיך און איז קלעביג. עס פערשטעהט זיך, אז אין אזא פאל איז נישט נויטיג זיך צו בעהאנדלען און טראָץ דעם זענען לײדער דאָ געגוג דאָקטוירים וואָס מאכען זיך נישט וויסענדיג, וואָס בעטראכטען דעם שליים אלס אן אויספלוס און בעהאנדלען דעם אונוויסענדען קראנקען א לענגערע צייט.

ביים ריכטיגען אויספלוס פון דער גאָנאָרעע, קומט מעהרסטענס דער אייטער נישט פון זעהר טיעף, דען די טיעפערע גאָנאָרעע איז פערהעלטניסמעסיג זעלטען; אין די מעהרסטע פאלען שפיעלט זיך די קראנקהייט אָב אין דעם פאָרדערשטען טייל פון גליד, נאָהענט פון דער עפענונג.

אין דער מאטעריע געפינט מען, ביי אן אונטערזוכונג אונטער דעם פערגרעסערונגס־אפאראט, אונטער דעם מיקראָסקאָפּ, א זעהר גרויסע מענגע קיילעכדיגע מיקראָבען, וואָס מען רופט אָן גאָנאָקאָקען, וועלכע לעבען און פערמעהרען זיך אין דער פליסיגקייט און וועלכע בילדען דאָס אָנשטעקענדיגע מאטעריאל. זייער פערמעהרונג אויף און אין דער שליימהויט פון די געשלעכטס־אָרגאנען, מאכט דיזע אזוי קראנק און זייער בעזונדערע פאָרליעבע צו די דאָזיגע שליימהויטען, מאכט די קראנקהייט אזוי שווער צו היילען. די גאָנאָקאָקען זענען די דירעקטע אורזאַך פון דער גאָנאָרעע ביי יעדען איינצעלנען קראנקען.

ארויס פון דעם קראנקען קאנאל, טרוקענערהייט, לעבען די גאָנאָקאָקען ניט מעהר ווי דריי מינוט; דאָס איז א גרויסע טובה פאַר די מענשען, ווייל עס פערהינדערט זעהר פיעל די פערשפרייטונג פון דער קראנקהייט אויף א ניט סעקסואלען אופן.

ארום דער עפענונג פון׳ם גליד צייגט זיך א רויטקייט, וועלכע קאָן זיך פערשפרייטען איבער א גרעסערער אויבערפלאַך פון׳ם אָרגאן. זעהר אָפט ווערט אויך די גאנצע הויט פון דעם גליד אָדער א טייל דערפון געשוואָלען, נאָר זעלטען איז די שוועלונג דורך און דורך, אין דער גאנצער דיקקייט פון דעם גליד. ווען די ענטצינדונג איז שטארק, ווערען אויך געשוואָלען די דריזען פון דער דיך; אין אלגעמיין איז אָבער דיזע שוועלונג

נישט קיין זעהר שטאַרקע און מעהרסטענס געהט זי פון זיך זעלבסט צוריק, ספּעציעל ווען דער קראַנקער קאָן ליגען אייניגע טעג אין בעט, — נאָר ארבייטער האָבען לײדער זעהר זעלטען די מעגליכקייט דאָס צו טון. ווען די שוועלונג פון יענע דריזען פערגרעסערט זיך, בילדעט זיך אַ מ כ ה, וועלכע איז אין גאַנצען עהנליך צון אַ גע־וועהנליכער מכה און מוז אויך בעהאַנדעלט ווערען אויף דעמזעלבען אופן. מען רופט די ענטצינדונג און שוועלונג אין דער דיך: אַ ב ו ב אָ ן. — מיט דער צייט פערמעהרט זיך דער אויספלוס און ווערט געדיכטער. דער שמערץ איז אָפט אזוי שטאַרק, אז עס איז שווער צו לאָזען דאָס וואַסער, דען די בעריהרונג פון דער קראַנקער שליימהויט דורך דעם אורין גיט דעם קראַנקען אַ געפיהל פון ב ר ע־נ ע ן. דורך דער פערענגערונג פון דעם קאַנאַל, וואָס קומט פון זיין ענטצינדעטען צושטאַנד, געהט אָפט דער ש ט ר אָ ם פ ו ן ד ע ם א ו ר י ן ארויס אין אַן אונגעוועהנליכער פאָרם, א י ן צ ו ו י י ע ן, פ ע ר ד ר ע ה ט, ע נ ג אָדער ט ר אָ פּ ע נ־ו ו י י ז; אָבער דיזער צושטאַנד איז ביי דער אַקוטער גאָנאָרעע נאָר פאָריבערגעהענדיג.

דאָס געהן איז אונבעקוועם און אָפטמאָל, ווען די קראַנקהייט איז שטאַרק ענטוויקעלט, דערקענט מען אַ גאָנאָרעע־קראַנקען דורך זיין ג אַ נ ג. דאָס קומט מעהרסטענס דורך אַ שמערץ אין און ארום די ט ע ס ט י ק ל ע ן און דורך אַ געפיהל פון אונבעקוועמ־ליכקייט אונטען אין רוקען.

עס פערשטעהט זיך אַז אַלע אויבען בעשריבענע לײדען מוזען האָבען אַ שלעכטע פאָלגע אויף דעם גאַנצען קערפּער, ווי אויך אויף דעם גייסט פון דעם קראַנקען. די יעניגע וואָס האָבען שוין ער־פאַהרונג אין דער קראַנקהייט, מאַכען זיך מעהרסטענס נישט פיעל זאָרגען פון דער אַקוטער, פרישער פאָרם פון טריפּער. אָבער די וואָס זענען נאָך נישט געוואָיהנט מיט דער קראַנקהייט, ווערען טרויעריג און נידערגעשלאָגען; זייער נשמה־צושטאַנד איז לייכט צו פערשטעהן, ווען מען דערמאָנט זיך אַז זיי האָבען פריהער תמיד געהערט דאָס די קראַנקהייט איז אַ לייכטע, נאָר אַ שפּיעלכעל, און אַז זייערע ערפאַהרענערע חברים פלעגען זיי אויסלאַכען וואָס זיי האָבען נאָך נישט געהאַט „אפילו איין" טריפּער, און אַז זיי זענען

נאך גאר נישט קיין מענער; און איצט זעהן זיי אז די קראנק־הייט איז נישט קיין שפאס, זיי ליידען דערפון מעהר ווי זיי האבען זיך פארגעשטעלט, זיי הויבען אן צו ערפאהרען אז עס איז א לאנג־דויערענדיגע קראנקהייט און אז זי קאן האבען שפעטער שלעכטע פאלגען. און אויסער דעם מוזען זיי זיך נאך מיט זייער ליידען בעהאלטען, און זיי קאנען נישט האבען נעבען זיך די טרויסטענדיגע האנד און דעם ליעבענדען בליק פון א מאמען (אפילו וואו די מאמע איז גאנץ נאהענט), ווי עס איז דער פאל ביי אנדערע קראנקהייטען. און נישט וועניג טראגט ביי צו זייער נידערגעשלאגענהייט די גע־שעפטס־מעסיגע ארט ווי אזוי די קראנקהייט ווערט בעהאנדעלט פון די מעדיצינישע שווינדלערס, אויב זיי פאלען צו זיי אריין.

מאנכע קראנקע זענען בלאס, פערלירען דעם אפעטיט, פיה־לען זיך שוואך און זעהן תמיד אויס פערזארגט. — נו, אויב מיין ראט קאן עפים העלפען, — מיין ראט איז, אז מען זאל זיך די גאנ־צע זאך נישט אזוי שטארק נעהמען צום הארצען. עס איז טאקע א שווערע קראנקהייט, זי דויערט טאקע לאנג, זי איז טאקע שווער צו בעהאנדלען, אבער אין די מעהרסטע פאלען, אויב מען היט זיך אב, איז די קראנקהייט היילבאר. וואס איך וואלט יא געוואלט, וואלט זיין אז דיזער שרעקען פאר דער גאנארעע זאל ערשט קומען נאך דער היילונג, כדי די יונגע לייט (אדער אויך די עלטערע לייט, ווייל זיי האבען זי אויך צימליך אפט), זאלען מורא האבען צו זו־כען די געלעגענהייט פאר א צווייטער אנשטעקונג.

פארטזעצענדיג מיט דער בעשרייבונג פון די סימפטאמען, וויל איך הערפארהויבען דעם פאקט, אז דאס ארגסטע ליידט דער קראנ־קער אפט ערשט אין דער נ א כ ט. ביי טאג פערגעסט מען מעהר אדער וועניגער אן זיך זעלבסט, זייענדיג בעשעפטיגט מיט אנדערע מענשען און זאכען; אבער ביי נאכט, אין דער ווארעמקייט און בעקוועמליכקייט פון'ם בעט, מיט אן ארגאן וואס איז שוין סיי־ווי סיי געררייצט פון דער קראנקהייט, רופט דאס שטייף־ווערען, די ע ר ע ק צ י ע דערפון ארוים שרעקליכע שמערצען.

די קראנקע דארפען זיך נישט שרעקען ווען זיי זעהן א טראַ־פען ב ל ו ט ארויסקומען נאך דעם אורין־לאזען; עס איז אמאל א סימפטאם פון דער קראנקהייט.

דער אויספלוס פון אייטער איז מעהרסטענס גרעסער *אין דער פריה*, ווייל ערשטענס זאַמעלט זיך דער אייטער אָן אין דער נאַכט, נישט ווערענדיג אַוועקגעוואַשען פון דעם אורין, און צווייטענס ווייל דאָס גליד איז מעהר אויפגערייצט אין דער נאַכט.

אין אַלגעמיין ווערט די קראַנקהייט לייכטער געגען דער דריטער וואָך, בעזונדערס אויב מען קאָן זיך אָבהיטען אין עסען, טרינקען און האָבען וואָס מעהר רוה, ווי מיר וועלען זעהן ביי דער בעהאַנדלונג. דער קראַנקער האָט נישט מעהר קיין שמערץ ביים וואַסער־לאָזען, ער הויבט אָן צו האָבען רוהיגע נעכט, ער הויבט זיך אָן צו פיהלען אין גאַנצען בעסער. דער אויספלוס ווערט אַביסעל שיטערער און קומט זעלטענער. שפּעטער פערשווינדט דער אייטער אין גאַנצען ביי טאָג און מען קאָן איהם נאָר זעהן אין דער פריה, ביים אויפשטעהן. מיט דער צייט פערשווינדט ער אין גאַנצען, *וואָס בעדייט נאָך נישט אַז די קראַנקהייט איז אויסגעהיילט*. מען קאָן בעטראַכטען דעם פאַל פאַר אַ גינסטיגען, אויב דער אויספלוס הערט אין גאַנצען אויף *נאָך פיער ביז זעקס וואָכען* פון דעם אָנפאַנג פון דער קראַנקהייט; זעהר אָפט דויערט ער מעהר, מאַנכמאָל אפילו *דריי מאָנאַטען* אָדער לענגער.

נאָר נישט אַלע פאַלען צייגען די אויבען־בעשריבענע סימפּטאָמען; זעהר אָפט איז די קראַנקהייט גאַנץ מילד און דער קראַנקער ליידט, מיט אויסנאַהם פון אויספלוס, גאָר נישט אָדער כמעט גאָר נישט.

איך איבערטרייב נישט ווען איך בעהויפּט, אַז מעהרסטענס, ווען אַ גאָנאָרעע דויערט לאַנג, כאָטש זי איז אונטער בעהאַנדלונג, איז די שולד פון דער פערלענגערונג, דעם דאָקטאָר׳ס, ווען ער איז אַ שווינדלער אָדער ווען ער ווייסט ניט ווי אַזוי די קראַנקהייט צו בעהאַנדלען. צו ער פערלענגערט די בעהאַנדלונג אַבזיכטליך, צו דורך אונוויסענהייט, דער פּאַציענט ליידט דערפון. עס איז אָבער זעהר אָפט דעם קראַנקען׳ס שולד אַליין, ווייל אַפילו אונטער דער עהרליכסטער בעהאַנדלונג, איז ער שווער אָדער אונמעגליך אויסגעהיילט צו ווערען, *אויב ער היט ניט אָב גע־*

נוי אלע רעגלען וואָס מען גיט איהם אָן; און דאָס טוט ער אָפט נישט.

פערהיטונג.—פערהיטען די קראנקהייט מיט זיכערהייט קאָן מען נאָר, ווען מען האָט קיין פערקעהר מיט פראָסטיטואירטע אָדער האלב־פראָסטיטואירטע.

אין די לעצטע יאָהרען האָט די ארמעע און די מארינע (נייווי) פון די פעראייניגטע שטאטען צווישען די סאָלדאטען איינגעפיהרט פאָלגענדעס מיטעל זיך צו פערהיטען פון גאָנאָרעע: אַן איינשפּריצונג פון אַ לעזונג פון 5 פראָצענט ארגיראָל אין וואסער. דיזע לעזונג קאָן יעדער לאָזען מאכען ביים דראָגיסט און זי איינמאָל איינשפריצען זאָפאָרט נאָך דעם פערקעהר, צוערשט לאָזענדיג דעם אורין. — אויב מען קאָן זיך אויף דעם פערלאָזען, ווייס איך נישט; עס איז נאָך צו פריה צו אורטיילען וועגען דעם ערפאָלג פון דעם מיטעל. איך בין אויך נישט זיכער אויב דאָס קאָן נישט אמאָל גאָר שאדען, צורייצענדיג אַ געזונדען קאנאל. (איך דערמאָן דאָס מיטעל בלויז צוליעב פאָלשטענדיגקייט.)

זעה זייט 263.

מאנכע געברויכען מיט ערפאָלג דעם קאָנדאָם, אָדער גומי־פראָטעקטאָר. ער קאָן אָבער מאנכעס מאָל פערראטען, ווייל ער קאָן זיך צורייסען אין דעם קריטישען מאָמענט.

בעהאַנדלונג. — וואָס אנבעלאנגט די בעהאנדלונג פון דער אקוטער גאָנאָרעע, קאָן איך דאָ ניט פיעל רעדען דערפון; עס איז מיין מיינונג אז פאר דעם אלגעמיינעם עולם איז עס ניצליכער צו וויסען ווי אזוי צו פערהיטען קראנקהייטען, ווי זיי צו קאָנען בעהאנדלען. דיזער פרינציפ האָט מיך אויך געפיהרט ביים קאפיטעל איבער סיפיליס און די אנדערע דערמאָנטע קראנקהייטען. מעהר ווי די וויכטיגסטע ראציאָנאלע עצות וועל איך ניט דערמאָנען.

אָבער איך קאָן זיך ניט צוריקהאלטען פון דער ערקלערונג אז די מעדיצינישע פראָפעסיע האָט אין דער בעהאנדלונג פון דער

גאָנאָרעע אין די לעצטע יאָהרען קיין גרויסען פּאָרטשריט ניט געמאַכט; דען עס איז ביז איצט ניטאָ קיין שום מעדיציניש מיטעל וואָס זאָל די קראַנקהייט אויסהיילען. און איך אייל זיך צו בעטאָנען, אַז דאָס הייסט נישט אַז די קראַנקהייט איז אונהיילבאַר; ניין, — זי איז היילבאַר. איך דענק (און איך בין נישט דער איינציגער וואָס איז געקומען צו דעם געדאַנק דורך זיין ערפאַהרונג), אַז אין אַ סך פאַלען, אין איינפאַכע, ניט קאָמפּליצירטע פאַלען, ווען מען לאָזט דאָס גליד צורוה וועהרענד דער קראַנקהייט און מען היט זיך אָב אין אַנדערע בעציהונגען, דאָס הייסט וועגען עסען און טרינקען און רוה, וואָלט די גאָנאָרעע אין אַלגעמיין נישט געדויערט לענגער ווי אונטער דער בעהאַנדלונג פון דעם בעסטען און עהרליכסטען ספּעציאַליסט, מיט די בעסטע מעדיקאַמענטען וואָס מיר פערמאָגען. און איך שרייב דאָס מיט דעם פולען בעוואוסטזיין, אַז דאָס איז אַן אפּיקורסות פון שטאַנדפּונקט פון דער היינטיגער מעדיצין און איך ווייס וויפיעל פינאַנציעלען שאַדען די ווערטער קאָנען ברענגען מיר און אַנדערע דאָקטוירים און וויפיעל מען וועט מיך אַנשעלטען דערפאַר. איך שרייב דאָס, ווייל איך דענק אַזוי. אין אַ פּאָר דיספּענסערים האָט מען שוין איינגעפיהרט אַז מען גיט מעהרערע קראַנקע גאָר קיין מעדיצין, נישט צו שפּריצען און נישט איינצונעהמען, מען לערנט זיי נאָר וואָס צו עסען.

ווען די קראַנקהייט איז שטאַרק, ווי עס איז פריהער בעשריבען געוואָרען, ווען מען האָט גרויסע שמערצען און אַזוי ווייטער, וועלכעס האַלט נישט אָן מעהר ווי עטליכע טעג, זאָל מען ליגען רוהיג אין בעט. די גאַנצע צייט וויפיעל עס איז דאָ אויספלום זאָל מען זעהר ווייניג ארומגעהן, מען זאָל אין דער פרייער צייט ליגען אָדער זיצען. מען זאָל אויסמיידען געשלעכטליכע אויפרעגונג. עס איז נישט ערלויבט צו עסען קיין שום געפּעפּערטע, ש א ר פ ע, האַרבע שפּייז, ווי אויך קיין ג ע ז ו י ע ר ט ע עסענס. מען דאַרף בעזונדערס אויפּפּאַסען אויף דעם שטולגאַנג, און, ווען נויטיג, זיך מאַכען קליסטירען. א ל ק א ה א ל י ש ע ג ע ט ר א נ ק ע ן אין יעדער פאָרם (ביער, וויין, שנאַפּס) און מעדיצינס איינצונעהמען זענען שטרענג פערבאָטען. ו ו א ס ע ר דאַרף מען טרינקען וואָס מעהר. פ ר ו כ ט ע ן זענען גוט צום

עסען. אין אלגעמיין איז עס בעסער צו עסען ווענינג. לעבליכע וואנעס וואָס עפּטער.

סיי ווי אזוי די בעהאנדלונג זאָל ניט זיין, מוז מען זיך לאָזען פון צייט צו צייט אונטערזוכען, כדי אויסצוגעפינען ווי ווייט מען האלט שוין מיט דער קראנקהייט און כדי צו בעשטימען ווען מען איז אויסגעהיילט. מען דארף נישט פערגעסען אז, ווען דער אויספלוס הערט אויף, איז די קראנקהייט נאָך נישט געהיילט. דאָס איז וויכטיג צו וויסען אי פאר זיך, אי פאר זיין פרוי אָדער קינפטיגער פרוי, דען עס דארף נישט זיין ערלויבט אונטער קיין אומשטענדען צו הייראטען, איידער מען איז זיכער פאָלשטענדיג אויסגעהיילט. — מען דארף אָבהיטען די אויבען בעשריבענע רעגלען, ביז מען איז זיכער אז מען איז געהיילט.

איך וויים אז עס זענען זעלטען די וואָס שטעלען זיך צופרידען מיט אן איינפאכער בעהאנדלונג, ביי וועלכער „מען טוט גאָר נישט“, ווייל זיי ווילען מען זאָל תמיד עפּיס טון, אזוי ווי עס זענען זעלטען די דאָקטוירים וואָס בעגניגען זיך מיט עצות געבען און וואָס וועניגער צו „טון“.

עס זענען דאָ פאלען ביי וועלכע אפילו דער ראדיקאלסטער דאָקטאָר וועט מוזען געבען איינשפּריצונגען מיט איינפאך סטעריליזירט (געקאָכט) וואסער אָדער מיט א מילד רייניגונגס־מיטעל אָדער מיט אנדערע מעדיקאמענטען. (פיג. 40, 41.)

יעדענפאלס איז עס נויטיג זיך צו שטעלען אונטער דער בעהאנדלונג און אויפזיכט פון א גוטען דאָקטאָר.

היט זיך פאר די וואונדערס וואָס מאנכע דאָקטוירים זאָגען צו! די צו שטארקע שטאָפּען וואָס ווערען איינגעשפּריצט כדי שנעל צו אונטערברעכען דעם אויספלוס, זענען שעדליך. איך וויים נישט אויב א שלאכט אין א מלחמה האָט ווען־עס־איז געמאכט מעהר קריפּעלס ווי די שווינדעל דאָקטוירים אין איין יאָהר, אין א גרויסער שטאָדט, מיט דער בעהאנדלונג פון גאָנאָרעע!

א פּאָר בעמערקונגען. — מאנכע פערוועקסלען די גאָנאָרעע מיט סיפיליס און דענקען אז גאָנאָרעע איז הערעדיטער,

דאָס הייסט אז זי ירש'עט זיך. דאָס איז נישט ריכטיג. די גאָ־נאָרעע איז א לאָקאַלע קראַנקהייט און נישט קיין אַלגעמיינע, ווי די סיפּילים, און געהט קיין מאָל נישט איבער צו די קינדער אין דעם זין פון א ירושה.

די קראַנקע וואָס ליידען פון גאָנאָרעע דאַרפען זיך האַלטען ריין, זיך גוט וואַשען די הענד נאָך דעם בעריהרען פון די געשלעכטס־טיילען; זיי זאָלען שלאָפען אַליין אין א בעט, אָדער ווען זיי זענען געצוואונגען צו טיילען דאָס בעט מיט אַנדערע, זאָלען זיי זאָרגען אז זייער גליד זאָל זיין גוט ארומגעוויקעלט און זאָל נישט קומען אין בעריהרונג מיט דער וועש וואָס ריהרט אָן זייער בעט־שותף.

מען גיט אָפט די קראַנקע די עצה צו טרינקען עטליכע גלעזער ב י ע ר ווען דער אויספלוס האָט זיך אויפגעהערט, כדי צו זעהן אויב די קראַנקהייט איז שוין געהיילט. דאָס איז א גרויסער פעה־לער. די קראַנקהייט קאָן שוין דענסטמאָל זיין אויף דעם וועג פון היילונג, און מיט דעם ביער ווערט זי ווידער שטאַרק אויפגערייצט און די היילונג ווערט פאר א לאַנגער צייט פערשפּעטיגט.

עס זענען אויך פאַראַן אַקוטע און כראָנישע ענטצינדונ־גען אין קאַנאַל וואָס זעהען אויס ווי א גאָנאָרעע, אָבער זיי זענען עס ניט, ווייל ביי דער מיקראָסקאָפּישער אונטערזוכונג פון דעם אייטער געפינט מען ק י י ן מ א ל ניט קיין גאָנאָ־קאָקען. די בעהאַנדלונג איז אָבער גענוי דיזעלבע ווי ביי גאָנאָרעע.

### די כראָנישע גאָנאָרעע ביים מאַן.

אויב די א ק ו ט ע, דאָס הייסט פרישע, גאָנאָרעע האָט זיך ניט געהיילט אָדער איז ניט געהיילט געוואָרען, זעהט מען פאר א לענגערער צייט א ט ר א פּ ע ן גרינ־ליך ־ ווייסער מ א ט ע ר י ע אָדער א י י ט ע ר ארויס־קומען אין דער פריה, ביים אויפשטעהן; דער טראָפּען קאָן אויך ארויסקומען אין אנדערע צייטען, אָבער מעהרסטענס איז ער פאַראַן אין דער פריה, נאָכדעם ווי מען האָט איינגעהאַלטען דעם אורין די גאַנצע נאַכט. דיזער אויספלוס קאָן אָנהאַלטען מעהרערע

חדשים אדער יאהרען. די קראנקהייט קאן זיין אין דעם *פעדערשטען* חלק פון׳ם קאנאל, פון דער *אורעטהרא*, אדער זי קאן זיין *ריקווערטס* אין קאנאל. אין לעצטען פאל זעהט מען אפט קיין מאטעריע. מען קאן אונטערשיידען וואו די קראנקהייט געפינט זיך דורך דער מעטאדע פון די *צוויי גלעזער*. מען לאזט דעם אורין צוערשט אין איין גלאז און דאן אין אן אנדער גלאז; אויב די קראנקהייט איז נאר פארענט, וועט דער ערשטער אורין זיין טריב און דער צווייטער קלאר; אויב די קראנקהייט איז נאר ריקווערטס איז דער צווייטער אורין טריב און דער ערשטער קלאר. כדי אויסצוגעפינען אויב די קראנקהייט איז איבערהויפט א גאנארעע, מוז מען בעטראכטען דעם *אורין*; מעהרערע מאל געניגט עס איהם צו בעטראכטען מיט דעם אויג; ווען נויטיג, די *פעדים* וואס געפינען זיך אין איהם, און די מאטעריע אדער טאקע דעם אורין, אונטערזוכען מיט דעם מיקראסקאפ; אדער דעם קאנאל מיט אינסטרומענטען.

אנדערע סימפטאמען פון כראנישער גאנארעע, וואס קאנען זיין, אבער מוזען ניט זיין, זענען די פאלגענדע: *אורינירען צו אפט*, אן אונאנגענעהם געפיהל ביים אנפאנג אדער ביים ענד פון אורינירען, א זעהר לייכטען *שמערץ* פון צייט צו צייט אין קאנאל אדער אין די געגענדען ארום די געשלעכטס־ארגאנען. דיזע סימפטאמען קאנען אבער אויך קומען פון אנדערע קראנקהייטען אדער אהן קיין שום קראנקהייט, ביי מענער וואס *רעגען* זיך צופיעל אויף געשלעכטליך. און איבערהויפט איז עס וויכטיג צו בעטאנען אז ס׳איז זעהר לייכט זיך *איינצורעדען* א קריינק דורך מאנכע איינגעבילדעטע געפיהלען אין און ארום די סעקסואלע ארגאנען אדער דיווירקליכע געפיהלען צו איבערטרייבען.

די וואס קאנען ניט דענקען ראציאנאל, די וואס קוקען צופיעל אויף זיך, די וואס האלטען שטענדיג אין איין ציטערען פאר זיך און גלויבען, אז זיי לוידען אין אלץ וואס זיי לעזען און הערען, די „*כראנישע זארגערס*“, האלטען זיך קיין מאל פאר געזונד אדער געהיילט און ווערען א לייכטער קרבן פאר די שווינדעל־דאקטוירים.

מאַנכע יונגע לייט וואָס האָבען ניט קיין בעגריף פון דעם אונטערשיד צווישען נאָרמאַלען און ניט נאָרמאַלען אורין, קוקען אויף זייער אורין און האַלטען איהם פאַר קראַנק, כאָטש דאָס וואָס זיי זעהן דערין איז ווי עס דאַרף צו זיין.

אויב עס איז פעסטגעשטעלט אַז מען ליידט פון אַ כראָנישער גאָנאָרעע, אַפילו ווען ס'איז ניטאָ קיין שום אויספלוס פון מאַטעריע, ווי עס טרעפט זיך אָפט, — זאָל מען ניט הייראַטען אַזוי לאַנג ווי זי איז ניט געהיילט, ווייל מען קאָן קראַנק מאַכען די פרוי.

וואָס אַנבעלאַנגט די *בעהאַנדלונג* פון דער כראָנישער גאָנאָרעע איז זי פערשידען נאָך דעם פאַל. מען דאַרף זיך ניט פערלאָזען אויף חברים וואָס זאָגען אַז „זיי האָבען ערפאַהרונג“; אויך ניט אויף אַן אַפּאָטעקער וואָס וויל פערקויפען זיין סחורה און איז אונוויסענד וועגען דער קראַנקהייט, אויך ניט אויף דאָקטוירים וואָס מאַכען זיך רעקלאַמע אָדער וואָס זאָגען צו ניסים. צו קיין אמת'ע, גוטע, ספעציאַליסטען קאָנען די אַרבייטער ניט אָפט געהן, ווייל עס קאָסט צו טייער זיך ביי זיי צו בעהאַנדלען; אויב זיי קאָנען, זאָלען זיי דאָס טון. פערגעסט ניט אַז קיין אמת'ער *ספעציאַליסט* אַנאָנסירט זיך קיין מאָל ניט אין קיין צייטונג. געוועהנליכע, בעשיידענע, אַלגעמיינע פראַקטיקער וואָס נעהמען זיך אונטער אייך צו בעהאַנדלען, אָבער וואָס זאָגען אייך גאָר ניט צו, זענען פאָרצוציהען, אויב מען קאָן ניט געהן צון אַ ספעציאַליסט. איך בין איבערצייגט אַז זעהר אָפט דויערט די קראַנקהייט לאַנג דורך *צופיעל בעהאַנדלונג*, מאַנכמאָל דורך דעם וואָס דער דאָקטאָר וויל נעהמען מעהר געלד פון דעם פאַציענטען, מאַנכמאָל מיט דער בעסטער אַבזיכט, אַפילו אָהן געלד, דענקענדיג אַז וואָס מעהר מען וועט בעהאַנדלען, דאָס בעסער וועט עס זיין. די גאָנאָרעע איז אַזאַ קראַנקהייט וואָס קאָן זיך אָפט זעהר לייכט היילען, אָבער אָפט בלייבט זי איינגעוואָרצעלט, וואָס מען זאָל ניט טון, ווי עהרליך, ווי ווייניג אָדער ווי פיעל מען זאָל ניט דעם פאַציענטען בעהאַנדלען. די הויפּטזאַך איז די אויפפיהרונג פון דעם קראַנקען. *אַלקאָהאָלישע געטראַנקען* (*וויין*, *ביער*, *בראָנפען*), *פעפער*, *שאַרפע*, *האַרבע*, *געפעפערטע* שפייזען, *געזייערטע*

שפּייזען, זענף (מאָסטארד), רעטיך, עסיג, ציבעלע און אנדערע עהנליכע זאכען זענען אבסאָלוט פערבאָטען. אַלע סאָרטען פליישׁ און פישׁ, און זופּען פון זיי, איז בעסער אויסצומיידען. מען דארף וואָס מעהר רוהּ, וואָס וועניגער געהן. יעדען טאָג אַ לעבליכע וואַנע. עסען פרוכט איז גוט; אויך טרינקען אַ סך וואַסער. פערמיידען סעקסואַלען פערקעהר און די געזעלשאַפט פון פרויען; פערמיידען אַלעס וואָס קאָן אויפרעגען געשלעכטליך. וואָס אנבעטרעפט די לאָקאַלע בעהאַנדלונג מיט אינסטרומענטען אָדער מיט איינשפּריצונגען פון לעזונגען מיט מעדיקאַמענטען, איז דאָס אָפט נויטיג אָבער ניט אין יעדען פאַל. מעדיקאַמענטען איינצונעהמען זענען קיין מאָל ניט נויטיג; מען קאָן זיך אין גאַנצען אָהן זיי בעגעהן.

דיזע רעגלען זענען גוט אָבצוהיטען אי ביי דער אַקוטער, אי ביי דער כראָנישער גאָנאָרעע.

(אין ניו יאָרק קאָן אַן ארבייטער, וואָס האָט ניט קיין געלד, אויסגעפינען אויב ער האָט אַ געשלעכטס־קראַנקהייט, גאַנץ אומזיסט, ביי דעם סאַניטאַרען ביוראָ פון דער שטאָדט, ביים באָרד אָף העלטה. דאָסזעלבע אויך אין אַנדערע אמעריקאַנער שטעדט.)

נאָך אַמאָל, — חתונה האָבען איידער מען איז זיכער אַז מען איז אויסגעהיילט, איז אַ נידערטרעכטיג פערברעכען. אונטער קיין שום אומשטענדען זאָל מען דאָס ניט טון! איהר וועט אפשר הערען דערצעהלען אַז מענער מיט אַ זיכערער כראָנישער גאָנאָרעע לעבען מיט זייערע פרויען יאָהרען־לאַנג און שטעקען זיי ניט אָן; דאָס איז אמת, כאָטש מען ווייסט ניט אימער אויב די פרוי וועט ניט שפּעטער קראַנק ווערען; ס'איז אמת אַז אַ סך פאַלען פון אַלטער גאָנאָרעע זענען ניט אָנשטעקענד, אָבער אָפטמאָל ווערען אַזעלכע פאַלען פּלעצליך אָנשטעקענד. מען קאָן ניט וויסען!

גאָנאָרעע אין רעקטום. — דאָס איז אַ צושטאַנד וואָס קאָן כמעט נאָר פאָרקומען ביי מענשען מיט וועלכע מען האָט געשלעכטליכען פערקעהר אין רעקטום, ביי פרויען און אינגלעך, זעלטענער

ביי עלטערע מענער. (זעה דאָס קאפיטעל איבער „האָמאָסעקסואַ־ליזם“ און „פערעראַסטיע“). די בעהאַנדלונג בעשטעהט אין רוה, ריכטיגע דיעטע, זיץ־בעדער, איינשפּריצונגען.

---

## קאָמפּליקאַציעס פון גאָנאָרעע.

1) ענטצינדונג פון דער פּ ר אָ ס ט א ט א, אַקוט אָדער כראָניש. ס י מ פּ ט אָ מ ע ן: געפיהל פון שווערקייט און דרוק טיעף אין בעקען אָדער אין רעקטום; מאַנכמאָל שמערץ ביי דער ערעקציע (שטייף ווערען פון פּעניס), בלוטיגע פּאָלוציעס, שווער־קייט ביים אורינירען; זעלטען ענטוויקעלט זיך אַן אבסצעס אין דער פּראָסטאַטא. — ב ע ה א נ ד ל ו נ ג: בעט־רוה, קאלטע אומ־שלאַגען ריקווערטס פון די טעסטיקלען; א סך וואסער טרינקען, פאסטען אָדער בלויז מילך, ווארעמע אָדער קאלטע זיץ־בעדער, ביי א זיכערען אבסצעס מאַנכמאָל הייסע קאטאפּלאַסמען; ווארעמע קליסטירען, קיינע אורעטהראַלע איינשפּריצונגען; אין פאַל פון אבסצעס קאָן עס אַמאָל נויטיג זיין צו אָפּערירען. דאָס איז אַלעס ביי אַקוטער פּראָסטאַטיטיס; ביי כראָנישער פּראָסטאַטיטיס איז די בעהאַנדלונג ענליך צו דער פון דער כראָנישער גאָנאָרעע; מ א ס א ז ש פון דער פּראָסטאַטא, מיט דעם פינגער דורך דעם רעקטום, קאָן אַמאָל נויטיג זיין אָבער זעלטען; נאָר איצט ווערט דאָס צו אָפט געברויכט און זעהר פיעלע אומזיסטע און שווערע פערהאָרעוועטע געלדער ווערען אוועקגעגעבען פאר אונניצליכע, מאָנאַטען־לאַנג דויערענדיגע מאַסאַזשען! היט זיך פון זיי!

2) ד י ב ל אָ ז, וואו דער אורין געפינט זיך פאר זיין ארויס־געהן דורך דער אורעטהרא, קאָן אַמאָל קראנק ווערען מיט גאָנאָ־רעע, אַקוט אָדער כראָניש. מיר וועלען דיזע קאָמפּליקאַציע דאָ ניט בעשרייבען, ווייל זי איז זעהר זעלטען; ווען זי קומט פאָר, איז זי כמעט תמיד פערורזאַכט געוואָרען דורך אונריכטיגער בע־האנדלונג.

3) אויך די ז א מ ע ן־ב ל ע ז ל ע ך קאָנען קראנק ווערען אַלס א פאָלגע פון גאָנאָרעע. די בעהאַנדלונג איז ווי ביי פּראָסטאַ־טיטיס.

4) אַ וויכטיגע און ליידער אָפטע פערוויקלונג פון גאָנאָרעע

איז די ענטצינדונג פון איינעם אָדער ביידע *טעסטיקלען* און פון דעם *עפּידידימיס* אין איין זייט אָדער אין ביידע זייטען. די קראַנקהייטען ווערען אָנגערופען *אָרכיטיס* און *עפּידידימיטיס*. זיי קומען מעהרסטענס פאָר אם אָנפאַנג פון דער אַקוטער גאָנאָרעע. אורזאַכען: ערשטענס טאַקע די גאָנאָרעע אַליין, ווען זי איז זעהר שטאַרק, זעהר העפטיג; אָבער אָפּט אויך צו שטאַרקע, רייצענדיגע איינשפּריצונגען צו פריה, די מעדיקאַמענטען וואָס מען נעהמט איין, געשלעכטליכע אויפרעגונג, צופיעל געהן, שווער אַרבייטען אין דער צייט פון'ם אַקוטען אנגריף פון גאָנאָרעע, צופיעל בעהאַנדלונג מיט אינסטרומענטען. *סימפּטאָמען*: גרויסער וועהטאָג אין דעם טעקסטיקעל, שטאַרקע שוועלונג און רויטונג פון דיזען אָרגאַן און פון נעבען־האָדען, פיבער מיט אַלע זיינע פאָלגען, שווערקייט צו געהן; מאַנכמאָל בילדעט זיך אַן אַבסצעס אין טעסטיקעל. *בעהאַנדלונג*: *פאָלשטענדיגע רוה אין בעט*, פאַסטען, וואַסער טרינקען; שפּעטער, די דיעטע ווי ביי גאָנאָרעע; דאָס קראַנקע אָרגאַן זאָל זיין אויפגעהאַנגען אין אַ מין בייטעל (*סוספּענסאָריום*) ביים געהן. ביים ליגען אין בעט זאָל עס רוהען אויף אַ האַנד־טוך וואָס מען איטרעקט אויס איבער די פיס און וואָס מען בעפעסטיגט ריקווערטס אָדער אין די זייטען מיט זיכערהייטס־נאָדלען; קאָמפּרעסען; קיינע איינשפּריצונגען. מאַנכמאָל, אָבער זעהר זעלטען, איז אַן אָפּעראַציע נויטיג.

5) יזוטצינדונגען און אַבסצעסען וואָס בילדען זיך אלס פאָלגע פון גאָנאָרעע אויף דעם פּעניס, אין דער פאָרהויט, אין דער דיך, ווערען בעהאַנדעלט נאָך דעם פאַל און נאָך אַלגעמיינע כירורגישע רעגלען. שפּיציגע פערהאַרטונגען, *קאָנדילאָמען*.

6) דאָסזעלבע איז אויך דער פאַל ביי דער שרעקליכער ענטצינדונג פון די *אויגען* וואָס מען קריגט אמאָל דורך בעריהרען די אויגען מיט די הענד, ווען זיי זענען בעשמוצט מיט אייטער פון'ם גליד. *דיזע אויגען־ענטצינדונגען צייגען אַז מען דאַרף זיך האַלטען אין אַלגעמיין ריין און בעזונדערס די הענד, ווען מען האָט אַ גאָנאָרעע.*

7) די סטריקטור איז אַ פערענגערונג פון דעם אורעטהראל־קאנאל אין איין פונקט אָדער אין מעהרערע פונקטען אָדער אויף אַ לענגערער שטרעקע. אורזאַך: מעהרסטענס אַ כראָנישע, לאנג דויערענדיגע גאָנאָרעע (דאָס בעדייט ניט אז אין יעדען פאל פון אזא מין גאָנאָרעע מוז פאָלגען אַ סטריקטור). מאנכמאָל ווערט זי פערורזאכט פון גאנץ שטארקע מעדיקאמענטען, וואָס דאָקטוירים געבען מיט דעם צוועק אָבצוקירצען, „אָבצושניידען" די קראַנקהייט, וועלכעס איז קיין מאָל קיין ערפאָלג. סימפּטאָמען: שמערץ, ברענען, מען אורינירט אָדער מען ווינשט צו אורינירען עפטער ווי געוועהנליך, א געוויסע ענדערונג אין דעם שטראָם פון'ם אורין ביי זיין ארויסקומען; נאָר דאָס הויפּט־סימפּטאָם איז די שווערקייט צו לאָזען דאָס וואסער, וועלכע ווערט שטארקער מיט דעם ענגער־ווערען פון דעם קאנאל; אלס אַ פאָלגע פון דיזער שווערקייט, קאָן ניט דער אורין אין גאנצען ארויס און אַ טייל בלייבט אָפּט צוריק אין דער בלאָז, וועלכעס קאָן האָבען וויטערע שלעכטע פאָלגען, ווי צום ביישפּיעל, אַ קראנקהייט פון דער בלאָז. די סטריקטור קאָן זיך ענטוויקלען שנעל, אָבער געוועהנליך ענטוויקעלט זי זיך לאנגזאם; איהר ענטוויקלונג ביז מען זאָל דערפיהלען די שווערקייט אין אורינירען, קאָן נעהמען מאָנאטען אָדער יאָהרען, אפילו 10 אָדער 20 יאָהר; דאָס הייסט זי קאָן קומען ווען די גאָנאָרעע איז שוין פון לאנג פערשוואונדען. מען געפינט אויס אויב ס'איז פאראן אַ סטריקטור דורך געוויסע אינסטרומענטען, וואָס מען רופט סאָנדען אָדער בוזשיס, וועלכע זענען פון מעטאל אָדער פון האלב־הארטען קאוטשוק. (די אויביגע סימפּטאָמען אליין זענען ניט גענוגענד כדי צו מאכען אַ ־יאגנאָזע, ווייל זיי קאָנען אויך פאָרקומען ביי אנדערע צושטאנ־ען.) אויך אַ קאטהעטער קאָן געברויכט ווערען; דאָס איז אַן אינסטרומענט מיט אַ קאנאל אינעווענינ און מיט צוויי עפענונגען, דורך וועלכען דער אורין קאָן ארויסקומען, אויב מען ברענגט ־אָס אינסטרומענט אריין אין דער בלאָז. און טאקע דיזעלבע אינסטרומענטען, איבערהויפּט מעטאלענע סאָנדען, ווערען אָנגעווענדט אין דער בעהאנדלונג פון סטריקטור. די בעהאנדלונג איז אַ לאנג דויערענדיגע און מוז געמאכט ווערען פון אַ זעהר געאיר־ייזר

האנד, די אינסטרומענטען מוזען זיין העכסט זויבער, גוט אויסגע־קאָכט און גלאַט. — אָפּעראַציעס געגען סטריקטור מוזען אמאָל גע־מאַכט ווערען, נאָר זעהר זעלטען. (פיג. 42, 43, 44.)

8) קאָמפּליקאַציעס וואָס ברענגען מיט זיך **א ה א ר ץ־ק ר א נ ק ה י י ט** אָדער אַזעלכע קראַנקהייטען ווי **ר ע ו מ א ט י ז ם** זענען ניט בעוויזען און אפילו אויב די בעהויפּטונגען וועגען זייער עקזיסטענץ זענען ריכטיג, זענען זיי זעלטען און מיר קאָנען זיך איינ־שפּאָרען דאָ צו שרייבען וועגען זיי.

אָט זענען אייניגע פון די געוועהנליכע שווינדלען פון די אונ־עהרליכע דאָקטוירים ביי דער גאָנאָרעע: בעהאנדלונג אַלס גאָנאָ־רעע פון אַן אויספלוס פון שליים וואָס קומט פון אויפרעגונג; איינ־רעדען דעם קראַנקען אַז אַ ניט גאָנאָרעאישער קאַטאַר איז גאָנאָ־רעע; אוננויטיגע בעהאנדלונג פון אַ געהיילטער גאָנאָרעע; בע־האנדלונג פון אַן איינגעבילדעטער סטריקטור אָדער פּראָסטאַטיטיס, עטצ.

## גאָנאָרעע ביי דער פרוי.

**אורזאך:** אָנשטעקונג דורך פערקעהר מיט אַ מאַן. (ביי דער געלעגענהייט וויל איך בעמערקען אַז גאָנאָרעע איז אָנשטעקענד פאַר סיי וועמען, ווי געזונד מען זאָל זאָנסט ניט זיין און ווי היגיעניש מען זאָל ניט לעבען.) די קראַנקהייט ביי דער פרוי קאָן זיין אַ סך שווערער ווי ביים מאַן, ווייל די פרויען־אָרגאַנען זענען מעהר אויס־געשפּרייט און זענען אין פערבינדונג מיט דער בויכהעל. די גאָנאָ־רעע קאָן זיין אין דער **א ו ר ע ט ה ר א**, אין דער **ו ו א ל ו ו א**, אין דער **ש י י ד ע**, אין דער **ג ע ב ע ר מ ו ט ע ר**, אין די אַרור־מיגע **ד ר י ז ע ן**; זי קאָן זיך פאַרטזעצען אין אַן אַנדערער פאָרם אין די **ט ו ב ע ן**, אין די **א י י ע ר ש ט ע ק** און אין דער **ב ו י כ־ה ע ל**. ווען די קראַנקהייט איז אין דער אורעטהראַ, זענען די סימפּטאָמען אונגעפעהר דיזעלבע ווי ביים מאַן, דעריבער איז ניט נויטיג די בעשרייבונג צו ווידערהאָלען; שמערץ ביים אורינירען; שוועלונג, רויטונג אין דער עפענונג פון דער אורעטהראַ; אויספלוס פון מאַטעריע, פון זעלבסט אָדער ביי אַ לייכטען דרוק; דורך אונ־טערזוכונג אונטער דעם מיקראָסקאָפּ געפינט מען דעם **ג א נ א־**

קאָקקוס, דעם מיקראָב פון דער גענאָרעע. שפּעטער ווערט דער צושטאַנד לייכטער און מען קאָן בלויז זעהן אַז דער אורין איז טריב און פול מיט פעדים; זעהר אָפט הערט מיט דער צייט די קראַנקהייט אויף צו זיין אַנשטעקענדיג פאַר דעם מאַן, כאָטש וואָס זי איז נאָך ניט געהיילט ביי דער פרוי. טראָצדעם מוז די פרוי זיך זעהר אָפּהיטען פון פאַרקעהרען מיט אַ מאַן ביז זי איז ניט געהיילט, ווייל זי קאָן ניט וויסען ווי אַנשטעקענדיג איהר קראַנקהייט איז. אומגעפעהר דיזעלבע סימפּטאָמען זענען פאַראַן ביי דער גענאָרעע פון דער וואולוואַ און פון דער שיידע. אין דעם לעצטען אָרגאַן איז זי שוין צימליך שווער זיך צו היילען; אָבער ווען זי געהט אַריבער די שוועל פון דער געבערמוטער איז אַ היילונג אָדער אונמעגליך אָדער זעהר שווער. איבעריגענס ווערט כמעט תמיד דע גענאָרעע אין דער געבערמוטער, אין די טובען, אין די אייערשטעק און אין די אַרומיגע געוועבען אומגעוואַנדעלט אין אַ כראָנישער קראַנקהייט, וועלכע אונטערשיידט זיך וועניג פון אַנדערע, ניט גאָנאָרעאישע ענטצינדונגען פון די אָרגאַנען.

די בעהאַנדלונג פון דער גענאָרעע אין דער אורעטהראַ, אין דער וואולוואַ, אין דער שיידע, איז אומגעפעהר ווי ביים מאַן׳ס גענאָרעע: רוה, דיעטע, קיין פערקעהר, קיין געשלעכטליכע אויפרעגונג, בעדער. איינשפּריצונגען און לאָקאַלע בעהאַנדלונג, נאָך דעם פאַל; דאָס דאַרף דער דאָקטאָר ענטשיידען און גליקליכערווייז זענען נישטאָ קיין „שווינדעל־דאָקטוירים ספּעציאַליסטען" פאַר פרויען, וואָס זאָלען זיך אַנאָנסירען אין די צייטונגען, און אויף די מעהרסטע פון די ספּעציאַליסטען פאַר פרויען, ניט אויף אַלע, קאָן מען זיך פערלאָזען אין אַזעלכע פאַלען.

גאָנאָרעע ביי קליינע מיידעלעך. — מאַנכמאָל ביי גאַנץ קליינע קינדער, פון איין ביז צעהן יאָהר. אורזאַך: אינפעקציע דורך דעם וואָס דערוואַקסענע (מענער און פרויען) בעריהרען דעם קינד׳ס געשלעכטס־טיילען, אַנשטעקונג דורך דער מאַמען, דורך דעם טאַטען, דורך דער אַם, דורך ברוטאַלע, בעסטיאַלישע מענער וואָס בעריהרען דעם קינד׳ס וואולוואַ מיט זייער קראַנק גליד. מאַמעס, פּאַסט אויף!

— בעהאנדלונג נאָך דעם פאַל, געוועהנליך מיט וואשונגען, איינשפּריצונגען און אזוי ווייטער.

גאָנאָרעע קאָן אויך זיין צווישען שול קינדער און אין קינדער אנשטאַלטען, וואו דיזעלבע בעדינונג (נוירסעס), דיזעלבע האנדטיכער, אָבטרעטען און אזוי ווייטער זענען געמיינזאם פאַר אַלע. אין די שפּיטעלער קאָנען קינדער קריגען גאָנאָרעע.

אָבער די מעהרסטע פאַלען פון דעם זעהר פארשפּרייטען אויספלוס אָדער פון דער ענטצינדונג פון די געשלעכטס-טיילען ביי קליינע מיידלאך זענען נ י ט קיין גאָנאָרעע, נאָר פאָלגען פון פארשידענע לאָקאַלע רייצונגען אָדער שפּילען מיט די אָרגאַנען.

**סטעריליטעט.** — איינע פון די אורזאַכען פון סטעריליטעט, פון אונמעגליכקייט צו האָבען קינדער, איז די גאָנאָרעע. ביים מאַן קאָן — ניט מוז! — א כראָנישער פאַל אָפּשוואַכען די פונקציע פון דעם פערקעהר, וועלכעס קאָן געהן ביז צו אימפּאָ־טענץ און אינדירעקט פיהרען צו סטעריליטעט. אָבער דאָס איז זעלטען. ווען די טעסטיקלען, די נעבען־האָדען אָדער די זאַמען־בלעזלעך ווערען קראַנק אַלס א קאָמפּליקאַציע פון גאָנאָרעע, קאָן זייער פונקציע זעהר געשטערט ווערען און דאָס ספּערמאַ קאָן ווערען פערשוואונדען אָדער עס קאָן זיין ניט־נאָרמאַל. די פרוי ווערט אָבער סטעריל מערסטענס דורך א קראַנקהייט פון דער ג ע ב ע ר מ ו ט ע ר. און אזוי ווי פילע פרויען (ניט נאָר פּראָסטיטוּאירטע) האָבען גאָנאָרעע אָדער פאָלגען דערפון, קאָנט איהר זיך פאָרשטעלען וואָס דאָס בעדייט.

## דער ווייכער שאַנקער (שאַנקראָיד)

דער ווייכער שאַנקער איז אַ וואונד, אַ געשוויר, וואָס בילדעט זיך אויף די דרויסענדיגע טיילען פון די סעקסואַלע אָרגאַנען, זעל־טען אויף אַן אַנדער אָרט, און וואָס קומט מעהרסטענס דורך דער געשלעכטליכער בעריהרונג מיט אַ פּערזאָן וואָס האָט דעמזעלבען שאַנקער. אָבער ער קאָן אויך קומען, כאָטש זעלטענער, אָהן אַנ־שטעקונג אָדער אָהן סעקסואַלען פערקעהר. אין דיזען לעצטען פאַל איז ער, פערשטעהט זיך, נישט קיין געשלעכטס־קראַנקהייט. אַז אַ ניט־סעקסואַלער ווייכער שאַנקער איז מעגליך, ווייסען מיר, ניט בלויז פון אייגענער ערפאַהרונג, נאָר אויך פון די בעהויפּטונגען פון אויטאָרען פון מעדיצינישע ביכער.

עס שיינט אַז דער ווייכער שאַנקער ווערט פערורזאַכט פון שמוץ אָדער אַנשטעקונגס־מאַטעריאַל וואָס געהט אריין אין דער הויט פון די געשלעכטס־טיילען דורך קליינע אָברייבונגען פון דער הויט.

דער ווייכער שאַנקער איז אַ ל אָ ק אַ ל ע, נים קיין אַלגע־מיינע קראַנקהייט, דאָס הייסט ער ענטוויקעלט זיך אויף די גע־שלעכטס־טיילען און בילדעט מאַנכמאָל שוועלונגען אָדער אַ ב ס ־ צ ע ס ע ן (מכות) אין דער ד י ך, אָבער ער מאַכט ניט קראַנק דאָס גאַנצע בלוט, דעם גאַנצען קערפּער. דאָס איז אין געגענזאַץ צו דעם זאָגענאַנטען הארטען אָדער סיפיליטישען שאַנקער, וועלכער איז דער אָנהויב פון דער אַלגעמיינער, קאָנסטיטוציאָנאַלער, בלוט־קראַנקהייט, די סיפילים. זעהר אָפט, נישט אימער, קאָן אַפילו אַן ערפאַהרענער ספּעציאַליסט אַם אָנפאַנג ניט אונטערשיידען דעם „ווייכען" פון דעם „הארטען" שאַנקער, ווייל דער ערשטער קאָן זיין מעהר אָדער ווייניגער הארט און דער צווייטער קאָן זיין מעהר אָדער ווייניגער ווייך. אפילו די פאַרב העלפט ניט תמיד זיי צו אונ־טערשיידען, ווייל זי איז נישט שטענדיג אַזוי פערשידען ביי ביידע שאַנקערס. נאַטירליך דערקענט מען דעם סיפיליטישען שאַנקער אַם זיכערסטען דורך דעם וואָס עס ענטוויקלען זיך נאָך איהם די סימפּ־

טאָמען פון סיפילים און טיילווייז נאָך דעם רעזולטאט פון געוויסע בלוט־אונטערזוכונגען, כאָטש דיזע זענען ניט אין גאַנצען פערלעס־ליך. מען אונטערזוכט אויך דעם אייטער אָדער א שטיקעל פון דער אויבערפלאַך פון׳ם שאנקער; דער מיקראָסקאָפּ קאָן אונז העלפען אונטערשיידען אויב ס׳איז א סיפיליטישער אָדער ניט סיפיליטישער שאנקער.

דער ווייכער שאנקער ערשיינט מעהרסטענס באַלד אָדער א פּאָר טעג נאָך דער אָנשטעקונג, צוערשט אין דער פאָרם פון א קליינער רויטונג, דאַן בילדעט זיך א זעקעלע מיט מאטעריע, וועל־כעס, זיך צערייסענדיג, מאכט די וואונד. דיזע איז פלאַך, מיט גע־נוי אומשריבענע רענדער; זי איז בעדעקט מיט מאטעריע און ארומגערינגעלט מיט א רויטקייט פון דער הויט. אויב מען האַלט זיך שמוציג, קאָן זי זיך זעהר שטארק פערשפּרייטען אין די גע־שלעכטס־טיילען; זי קאָן ווערען זעהר גרויס אָדער עס קאָנען זיך בילדען מעהרערע שאנקערס.

א סך מאָל געהן איבערגעשראָקענע יונגע לייט צום דאָקטאָר פאר א קליין בלאָטערעל אָדער א קליינע וואונד, וואס האָט גאָר ניט צו טון מיט א שאנקער. עס קאָן זיך דאָך בילדען אויף די סעקסואַלע אָרגאַנען אַן אונשולדיג בלאָטערעל וואָס זאָל ניט זיין אנדערש ווי אויף א פינגער אָדער אויף דעם פּנים! טרעפען זיי אריין צו אַן עהרליכען ארצט, זאָגט ער זיי אַז ס׳איז גאָר נישט און די היילונג איז א זעהר קורצע. פאַלען זיי אָבער אריין אין די הענד פון א מעדיצינישען באנדיט, וועמעס אנאָנסע זיי געפינען אין די צייטונגען, אויף די גאסען אָדער אין די אָבטרעטען; אָדער אין די הענד פון אירגענד אַן אנדערען סאָרט שווינדלער, — איז וועה צו זיי! דאָס בלאָטערעל ווערט אָנגערופען ווייכער אָדער סיפיליטי־שער שאנקער און זיי קריכען שוין ניט ארויס פון דער זאָגענאַנטער „בעהאנדלונג“, אזוי ווי דער שווינדלער קריכט ניט מעהר ארויס פון דעם פּאציענטען׳ס קעשענע.

דער ווייכער שאנקער דויערט פון צעהן טעג ביז א מאָנאט, אויב מען האַלט זיך ריין און ער ווערט ניט קאָמפּליצירט. ביי פרויען דויערט ער לענגער און איז שווערער צו היילען, איבער דער פערוויקעלטער אנאטאָמיע פון זייערע געשלעכטס־טיילען.

**בעהאַנדלונג.** — רייניגען די וואונד, רייניגען אלע פאַלטען פון די געניטאַל־אָרגאַנען, ניט רייבענדיג, נאָר זעהר מילד; וואַשען מיט וואַרעם וואַסער מיט אָדער אָהן זייף און מיט אַ שטיקעל וואַטען. ביי פרויען אויך איינשפּריצונגען אין דער שיידע מיט וואַרעם וואַסער. ווען דער שאַנקער געפינט זיך אין אַ פאַלט, צווישען צוויי הויטען, אַריינלעגען אָפּט שטיקלעך ריינע, אויסגעקאָכטע לייווענד אָדער גאַזע, וועלכע מען פערברענט שפּעטער. וואָס מעהר רוה; ליגען, זיצען, ווען מעגליך; וואָס וועניגער געהן; ניט אַרבייטען, אויב מעגליך, שפּעציעל ווען ס'איז אַ פוס־אַרבייט; ניט שפּרינגען, ניט טאַנצען, ניט רייטען, ניט פאָהרען אויף דעם צוויי־ראָד. זאָרגען אַז די קראַנקע טיילען זאָלען ניט געריבען ווערען. אַלקאָהאָלישע געטראַנקען און רייצענדיגע שפּייזען (זעה וואָס איז געזאָגט געוואָרען ביי גאָנאָרעע) זענען אַבסאָלוט פערבאָטען. פערמיידען יעדע סעקסואַלע אויפרעגונג. איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין טאָג אַ וואַרעם זיץ־באָד אָדער דאָס מענליכע גליד האַלטען אין אַ שיסעל מיט וואַרעם וואַסער 15 מינוט. נאָכדעם גוט אויסטרוקענען די געשלעכטס־אָרגאַנען און די וואונד, זי ניט רייבענדיג, און איבערהויפּט זי האַלטען טרוקען. מען קאָן די וואונד האַלטען טרוקען מיט געוועהנליכען ק ר אָ כ מ אַ ל־פּ ו ל ו ו ע ר (פּודער) אָדער, אויב מען וויל געברויכען אַן אַנטיסעפּטיש מיטעל, וואָס איז ניט אַבסאָלוט נויטיג, קאָן מען אָנווענדען ב אָ ר אַ ק ס־פּ ו ל ו ו ע ר. עס א י ז פ ע ר ב אָ ט ע ן: צו געברויכען אינערליך אָדער אויסערליך קוועקזילבער, צו בעהאַנדלען דעם פאַל ווי אַ סיפיליס־פאַל, צו ברענען די וואונד (זעהר זעלטען איז דאָס נויטיג. און דאָס ענטשיידעט דער דאָקטאָר), צו געברויכען פעטע שטאָפּען, אַזוי ווי זאַלבען, צו מאַכען אַן אָפּעראַציע אויסשניידענדיג דעם שאַנקער (שניידען דעם אַ ב ס צ ע ס און דער דיך איז אָפּט נויטיג און זעהר גוט.)

# סיפילים.

גענויע ערקונדיגונגען איבער דער עקזיסטענץ פון סיפילים אין די אלטע צייטען זענען ניט פאראן; אפשר איז דאס דערפאר ווייל מען האט די קראנקהייט ניט דערקענט און מען האט איהרע פערשידענארטיגע סימפטאמען געהאלטען פאר בעזונדערע קראנקהייטען און אפשר גאר ווייל זי האט ניט עקזיסטירט אין איהר איצטיגער פארם.

אין דער תורה, אין ויקרא, יה, געפינען מיר די עלטעסטע בעשרייבונג פון גאנארעע, אבער עס איז ניט זיכער אז מען האט זי דארט ניט צונויפגעמישט מיט סיפילים. דען א חוץ דעם וואס ס'איז דארט די רעד פון דער „אונריינקייט" פון „א מאן וואס האט אן אויספלוס" פון זיין פלייש, שטעהט אויך אז זיין שפייעכץ איז „אומריין" אדער אנשטעקענד, ווייל מען בעפעהלט דעם אויף וועלכען דאס שפייעכץ איז געפאלען, ער זאל זיינע קליידער וואשען און זיך באדען און ער זאל בעטראכט ווערען פאר „אומריין" ביז אין אבענד.

אין מיטעלאלטער איז סיפילים, אזוי ווי מיר פערשטעהן זי היינט, געווען אונבעקאנט. ערשט אין דער צייט פון דער גרויסער סיפילים־עפידעמיע וואס האט זיך אנגעהויבען סוף 15־טען יאהרהונדערט, בעקענט מען זיך מיט דער קראנקהייט. אין יענער צייט איז געווען א מלחמה צווישען דער פראנצויזישער ארמעע און דעם קעניגטום נעאפאל; סיפילים האט צוערשט, ווי עס שיינט, אויסגעבראכען ביי די סאלדאטען, פון וועלכע זי האט זיך פערשפרייט מיט דער צייט איבער גאנץ אייראפא. מען האט אויך בעהויפט אז זי איז געקומען אין אייראפא פון אמעריקא, פון די אינדיאנער, ווייל מען האט דענסטמאל צופעליג ענטדעקט אמעריקא. אבער דאס איז ניט זיכער; עס איז ווארשיינליך אז די אינדיאנער האבען נימז געוואוסט פון סיפילים. אזוי ווי די קראנקהייט איז ניט געווען בעקאנט, האט מען זי פערוועקסעלט מיט פּ אָ ק ע ן, און

דעריבער האָט זי אין פראַנצויזישען אַ לאַנגע צייט געטראָגען דעם נאָמען „ו ו ע ר אָ ל“, וועלכער איז עהנליך צו דעם נאָמען פון דער פּאָקען־קראַנקהייט. די דייטשען רופען זי ל ו ע ס, אַ וואָרט וואָס שטאַמט פון׳ם לאַטיינישען און הייסט: גיפט, קראַנקהייט, פּעסט. דער נאָמען „סיפילים“ קומט פון צוויי גריכישע ווערטער: „סים“, חזיר און „פילאָס“, וואָס האָט ליעב; דאָס וואָרט „סיפילים“ געפינט זיך צוערשט אין אַ פּאָעם פון פ ר אַ ־ ק אַ ס ט אָ ר, וואָס איז געשריבען געוואָרען אָנפאַנג 16־טען יאָהר־הונדערט און אין וועלכען ס׳איז די רעד פון אַ שוויין־היטער, „סי־פילאָס“. פון דאָרט איז דאָס וואָרט „סיפילים“ שפּעטער אריין אין אַלגעמיינעם לשון. נאָך אין 16טען יאָהרהונדערט האָט ו ו י ־ ג אָ אונטערשידען די גאָנאָרעע פון סיפילים, אָבער שפּעטער האָ־בען אנדערע אויטאָרען די דריי ווענערישע קראַנקהייטען פער־מישט, געהאַלטען פאַר איינע און מען האָט זיי אַלע גערופען סי־פילים. ערשט פאַר אונגעפעהר הונדערט יאָהר האָט זיי דער פראַנ־צויז ר י ק אָ ר ד גענויער אונטערשידען, האָט זיי בעשריבען און האָט בעוויזען אַ ז ז י י ג ע ה ן נ י ט א י ב ע ר א י י נ ע א י ן ד י אַנ ד ע ר ע. נאָר די ענדגילטיגע פראַגע פון דעם אונטערשיד צווישען גאָנאָרעע און סיפילים איז געקומען אין 1879 דורך דער ענטדעקונג פון׳ם ג אָ נ אָ ק אָ ק ק ו ס, וואָס איז גע־מאַכט געוואָרען פון נ י י ס ס ע ר (דייטשלאַנד). נייססער האָט געצייגט (וואָס אַלע דאָקטוירים ווייסען איצט) אַז דער גאָנאָקאָקקוס־מיקראָב איז פאַראַן ביי דער גאָנאָרעע, אָבער ניט ביי סיפילים.

**סיפילים איז אַ כראָנישע, אַנשטעקענדיגע, היילבאַרע קראַנקהייט וואָס הייבט זיך אָן מיט אַ לאָקאַלער וואונד און ווערט שפּעטער אַלגעמיין.**

פון דעם אויגענבליק פון דער אַנשטעקונג ביז צום ערשטען סמן, ביז צו דער וואונד, פערגעהן עטליכע טעג ביז עטליכע וואָ־כען, א י ן ד ו ר כ ש נ י ט צ ו ו י י וואָ כ ע ן, אָבער מאַנכמאָל נאָר צעהן טעג און זעהר זעלטען 6 ביז 8 וואָכען.

**אַנשטעקונג.** — מען שטעקט זיך אָן מיט סיפילים דורך אַ ד י ר ע ק ט ע ר ב ע ר י ה ר ו נ ג פון אַ קראַנקען וואָס ליידט פון סיפילים, דורך אַן א י נ ד י ר ע ק ט ע ר א י נ פ ע ק צ י ע

און דורך פערערבונג אָדער הערעדיטעט (ירושה).

דאָס מעהרסטע, מען קאָן זאָגען כמעט אימער, שטעקט מען זיך אָן דורך דירעקטען געשלעכטליכען פערקעהר. דעריבער הויבט זיך די קראַנקהייט אָן אין די גרעסטע מעהרצאָהל פון די פאַלען, אויף אָדער אַרום די געניטאַל־אָרגאַנען. זעלטען קאָן זיך עס אָבער טרעפען אַז דער אָנפאַנג זאָל זיין אין אַנדערע געגענדען פון׳ם קערפּער, ווייל מאַנכע מענשען האָבען אונגאַטירליכען פערקעהר אין אַנדערע געגענדען.

דורך אַ קוש פון אַ סיפיליטיקער וואָס האָט די קראַנקהייט אין מויל, קאָן די קראַנקהייט אויך איבערגעהן און דאָס איז אַ גרונד פאַר וואָס מען קאָן קריגען די ערשטע וואונד אין אַזעלכע ערטער וואָס זענען ווייט פון די סעקסואַלע אָרגאַנען.

הערעדיטער סיפיליטישע קינדער קאָנען אָנשטעקען זייערע אַמען דורך דער ברוסט, איבערהויפּט ווען די קינדער האָבען וואונדען אין מויל. דאָקטוירים און העבאַמען אינפעקטירען זייערע ניט־סיפיליטישע פּאַציענטען און פערשפּרייטען די קראַנקהייט אָדער די דאָקטוירים ווערען אָנגעשטעקט אונטערזוכענדיג און בעהאַנדלענדיג סיפיליטיקער. פון צייט צו צייט זעהט מען אַ פאַל פון סיפילים אויף אַ קינד פערורזאַכט דורך דער מילה, ביים שטילען דאָס בלוט פון׳ם פּענים, ווען דער מוהל ליידט פון סיפילים און בעריהרט דעם קינד׳ס פּענים מיט זיין מויל. ס׳איז אויך זיכער אַז דורך נאַכלעסיגקייט ביי פּאָקען־שטעלען קאָן סיפילים פערשפּרייט ווערען.

אינדירעקט קאָן מען זיך מאַנכמאָל, אָבער ניט אַזוי אָפט ווי מען פלעג פריהער דענקען, אָנשטעקען מיט סיפילים דורך אַלע געגענשטענדען וואָס דיענען אַ סיפיליטיקער און מיט וועלכע מען קאָן זיך צופעליג פערוואונדען, אָדער וועלכע בעריהרען דאָס מויל. למשל: ציגאַרען, ליולקעס, צאָהן־בערשטלעך, מעסערס, גאָפּלען, לעפעל, גלעזער, ראַזירמעסער, האַנדטיכער, קישען, קינדער׳ס קאַר־טשוקענע צוצלעך, „מעניקיור“ אינסטרומענטען, בליישטיפטען, פייפעלעך, טעלעפאָן־מונדשטיק. — מען דאַרף אָבער ניט זיין פאַ־

נאַטיש און גלויבען אַז אין יעדען פאַל קאָן מען זיך אָנשטעקען מיט אַזעלכע זאַכען.

די אינפעקציע, בעזונדערס די דירעקטע, סעקסואַלע, איז מעגליך אפילו ביי זאָנסט פּוּלקאָם געזונדע מענשען וואָס לעבען היגיעניש, ווען זיי קומען אין בעריהרונג מיט סיפיליטיקער. נאָר די היגיענע און ריינקייט היט אונז מעהר אויס און העלפט אונז די קראַנקהייט א סך לייכטער היילען. בעמערקט אַז איך זאָג אַז די אינפעקציע „איז מעגליך"; דאָס הייסט זי מוז ניט זיין, נאָר זי קאָן זיין. דאָס קאָן מען אויך זאָגען וועגען שמוציגע, ניט היגיעניש לעבענדיגע מענשען. עס פערשטעהט זיך אָבער אַז אויב מען האַלט זיך ריין, איז די הויט גאַנץ, און דאָס גיפט קאָן ניט אַזוי לייכט אַריין געהן אין קערפּער.

דאָס ספּערמאַ פון א מאַן וואָס ליידט פון א פרישער סיפילים קאָן אַריינברענגען די קראַנקהייט אין ווייבליכען אָוואולום און אַזוי זי איבערגעבען דעם קינד.

ווען מען קריגט די קראַנקהייט דורך אַן אינדירעקטער אינפעקציע, ניט ביים סעקסואַלען פערקעהר, רופט מען זי „סיפילים אינסאָנציום", דאָס הייסט די „נישט פערדיענטע סיפילים".

ווען מען האָט די קראַנקהייט איין מאָל געהאַט, קריגט מען זי שוין ניט מעהר, ד. ה. מען איז *אימון* געגען איהר. *זעהר זעלטען* איז עס מעגליך אַז מען זאָל זי קריגען א צווייט מאָל.

דאָס איז די אַלטע מיינונג פון דער מעדיצינישער פּראָפעסיע; אין די לעצטע יאָהרען זענען פאַראַן אַנדערע בעהויפּטונגען, אָבער די פראַגע פון אימוניטעט איז נאָך ניט מיט זיכערהייט געלעזט.

חיות זענען געוועהנליך, מיט ווייניגע אויסנאַהמען, אימון געגען איהר, דאָס הייסט אפילו ווען מען שפּריצט זיי איין סיפיליטיש גיפט. פון זיך אַליין, בעקומען זיי זי גאָר ניט. סיפילים איז אין גאַנצען אונבעקאַנט ביי חיות.

„ווילדע" מענשען האָבען קיין מאָל ניט די קראַנקהייט, אָבער זיי זענען ניט אימון, זיי קאָנען אָנגעשטעקט ווערען, און דאָס געשעהט טאַקע ווען מיר „ציוויליזירען" זיי, אָדער בעסער געזאָגט, ווען מיר „סיפיליזירען" זיי.

אין אַלגעמיין זענען אויך אימון די געזונדע פרויען וואָס

טראָגען אַ קינד וועלכעס איז סיפיליטיש און וועלכעס האָט גע־ירש'ט די קראַנקהייט פון'ם פאָטער.

**אַלקאָהאָליזם** מאַכט אַז מען זאָל זיך לייכטער אַנ־שטעקען, און סיפילים ביי אַן אַלקאָהאָליקער איז אַ סך געפעהרלי־כער ווי ביי מענשען וואָס טרינקען ניט קיין אַלקאָהאָל (וויין, ביער, בראַנפען). ווען מען ליידט פון שווינדזוכט קריגט מען סיפילים גיכער און אין אַ שווערע־רען גראַד, און ווען מען ליידט פון סיפילים קריגט מען שווינד־זוכט אויך גיכער און אין אַ שווערערען גראַד.

**סיפילאָפאָביאַ.** — איינע פון די ערגסטע ליידען פון אונ־זער צייט איז די סיפילאָפאָביאַ אָדער די איינבילדונג אַז מען האָט סיפילים. מעהרסטענס קומט דאָס פון אונוויסענהייט; פון ניט וויסען פון וואָס די קראַנקהייט בעשטעהט; פון ניט קאָ־נען אונטערשיידען סיפילים פון אַן אַנדערער סעקסואַלער קראַנק־הייט; פון זיך פאָרשטעלען אַז געוויסע נאָרמאַלע אָדער ניט נאָר־מאַלע, אָבער יעדענפאַלס ניט קראַנקהאַפטע, צושטענדען, זענען סי־פילים; פון ניט גלויבען אַז די פריהער שטאַטגעפונענע סיפילים איז שוין געהיילט, כאָטש מען פיהלט זיך גוט און עס איז ניט פאַ־ראַן קיין שום סימפטאָם דערפון. זעהר אָפט איז דער טרויריגער צושטאַנד פון סיפילאָפאָביאַ צו פערדאַנקען די שווינדעל דאָקטוירים וואָס רעדען איין אַז מען איז קראַנק, ווען מען איז עס ניט.

**סימפטאָמען פון סיפילים.** — מען איז געוואוינט איינצו־טיילען די קראַנקהייט אין דריי פעריאָדען, כאָטש וואָס מען קאָן זיי ניט גענוי אונטערשיידען און וואָס זיי געהן מאַנכ־מאָל איבער איינע אין די אַנדערע.

די ערשטע פעריאָדע אָדער דאָס ערשטע שטאַד־יום איז יענע צייט אין וועלכער די קראַנקהייט איז נאָך לאָ־קאַל. עס ענטשטעהט צוערשט אַ כאַראַקטעריסטישע וואונד וואָס מען רופט שאַנקער. טראָצדעם וואָס דיזער אונטערשיידעט זיך אין אַלגעמיין דורך זיין האַרטקייט און רויטקייט פון דעם זאָגע־נאַנטען ווייכען שאַנקער, איז עס זעהר אָפט שווער אָדער אונמעגליך צו זעהן אַן אונטערשיד. זעלטען בילדעט זיך מעהר ווי איין שאַנ־קער. ער געפינט זיך געוועהנליך אין אָדער אַרום די געשלעכטס־

טיילען פון מאַן אָדער פון דער פרוי, זעלטענער אויף די ליפּען, אויף דער צונג, אויף די פינגער, אויף דער הויט פון'ם קערפּער, אויף דער ברוסט פון דער פרוי. דער שאַנקער דויערט מעהרערע טעג ביז עט־ליכע וואָכען. אזוי ווי ער איז נ י ט ש מ ע ר צ ה א פ ט און מען פיהלט איהם פיעל ווענינער ווי דעם ווייכען שאַנקער, קאָן ער אמאָל פערגעהן אונבעמערקטערהייט. ווען ער היילט זיך, בלייבט געוועהנליך, אָבער ניט תמיד, איבער א סמן. די לאָקאַלע בעהאַנד־לונג איז גענוי דיזעלבע ווי ביים ווייכען שאַנקער. (זעה דיזען.)

צימליך פריה אין דער קראַנקהייט ווערען די נאַכבאַרדריזען, אין דער ד י ך,, געשוואָלען און האַרט (א ד ע נ י ט י ס). שפּעטער געשעהט דאָס אויך מיט די ד ר י ז ע ן פון אנדערע געגענדען, פון דער פעדערשטער זייט פון די עלענבויגען, די אַקסלען, דעם האַלז. אָבער דיזע שוועלונגען ט ו ע ן נ י ט ו ו ע ה און האָבען ניט די נייגונג זיך צו פערוואַנדלען אין מכות, ווי ביי די דיך־דריזען פון'ם ווייכען שאַנקער.

דאָס צווייטע שטאַדיום, וועלכעס צייגט אז די קראַנקהייט האָט זיך פערשפּרייט אין גאַנצען בלוט, קומט, אין די טיפּישע, קלאָרע, רעגעלמעסיגע פאַלען, אונגעפעהר מיט 6 וואָכען נאָך דער ערשיינונג פון'ם שאַנקער. מען קאָן יאָ אָדער נישט האָבען אביסעל פיבער, אַלגעמיינע שמערצען, מוסקעל־שמערצען, קאָפּ־וועהטאָג, שמערצען אין די ביינער, אַפּעטיטלויזיגקייט, שוואַכקייט; אָבער אָפט זענען דיזע סימפּטאָמען צו פערדאַנקען דער מורא פאַר דער קראַנקהייט. נאָר דער סמן וואָס לאָזט אונז דערקענען מיט מעהר זיכערהייט דאָס צווייטע שטאַדיום איז אַן א ו י ס ש ל א ג פון מעהר אָדער ווענינער רונדע, רויטע אָדער ראָזע פלעקען אויף דעם גאַנצען קערפּער אָדער אויף א גרויסען טייל פון איהם. די פלעקען קאָנען זיין פלאַך אָדער אביסעל אויפגעהויבען אָדער קאָנען, אויסנאַהמסווייזע, אָננעהמען אַנדערע פאָרמען. אויף דער האַנד־פלאַך און אויף די זאָילען קאָנען זיי זיין גאַנץ פערשידען, זיי קאָנען זיין שמערצהאַפט און בייסען, וועהרענד די געוועהנליכע פלעקען אויף דעם קערפּער בייסען ניט און טוען ניט וועה. עס קאָנען זיך אויך בילדען גאַנץ ווייסע קליינע פלעקען אויף דער הויט; זיי זע־נען אָפט גוט צו זעהן אויף דעם נאַקען. אין מויל, אויף די ליפּען,

אויף דער צונג, אין האלז, בילדען זיך אפט ענטצינדונגען אדער
וואונדען. דער קעהלקאפ (דאס ארגאן פון דעם קול, טיעף אין האלז)
ווערט אויך ניט זעלטען קראנק. אין די געשלעכטס־טיילען, ארום
דעם א נ ו ס (וואו די קישקע ענדיגט זיך), דארט וואו צוויי הוי־
טען בעריהרען זיך און רייבען זיך, בילדען זיך גרויע, פלאכע פער־
הארטונגען, וואס מען רופט ב ר י י ט ע ק א נ ד י ל א מ ע ן.
די ה א ר האבען א נייגונג אויסצופאלען; זיי ווערען אלגעמיין
שיטערער אדער זיי פאלען אויס שטיקלעכווייז. אבער אזוי ווי דאס
האר־אויספאלען איז א זעהר אפטע ערשיינונג ביי מענשען וואס
זענען זאנסט געזונד, זאלען ניט די לעזער דענקען אז זיי האבען
סיפילים, נאר דערפאר ווייל זייערע האר פאלען אויס. דאס האר־
אויספאלען ביי סיפילים איז א נעבען־סימפטאם און ס'איז נאר
וויכטיג אין איינעם מיט די אנדערע סמנים. די נ ע ג ע ל פון די
פינגער, די א ו י ג ע ן, די א ו י ע ר ע ן קאנען קראנק ווערען.
אין אלגעמיין בעשטעהט דאס צווייטע שטדיום בלויז פון דעם אויס־
שלאג און זעהר אפט ענדיגט זיך דערמיט די קראנקהייט. דאס
געשעהט אין מילדע, לייכטע פאלען, וועלכע זענען די מעהרצאהל.

דאס דריטע שטאדיום איז נאר פאראן אין ווייניגע פאלען.
עס קומט דאן פאר ווען די קראנקהייט האט זיך ניט געהיילט אין
דער צווייטער פעריאדע, ווען זי איז אריינגעגאנגען טיעפער און
האט ארומגעכאפט מעהרערע ארגאנען. ווען זי איז אין דער הויט
אין דריטען שטאדיום, איז זי דארט טיעפער ווי אין צווייטען שטא־
דיום. זי קאן זיך צייגען אין די ב י י נ ע ר, אין נ ע ר ו ו ע ן־
ס י ס ט ע ם, אין די ש ל י י ם־ה ו י ט ע ן (אינערליכע הויט־
טען, ווי אין מויל), אין די א י י נ ג ע ו ו י י ד ע ן אדער אינער־
ליכע ארגאנען. מעהרסטענס (ניט תמיד) איז די קראנקהייט אין
דריטען שטאדיום נ י ט א נ ש ט ע ק ע נ ד, בעזונדערס אין
די שפעטערע צייטען. אויב די סימפטאמען פון דער דריטער פע־
ריאדע ערשיינען איבערהויפט, ערשיינען זיי אין אלעגמיין אין דרי־
טען אדער פיערטען יאהר, זעלטען פריהער, אבער מאנכמאל שפע־
טער. א געוויסע פארם פון א גרויסער, ווייכער, פרעסענדיגער
וואונד פון דער דריטער פעריאדע הייסט ג ו מ מ א.

ס'איז כמעט ניטא קיין ארגאן אדער טייל פון קערפער וואס

זאָל ניט קאָנען אַמאָל (אָבער נישט עס מוז) קראַנק ווערען אין דעם דריטען שטאַדיום פון סיפילים. (פיג. 45, 46, 47, 48.)

אַלס אַ שפּעטערע פאָרם פון סיפילים ווערט נאָך צוגערעכענט אהער די קראַנקהייט וואָס מען רופט *לאָקאָמאָטאָר אַטאַקסיאַ* אָדער *טאַבעס*, וועלכע בעשטעהט אין געוויסע פאָרמען פון *לעהמונגען*, עטצ., און וועלכע קומט מעהרסטענס אין די עלטערע יאָהרען. דאָ איז ניט דער פּלאַץ זי צו בעשרייבען; זי געהערט צו די קראַנקהייטען פון *נערווען סיסטעם*. אויך אַ געוויסע *גייסטעס־קראַנקהייט*, וועלכע קומט מאַנכמאָל אויף דער עלטער (*דעמענציאַ*) ווערט צוגעשריבען דער סיפילים. אָבער נאָך אַמאָל, פערשטעהט מיך ריכטיג; דיזע קראַנקהייטען מוזען ניט פאָלגען נאָך יעדען פאַל פון סיפילים. *דענקט ניט* אז איהר *מוזט* זיי האָבען, ווייל איהר האָט געהאַט סיפילים.

**הערעדיטערע סיפילים.** — סיפילים קאָן איבערגעהן אויף דעם קינד מעהרסטענס ווען די עלטערען אָדער איינער פון זיי האָט די קראַנקהייט אין צווייטען שטאַדיום. וואָס שוואַכער די קראַנקהייט איז ביי די עלטערען, דאָס שוואַכער איז זי ביים קינד. דער מאַן קאָן זיין פרוי אָנשטעקען אָדער ער קאָן איבערגעבען די קראַנקהייט דעם קינד און ניט אינפעקטירען די מוטער. אין די מעהרסטע פאַלען שטאַרבען די פרוכטען פון אַ סיפיליטישען פאָטער אָב און די פרוי איז *מפּיל*. אויב דאָס קינד ווערט געבוירען אין צייט און לעבט, צייגען זיך די סמנים נאָך 3 אָדער 4 וואָכען. סיפילים געהט איבער בלויז אויף דעם צווייטען דור; קיינמאָל אויף דעם דריטען. — די הערעדיטערע סיפילים קאָן זיין זעהר לייכט אָדער זעהר געפעהרליך. זי קאָן זיך היילען אין אַ קורצער צייט אָדער עס נעהמט יאָהרען־לאַנג. מען קאָן זאָגען, אויב דאָס קינד לעבט ביז אונגעפעהר צום 15־טען יאָהר און איז געזונד, וועט עס שפּעטער שוין ניט צייגען קיין סימפּטאָמען. אין די ערשטע חדשים פון'ם לעבען קאָנען זיך צייגען אויסשלאַגען אויף דער הויט; אָבער אויך אַנדערע, כמעט אַלע, אָרגאַנען קאָנען אין אַ פערשיעדענעם גראַד קראַנק זיין. עס קאָן זיך טרעפען אז אַ קינד פון סיפיליטישע עלטערען זאָלען געבוירען ווערען גאַנץ געזונד. — געווי־

סע כאַראַקטעריסטישע סימפּטאָמען ערלויבען אונז אָפט צו דערקענען הערעדיטערע סיפילים ביי קינדער, ווען אַלע אַנדערע שפּורען זענען פערשוואונדען; סמנים אין די אויגען, אין די אויערען און בעזונדערס אַ געוויסע אונריכטיגע אויסבילדונג פון די ציינער. (פיג. 49, 50.)

**דיאַגנאָזע.** — כדי די קראַנקהייט ריכטיג צו בעהאַנדלען, מוז מען זיין זיכער אַז ס'איז סיפילים. מען דערקענט די קראַנקהייט, אויב מען האָט איבונג, דורך די אויבענבעשריבענע סמנים. אָבער ס'איז ניט תמיד לייכט. וואו מען איז אין צווייפעל קאָן מען זיך מאַנכמאָל אויסהעלפען מיט די מאָדערנע אונטערזוכונגס־מעטאָדען; איך זאָג „מאַנכמאָל", ווייל זיי פערפיהרען אונז ליידער אַמאָל. אָט זענען זיי: 1) די מיקראָסקאָפּישע אונטערזוכונג, וועלכע ציינט אונז דעם טרעפּאָנעמאַ פּאַללידום, אָדער ווי מען רופט איהם אויך, ספּיראָקעטאַ פּאַללידאַ, אַ זעהר קליין לעבעדיג וועזען, אַ פּאַראַזיט, וועלכער געפינט זיך אין בלוט און אין די וואונדען פון די קראַנקע. 2) די וואַססערמאַן־נאָגוטשי רעאַקציע, אַ געוויסע פּראָבע מיט דעם בלוט פון דעם קראַנקען. אין אַ סך פאַלען העלפט זי אונז ווירקליך ענטשיידען אויב אַ קראַנקער האָט סיפילים אָדער ניט; אָבער אָפט איז זי ניט פערלעסליך. אין ניו יאָרק מאַכט די באָרד אָף העלטה (געזונדהייטס־אַמט) די וואַססערמאַנן אונטערזוכונג אומזוסט.

פערהיטונג פון סיפילים. — די בעסטע פערהיטונג איז אויסצומיידען פּראָסטיטוציע. דער קאָנדאָם אָדער גומי־פּראָטעקטאָר קאָן האָבען אַ פערהיטענדיגע ווירקונג, אָבער מען קאָן זיך אויף איהם ניט תמיד פערלאָזען. מען האָט געראָטען דאָס גליד אָנצושמירען וואָס שנעלער נאָך דעם פערקעהר מיט קאַלאָמעל זאַלב (33 פּראָצענט) אָדער מיט דער גרויער קוועקזילבער (מערקור) זאַלב, וועלכע יעדער דראָגיסט פערקויפט. אַ קליין ביסעל איז גענוג. מען האָט אויך קאָמבינירט ביידע „פערהיטונגס־מיטלען", פאַר גאָנאָרעע (זעה זייט 239) און פאַר סיפילים, אין איין מעדיקאַמענט און מען פערקופט עס אין טוב־פאָרם.

אין דער אַמעריקאַנער אַרמעע הייסט מען די סאָלדאַטען, באַלד

נאָך דעם פּערקעהר, זיך וואַשען דאָס גליד מיט זייף און מיט וואַסער, דערנאָך זיך איינשפּריצען מיט אַרגיראָל, און זיך איינרייבען די זאַלב. און די מעדיצינישע אַרמעע אויטאָריטעטען בעהויפּטען אַז דער פּראָצענט ווענעריש קראַנקע איז בעדייטענד אַראָב געשטיגען צווישען סאָלדאַטען זינט דיזע מעטאָדע איז איינגעפיהרט געוואָרען. כאָטש איך בין אין דער בעציהונג סקעפּטיש, איז עס שווער צו צווייפלען אין דער גענענוואַרט פון אַזאַ בעהויפּטונג.

בעהאַנדלונג. — ביי אַזאַ שווערער קראַנקהייט מיט אַזוי פיעלע און פערשידענע סימפּטאָמען, וואָס זענען אַזוי פערשידענאַרטיג ביי יעדען קראַנקען, דאַרף מען זיין זעהר פאָרזיכטיג מיט דער בעהאַנדלונג. איך בין איבערצייגט אַז מאַנכע פאַלען ווערען פאָלקאָם אויסגעהיילט אָהן אַ בעהאַנדלונג, אָבער לײדער ניט אַלע. איך ראָט נאַטירליך קיינעם ניט זיך אַליין צו בעהאַנדלען. — די דיעטע איז דיזעלבע ווי ביי גאָנאָרעע. די אויפפיהרונג אויך דיזעלבע. ווען די קראַנקהייט איז אַרוים פון די ערשטע סימפּטאָמען און האָט זיך בערוהיגט, איז עס וויכטיג מען זאָל האָבען גענוג לופט, מען זאָל זיך יעדען טאָג באָדען, מען זאָל זיך גוט ערנעהרען, אָבער ניט איבערעסען; רוה, ריינקייט, קיין געשלעכטליכען פערקעהר און קיין אויפרעגונג, קיינע רייצענדיגע שפּייזען און געטראַנקען. די אָפיציעלע מעדיקאַמענטעזע בעהאַנדלונג בעשטעהט פון *לאָקאַלע* מיטלען, ווען נויטיג, און פון *אַלגעמיינע* מיטלען. זייט הונדערטער יאָהרען בעהאַנדעלט מען סיפיליס מיט *קוועקזילבער* אין אַלע זיינע פאָרמען; מען בעהויפּט אַז מען האָט דערמיט ערפאָלג, נאָר מיט דער בעדינגונג ניט צופיעל דערפון און עס ניט דורך דעם מויל צו געבען. אָבער אַ סך מאָל האָט מען דאָס מיטעל פערוואָרפען, אַלס זייענדיג שעדליך. נו, ס'איז אמת אַז קוועקזילבער און זיינע צוזאַמענזעצונגען זענען שטאַרקע גיפטען; זיי קאָנען אונז פּלעצליך אָדער לאַנגזאַם קראַנק מאַכען. געוויסע אויטאָריטעטען האָבען בעהויפּט אַז קוועקזילבער ברענגט העראָפּ אין אונז דיזעלבע סימפּטאָמען וואָס מיר רעכענען אויס ביי דער סיפיליס און אַנדערע געהן גאָר אַזוי ווייט אַז זיי האַלטען דאָס מיטעל פעראַנטוואָרטליך פאַר דער קראַנקהייט. איך וויים אָבער פון ערפאַהרונג אַז דאָס איז איבערטריבען; אמת,

די אונוויסענהייט און גלײַכגילטיקייט פון מאנכע דאָקטוירים איז שולדיג אין דעם ליידען און טויט פון טויזענדער מענשען דורך דער אונריכטיגער אַנווענדונג פון קוועקזילבער; אָבער איך ווייס גאַנץ בעשטימט אז די סימפּטאָמען פון סיפילים ערשיינען אָהן קיין שום בעהאנדלונג, אָהן קיין שום איינפלוס פון קוועקזילבער.

וואָס אנבעלאנגט ע ה ר ל י ך'ס ס א ל ו א ר ס א ן אָ ד ע ר 606 און דאָס נייערע נ ע אָ־ס א ל ו א ר ס א ן, ענטהאלט עס אויך א שווערען גיפט, א ר ס ע נ י ק און עס האָט שוין ביז איצט א סך שאָדען, אָבער אויך א סך נוצען פערורזאכט. אזוי וועניגסטענס זאָגען די ספּעציאליסטען אין די מעדיצינישע זשורנאַלען און ביכער.

מען קאָן זאָגען אז די גרעסטע צאָהל דאָקטוירים זענען אָנהענ־גער דערפון, אָבער עס האָט אויך זיינע געגנער, צום ביישפּיעל דער פראנצויזישער פּראָפעסאָר ג אָ ש ע, דער בערלינער פּאָליציי דאָקטאָר ד ר ײ ז ו, ו ו א ס ס מ א נ ן, דער רעדאקטאָר פון דער פראנקפורטער וואָכענשריפט „פּרייגייסט" און אנדערע.

סאלווארסאן ווערט איצט געברויכט צוזאמען מיט קוועקזילבער אין דער בעהאנדלונג פון סיפילים. נאטירליך האָט עס ניט קיין זין צו רעדען מיט מעהר איינצעלהייטען איבער אזא שווערער זאך ווי די בעהאנדלונג פון סיפילים, אין א בוך פאַר געוועהנליכע לעזער. אויך איז דאָ ניט דאָס פּלאַץ וואו דער ווערט פון די בעהאנדלונגס מעטאָדען קאָן דיסקוטירט ווערען. ווי איך האָב שוין געזאָגט אין קאַפּיטעל איבער דער בעהאנדלונג פון גאָנאָרעע, איז דער צוועק פון דיזען בוך צו לערנען די לעזער הויפּטזעכליך די פערהיטונג פון וועגערישע קראנקהייטען און זיי בעקאנט צו מאכען מיט דעם געשלעכטס־לעבען.

מען הערט געוועהנליך אין פּובליקום זאָגען אז די בעהאנדלונג פון סיפילים איז א זעהר לאַנגע, אז זי מוז נעהמען 3 ביז 4 יאָהר. דאָס מוז מען אָבער אזוי פערשטעהן:

אין א לייכטען פאַל דויערט די בעהאנדלונג נאָר עטליכע מאָ־נאטען, נאָך וועלכע מען דאַרף קומען צום דאָקטאָר איין מאָל אין 3—4 חדשים כדי ב ל ו י ז ב ע אָ ב א כ ט צו ווערען. אויב קיין סמנים ערשיינען ניט אין 3 יאָהר צייט, איז מען געהיילט.

די שווערערע פאַלען, וואו מען דאַרף מעהר בעהאַנדלונג, זענען אַ סך זעלטענער ווי די לייכטע.

די דאָקטוירים ענטשיידען איצט וועגען דער ווייטערדיגער אַנטי־סיפיליטישער בעהאַנדלונג נאָך דעם רעזולטאַט פון דער *וואַססערמאַנן בלוט*־אונטערזוכונג; אויב דיזע איז *פּאָזיטיוו* (עס זענען פאַראַן 4 גראַדען פון „פּאָזיטיוו"), הייסט עס אַז מען מוז די בעהאַנדלונג פאָרטזעצען; אויב זי איז *נעגאַטיוו* און בלייבט נעגאַטיוו נאָך איינינגע אונטערזוכונגען אין פערלויף פון עטליכע מאָנאַטען, איז מען געהיילט און מען דאַרף ניט מעהר קיין בעהאַנדלונג. עס איז אָבער אַ פעהלער זיך אין גאַנצען אויף דער וואַססערמאַנן פּראָבע צו פערלאָזען, ווייל מיר ווייסען אַז אין מאַנכע פאַלען, ווי פיעל מען זאָל ניט בעהאַנדלען, בלייבט די פּראָבע דאָך פּאָזיטיוו, כאָטש דער קראַנקער פיהלט זיך שוין פון לאַנג געזונד און ציינגט קיין שום סימפּטאָם פון דער קראַנקהייט זינט אַ לענגערער צייט. אין אַזעלכע פאַלען וואו די בלוט פּראָבע בלייבט פּאָזיטיוו טראָץ יעדער בעהאַנדלונג, מוז מען אין בעטראַכט נעהמען דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון דעם קראַנקען, כדי איהם ניט צו שאַדען דורך צו פיעל בעהאַנדלונג. אויב ער איז געזונד און ציינגט קיין שום סמן פון סיפילים אין אַ לענגערער צייט, זאָל מען האָבען דעם מוט די בעהאַנדלונג צו אונטערברעכען. ווייל, אויב מען טוט דאָס ניט אין צייט, בלייבט דער אַזוי אויך שוין דערשראָקענער קראַנקער שטענדיג מיט דעם גלויבען אַז ער איז אונקורירבאַר, וועלכער גלויבען איז אָפט שעדליכער ווי די סיפילים.

## געשלעכטס לייז.

דאָ איז דער פּלאַץ אין קורצען צו דערמאָנען די פּאַראַזיטען וואָס לעבען אויף דער האָריגער הויט פון דער געשלעכטס געגענד ביי מאַנכע מענער און פרויען. דאָס זענען געשלעכטס־לייז. אָפט פערמעהרען זיי זיך אַזוי פיעל אַז זיי שטייגען ארויף און ארונטער אויף אַלע טיילען וואו האָר איז פאַראַן און וועלכע זענען צוגעדעקט פון די קליידער: די ברוסט, די פּאַכוועס, די פיס.

זיי בייסען, רייצען די הויט און מאַכען זי קראַנק.

זיי קומען פון אָנשטעקונג, געוועהנליך ביי דער בעריהרונג אין דער צייט פון דעם סעקסועלען פערקעהר.

מעהרסטענס ברענגט מען זיי פון פּראָסטיטואירטע, וועלכע קריגען זיי פון מענער וואָס האָבען זיי געקראָגען פון אַנדערע פּראָסטיטואירטע.

מען קאָן פון די געשלעכטס-לייז פּטור ווערען דורך אַ בעהאַנדלונג מיט אַ צומישונג פון האַלב פּעטראָלעאום (קעראָסין אָיל) און האַלב בוימעל אויף דער הויט.

עס זענען אויך פאַראַן אַנדערע בעהאַנדלונגס-מיטלען.

### אכטע אבטיילונג:

## פרויען קראַנקהייטען.

כאָטש וואָס מען שטעלט זיי געוועהנליך ניט אריין אין די סעקס ביכער, האַלט איך עס פאַר פּאַסענדיג דאָ צו זאָגען עטליכע ווערטער איבער די קראַנקהייטען וואָס מען רופט אָן מיט דעם נאָמען „פרויען קראַנקהייטען" אָדער גינעקאָלאָגישע קראַנקהייטען. דאָס זענען אַלע קראַנקהייטען פון די געשלעכטס אָרגאַנען פון דער פרוי אין יעדען אַלטער.

וועגען די ענדערונגען וואָס די גאָנאָרעע, דער ווייכער שאַנקער און די סיפיליס פּראָדוצירען אין די ווייבליכע סעקסואַל אָרגאַנען איז שוין אויבען גערעדט געוואָרען. דעריבער דערמאָן איך זיי דאָ נאָר וועניג.

אָט איז אין קורצען אַ ליסט פון גינעקאָלאָגישע קראַנקהייטען און אַנאָמאַליען; מעהר איבער זיי רעדען איז ניט נויטיג אין אַזאַ בוך.

ענטצינדונג פון דער וואולווא.

קאָנדילאָמען, — אַזעלכע אָנוואַקסונגען אויף דער וואולווא, דורך גאָנאָרעע אָדער סיפיליס.

אַבסצעסען אין די דריזען פון דער וואולווא.

קאַרונקעל, אַ קליין, רויט געוויקס ביים איינגאַנג אין דער אורעטהראַ; פערורזאַכט שמערץ ביים אורין לאָזען. די בעסטע בעהאַנדלונג איז, עס צו לאָזען אַוועקשניידען.

ענטצינדונג פון דער שיידע, דורך גאָנאָרעע אָדער דורך אַנדערע אורזאַכען; מעהרסטענס בעהאַנדעלט דורך איינשפּריצונ־גען און דורך אַנדערע מיטלען, וואָס מוזען בעשטימט ווערען פון דעם דאָקטאָר.

צורייסונגען פון דער שיידע, מעהרסטענס איבערגע־בליבען נאָך ענטבינדונגען. אויב די צורייסונג איז ניט ביי דער ענטבינדונג אָדער אַ קורצע צייט שפּעטער צוגענעהט געוואָרען, און אויב זי פערורזאַכט לײדען, איז אַן אָפּעראַציע נויטיג.

די לאַגע פערענדערונגען פון דער געבערמוטער קומען מעהרסטענס דורך ענטבינדונגען, דורך אונגעניגענדער רוה נאָך די ענטבינדונגען, דורך צו פיעלע ענטבינדונגען און דורך פערשטאָפּונג. נאָר דאַן ווען זיי פערורזאַכען טאַקע ווירקליך ליידען און ווען די געבערמוטער איז דורך זיי צוגעוואַקסען צו אַן אונריכטיגען אָרט, און נאָר ווען קיין שום אַנדער בעהאַנדלונג העלפט ניט, זאָל מען זיי לאָזען אָפּעריערן. — מאַסאַזש, אינערליכער און אויסערליכער, קאָמבינירט, דאָס הייסט מיט איין האַנד אין דער שיידע, אויף דער געבערמוטער, און מיט דער אַנדערער האַנד דרויסען, אויף דעם בויך, קאָן אָפט זעהר פיעל העלפען, אויב דער מאַסאַזשיסט איז זעהר געשיקט. — מאַנכע דאָקטוירים איבערטרייבען אָפט די וויכטיגקייט פון די לאַגע פערענדערונגען פון דער געבערמוטער און בעשולדיגען זיי אין ניט עקזיסטירענדיגע קראַנקהייטען. זעהר אָפט ווערען די סימפּטאָמען פון כראָנישער פערשטאָפּונג פערוועקסעלט מיט די פון די לאַגע פערענדערונגען פון דער געבערמוטער. אין אַזעלכע פאַלען וואָלט מען דער פרוי אַם בעסטען געהאָלפען ווען מען לערנט זי ווי אַזוי צו לעבען כדי איהר פערשטאָפּונג אויסצוהיילען. דעריבער זעהן מיר אַז סיי וויפיעל מען בעהאַנדעלט אָדער אָפּערירט אַזעלכע פרויען, בלייבען זיי קראַנק, ווייל זיי בלייבען פערשטאָפּט. אַ סך פון די דאָזיגע לאַגע פערענדערונגען זענען אויך צו פערדאַנקען די קליידער פון דער פרוי, איהרע שפּיציגע שיך מיט די הויכע קנאָפּעל, ווי אויך דעם קאָרסעט, וועלכע ענדערען דירעקט און אינדירעקט די פּאָזיציע פון די אינערליכע אָרגאַנען.

אויף מאַנכע עמפּינדליכע פרויען וואָס זענען גענייגט צו איינבילדונגען און איינרעדענישען, האָט די ריכטיגע אָדער אונריכטיגע דיאַגנאָזע פון „לאַגע פערענדערונג", נאָך פּאָרענט אָדער נאָך ריקווערטס, אַ זעהר שלעכטע ווירקונג. זיי שטעלען זיך שוין פאָר אַז עפּיס שרעקליכעס איז געשעהן אין זייער קערפּער און ליידען דורך דער מורא מעהר ווי דורך דער קראַנקהייט.

אין געוויסע פאַלען פון לאַגע פערענדערונגען לעגען די דאָקטוירים אריין אין דער שיידע אַ פּעסאַר, אַזאַ מין אַפּאַראַט וואָס האַלט די געבערמוטער אין דער געווינשטער לאַגע. וואו נאָר

מעגליך, זאל מען דאס פערמיידען. אויב מען מוז דאס טראגען, זאל מען עס פון צייט צו צייט לאזען ארויסנעהמען און עס רייניגען, ווייל זאנסט פערורזאכט עס קראנקהייטען.

דער **פארפאל** אדער **פראלאפס** פון דער **גע־בערמוטער** (אדער פון דער וואנד פון דער **שיידע**, אדערביידע אין איינעם) איז אויך א לאגע פערענדערונג; אבער אין דעם פאל ליגט די געבערמוטער אונטען ביים איינגאנג, אדער זאגאר אין דער וואולווא און קאן אפילו פערוואונדעט ווערען דורך רייבונג ביי בעוועגונגען. די סימפטאמען זענען שטערונגען ביים געהן, לאקאלע אדער אלגעמיינע שמערצען. **פעסארען** זענען ניט צו רעקאמאנדירען ווען אן **אפעראציע** איז מעגליך. דער פראלאפס איז אויך זעהר אפט א פאלגע פון ענטבינדונגען און פון אונגעניגענדער רוה נאך ענטבינדונגען.

אקוטע און כראנישע **ענטצינדונגען** פון דער **געבערמוטער** און פון דער געבערמוטער **עפענונג**, דורך פערשידענע אורזאכען. די בעהאנדלונג איז נאך דער אורזאך.

**צורייסונגען** פון דער **געבערמוטער עפע־נונג**, דורך ענטבינדונגען. מאנכמאל איז אן אפעראציע נויטיג.

דער **ווייסער אויספלוס** (**לעוקארעע**) קאן זיין א פאלגע פון אן **ענטצינדונג אין דער געבערמוטער** אדער פון אן אלגעמיינער **שוואכקייט** פון דעם קערפער. דער אויספלוס קאן אויך ווערען אן אורזאך פון אלגעמיינער שוואכקייט. ניט צו פערוועקסלען מיט דעם אויספלוס דורך גאנארעע!

**אביסעל** ווייסער אויספלוס איז ניט שעדליך און ווערט אפט פראדוצירט אהן קיין שום קראנקהייט.

די בעהאנדלונג מוז זיין אן אלגעמיינע און א לאקאלע. מען דארף בעסערען דעם אלגעמיינעם צושטאנד פון דער קראנקער. רוה, ריכטיגע ערנעהרונג, נארמאלער שטולגאנג, פערמיידען פון סעקסוא־לע אויפרעגונגען. פערקעהר איז ערלויבט, א חוץ ביי זעהר פיעל ווייסען אויספלוס. לאקאל: **איינשפריצונגען** אין דער שיידע.

**געוויקסען, טומארען** פון דער **געבערמו־**

ט ע ר. מאַנכע אונשעדליכע, ווי מ י אָ מ ע ן, אָדער פ י ב ר אָ מ ע ן; מאַנכע זעהר געפעהרליכע, ווי דער ר אַ ק אָדער ק ר ע ב ס. מעהרסטענס איז אַן אָ פּ ע ר אַ צ י ע נויטיג; און וואָס פריהער, דאָס בעסער.

ב ל ו ט ו נ ג ע ן נאָכדעם ווי די רעגעל האָט שוין זייט אַ לאַנגער צייט, זייט יאָהרען, אויפגעהערט, ביי עלטערע פרויען, נאָך 50 אָדער 60 יאָהר, ז ע נ ע ן פ ע ר ד ע כ ט י ג א ו י ף אַ ק ר ע ב ס! אין אַזאַ פאַל, ניט פערלירען קיין צייט און באַלד געהן צון אַ דאָקטאָר!

אַ מ ע נ אָ ר ר ע ע, — קיין רעגעל ביי יונגע פרויען וואָס דאַרפען האָבען די פּעריאָדע, קאָן זיין: 1) איינגעבוירען: ביי אַלגעמיינעם מאַנגעל אַן ענטוויקלונג און די געשלעכטס אָרגאַנען אונענטוויקעלט. 2) ערוואָרבען: דורך אַלגעמיינע שוואַכקייט, פ ע ט ל י ב י ג ק י י ט, גייסטיגע מידקייט, יסורים, זאָרגען און אַנדערע אבנאָרמע צושטאַנדען. — די בעהאַנדלונג איז נאָך דער אורזאַך, אָבער מעהרסטענס איז זי אָהן ערפאָלג.

א ו נ ר ע ג ע ל מ ע ס י ג ע מ ע נ ס ט ר ו אַ צ י ע ס, צום ביישפּיעל, איין מאָל אין עטליכע מאָנאַטען אָדער איינינע מאָל אין איין מאָנאַט. אויב מען געפינט ניט קיין שום קראַנקהייט אַלס אורזאַך דערפון, איז אַם בעסטען גאָר ניט צו טון. אָפטמאָל וועט אַן אַלגעמיינע בעהאַנדלונג, קרעפטיגונג, רוה, רעגולירונג פון שטולגאַנג, פערמיידען פון סעקסואַלער אויפרעגונג, זעהר פיעל העלפען.

מ ע נ אָ ר אַ ג י ע אָדער צו שטאַרקע מענסטרואַציעס, צו פיעל בלוט. די אורזאַכען זענען אַלגעמיינע און לאָקאַלע: אַלגעמיינע שוואַכקייט, שווינדזוכט, האַרץ קראַנקהייט, צו פיעל אַרבייט, צו וועניג רוה, אויך צו פיעל רוה, צו פיעל סעקסואַלע אויפרעגונג אָדער קראַנקהייטען פון די געשלעכטס אָרגאַנען. די בעהאַנדלונג איז נאָך דער אורזאַך. אין דער צייט פון דער רעגעל, ר ו ה.

ד י ס מ ע נ אָ ר ע ע, שמערצהאַפטע מענסטרואַציע. די אורזאַכען זענען ווידער אַלגעמיינע און לאָקאַלע. אָפט איז די עפענונג פון דער געבערמוטער אַזוי ע נ ג אַז דער דורכגאַנג פון דעם בלוט פערורזאַכט שמערצען. — אין דער צייט פון דער מענסטרואַ־

ציע איז רוהע אין בעט זעהר נויטיג; אויף ווארעמע אומ־שלאגען אויף דעם בויך. — א חוץ דעם, ריכטעט זיך די בעהאנדלונג נאך דער אורזאך.

פאליפען, א מין אונשולדיגע געוויקסען אין דער געבערמוטער, קאָנען פערורזאכען בלוטונגען.

אייערשטאָק ענטצינדונג.

טומאָרען אָדער געוויקסען פון די אייערשטעק.

ציסטען אָדער געוויקסען פון זעק פול מיט פליסיגקייט, אויף דעם אייערשטאָק.

ענטצינדונגען פון די טובען.

ענטצינדונגען אין בעקען.

**אין אלגעמיין וויל איך נאך זאגען אז אין אונזער צייט ווערען די פרויען צו אָפט אָפערירט; און ניט זעלטען דורך דעם פערקריפעלט. עס זעהט אויס אז זיי זענען אליין זעהר געניינט אָפערירט צו ווערען. עס וואָלט גוט געווען, ווען אי זיי, אי די כירורגען וואָלטען זיך א סך מעהר איבערגעלעגט ווי זיי טוען עס היינט־צו־טאָג, איידער אן אָפעראציע דארף געמאכט ווערען, גלייכגילטיג צו עס איז אן אויסקראצונג אָדער אן אויס־דעהנונג פון דעם געבערמוטער קאנאל,— אָדער אן אויסשניידונג פון אן אייער־שטאָק. יעדע אונניטיגע אָפעראציע, ווי לייכט זי זאָל ניט זיין, איז א פער־ברעכען!**

נ י י נ ט ע  אָ ב ט י י ל ו נ ג :

# נערוועזע אַנאָמאַליען

## סעקסואַלע נעוראַסטעניע.

די אונריכטיגע געשלעכטליכע ערציהונג; דאָס אבנאָרמע סעקסואַלע לעבען אין דער קינדהייט, אין דער יוגענד, אין דער הייראַט; די פערדאָרבענהייט, דער פיזישער און מאָראַלער שמוץ אין געשלעכטס לעבען: די שטענדיגע צוריקהאַלטונג; די מורא פאַר ווענערישע קראַנקהייטען; די אָפטע אויפרעגונגען אָהן בעפרידיגונג; דער איינפלוס פון די שווינדעל דאָקטוירים און פון זייער אָבטרעט ליטעראַטור און, מעהר ווי אַלץ, די גרויסע אונוויסענהייט אין סעקס זאַכען, דורך וועלכער די בעגריפען ווערען פערוועקסעלט, דורך וועלכער אַלעס ווערט איבערטריבען, אָדער גאָר פערקעהרט, איגנאָרירט, — די אַלע אורזאַכען ברענגען הערפאָר ביי א סך מענשען פון ביידע געשלעכטער, א מח צושטאַנד וואָס מען קאָן אָנרופען „סעקסואַלע נעוראַסטעניע“.

די וואָס ליידען דערפון פיהלען זיך אומגליקליך אָהן א ווירקליכער אורזאַך, האַלטען זיך פאַר קראַנק כאָטש וואָס אין זייער קערפער איז ניטאָ דער קלענסטער סמן פון א קראַנקהייט, בעטראַכטען זיך שטענדיג גלייך ווי ס'איז ניטאָ עפּיס אַנדערש צו זעהן אויף דער וועלט ווי זייער קערפּער, בעמערקען יעדע קלענסטע איינצעלהייט וואָס זיי געפינען אויף זיך און געבען איהר א זעהר גרויסע בעדייטונג, האַלטען זיך פאַר גרונד פערשידען פון אַלע אַנדערע מענשען און דענקען געוועהנליך אז זיי זענען די זינדיגסטע פון אַלע. זיי געהן אַרום טרויריג, זענען ניט אימשטאַנד צו אונטערנעהמען קיין שום אַרבייט, אָדער טוען אַלעס מיט פערדרוס אָדער מיט גלייכגילטיגקייט.

די איינציגע בעהאַנדלונג און רעטונג פאַר זיי איז א געזונדע ווידער־ערציהונג, א גרינדליכע אומענדערונג פון זייער דענקען, אַן אויפקלערונג איבער דעם ווירקליכען אמת וועגען דעם געשלעכטס לעבען. אויב דאָס איז ניט מעגליך, זענען זיי פערלוירען. א חוץ דעם איז נויטיג זיי צו לערנען ווי אַזוי צו לעבען פיזיש נאָרמאַל און

ראַציאָנאַל. דאָס הייסט, זיי דאַרפען האָבען אַ גייסטיגע היגיענע און אַ קערפערליכע היגיענע, וועלכע זאָל זיך צופּאַסען צו זייער אינדיווידואליטעט.

## פריידֿ'ס טעאָריען.

נאָר אין איניגע ווערטער וויל איך דאָ אָנדייטען דר. פריידֿ'ס טעאָריע פון דעם בעהאַלטענעם בעוואוסטזיין.

אַ סך לייכטע און שווערע גייסטעס קראַנקהייטען אָדער צושטאַנדען וואָס זענען ביי דער גרעניץ צווישען געזונד און קראַנקהייט, ווערען פערורזאַכט דורך פעהלערען אין דער סעקסואַלער ספערע, אָנגעפאַנגען פון די יונגסטע יאָהרען. צווישען דיזע קראַנקע קאָן מען אַריינרעכענען די סעקסואַלע נעוראַסטעניקער פון וועלכע ס'איז געווען די רעד אין לעצטען קאַפּיטעל.

אויב עס געלינגט צו בעווייזען אַזאַ מין קראַנקען די קוועלע פון זיינע אילוזיעס, פאָרשטעלונגען, איינרעדענישען, איינבילדונגען, קאָן ער, אין אַ סך פאַלען, אַזוי קאָריגירען זיין דענקען, אַז ער זאָל געזונד ווערען.

כדי אָבער אי אויסצוגעפינען די דאָזיגע קוועלע, אי זי אָנצוצייגען דעם קראַנקען, מוז מען זי קאָנען ענטדעקען. דאָס איז זעהר שווער, ווייל די טיעפסטע געדאַנקען פון יעדען מענשען זענען בעהאַלטען, און מעהרסטענס אַזוי אַז ער אַליין קען זיי נישט, אַז ער אַליין ווייסט פון זיי נישט.

די געדאַנקען וואָס ער קען יאָ, זענען אין זיין בעוואוסטזיין; די איהם אונבעקאַנטע, זענען פערדעקט, זיי זענען *אונטער זיין בעוואוסטזיין* אָדער אין *יענער זייט* פון דעם בעוואוסטזיין.

די אונבעוואוסטע געדאַנקען קומען אָבער אַרויס אין די אויגענבליקען אין וועלכע דאָס בעוואוסטזיין איז אָבגעשוואַכט אָדער אָהנמעכטיג, ווען דער בעוואוסטער ווילען איז פערווישט; די אונבעוואוסטע געדאַנקען קומען אַרויס ווען זיי ווערען פריי פון דער קאָנטראָלע און פון דער בעהערשונג פון די בעוואוסטע. *דאָס געשעהט אין דער צייט פון חלום*, ווען מען שלאָפט.

גאַנץ קליינע קינדער האָבען זיך נאָך ניט געלערענט געוויסע געדאַנקען צו אונטערדריקען און זיי צו האַלטען אונטער דעם בעוואוסטזיין. דעריבער זאָגען זיי אַרויס זאַכען און שפּרעכען אויס ווינשען וואָס דערוואַקסענע, אפילו ווען זיי ווילען דאָסזעלבע, בעהאַלטען וואָס טיעפער. אָבער אין חלום זאָגט אויך דער דערוואַקסענער מענש אַרויס די אונבעוואוסטע געדאַנקען, מאָלט ער זיך אויך די בילדער וואָס ער וויל זאָלען פערווירקליכט ווערען, מאַכט ער דאָס אונמעגליכע מעגליך, ווייל זיין בעוואוסטזיין שטערט איהם דאָרט נישט, האַלט איהם ניט מעהר אונטער זיין קאָנטראָלע.

נאָך פרייד, שפּיעלט דער סעקס אינסטינקט די וויכטיגסטע ראָלע אין די קאָנפליקטען צווישען דעם וואָס מען ווינשט און דעם וואָס קאָן פערווירקליכט ווערען. דעריבער זאָל אויך, נאָך פרייד, דער סעקס אינסטינקט זיין די הויפּט אורזאַך פון די אָפטעסטע אַבנאָרמע גייסטעס צושטאַנדען, ניט אַריינרעכענענדיג די גייסטעס קראַנקהייטען וואָס קומען פון דירעקטע פערענדערונגען פון דעם שטאָף פון׳ם נערווען סיסטעם.

עס פערשטעהט זיך אַז די געשעהענישען אין די חלומות זענען גאַנץ אונאַבהענגיג פון דעם וואָס מען רופט אָן „דעם ווילען", אונאַבהענגיג פון דעם ווילען פון דעם בעל החלום ווען ער איז וואַך און סיי וואָס עס זאָל דאָרט ניט פּאַרקומען איז ער ניט שולדיג אין דעם.

חלומות זענען די רעזולטאַטען פון דער אַרבייט פון׳ם געהירן, וועלכעס, ווי עס שיינט, הערט ניט אויף צו אַרבייטען אין שלאָף, גלייכגילטיג צו מיר דערמאָנען זיך צו נישט אין די חלומות.

אַלע חלומות האָבען אַ געוויסע בעדייטונג, אָבער ניט אין דעם זין פון די אַבערגלויבענס אָדער פון דער תורה; זיי זענען ניט קיין נביאות; זיי געבען נאָר איבער דאָס וואָס עס קומט פאָר „אונטער דעם בעוואוסטזיין" פון דעם מענשען, זיי צייגען וואָס ער ווינשט, כאָמש ער ווייסט עס אַליין ניט. און די דאָזיגע פּסיכאָלאָגען און דאָקטוירים וואָס האָבען אַ גרויסע ערפאַהרונג דורך אויספרעגען אַ סך מענשען וועגען זייערע חלומות, פערשטעהן וואָס די פערשידענע געשעהענישען אין די חלומות בעדייטען, ווייל זעהר פיעלע געשעהענישען זענען דיזעלבע אין די חלומות פון פערשידענע מענשען.

אויב מען פאָדערט פון דעם קראַנקען, באַלד אין דער פריה ווען ער וועקט זיך אויף, איידער ער פערגעסט זיי, אויפצושרייבען די לעצטע חלומות, געטריי, אזוי ווי ער געדענקט זיי; אויב דאָס ווערט געטון א סך מאָל, — געפינט דער ערפאַהרענער דאָקטאָר אויס וואָס עס קומט פאָר „אונטער דעם בעוואוסטזיין" פון דעם קראַנקען. מיט דער צייט, נאָך מעהרערע זיצונגען און געשפּרעכען, פערשטעהט דער דאָקטאָר די פערבינדונג צווישען די עפּיזאָדען פון דעם קראַנקענ'ס לעבען און זיינע געדאַנקען פון אונטער דער שוועל פון בעוואוסטזיין. דאָס פאָרלעגען די דאָזיגע פערבינדונג פאַר דעם קראַנקען, דאָס קלאָר מאַכען פון זיינע בעהאַלטענע, איהם אונבעוואוסטע, אונראַציאָנעלע געדאַנקען און ווינשען, קלער־רען איהם אזוי פיעל אויף אז ער הערט אויף זיי צו האָבען און צו ווינשען, זיין מח פון אונטער דעם בעוואוסטזיין ווערט קאָריגירט, און ער קאָן געהיילט און נאָרמאַל ווערען.

אָט זענען א פּאָר פערייניפאַכטע ביישפּיעלען:

ווען אימיצער ווינשט אונבעוואוסטערהייט דעם טויט פון זיי־נעם א פריינד, חלומ'ט ער אז דיזער איז געשטאָרבען און אין חלום פרעהט ער זיך מיט זיין טויט.

א מאַן חלומ'ט שלעכטס פון אן אַנדערען מאַן און ער איז אויף איהם ברוגז; דורך א גענויער אנאַליזע געפינט מען אז זיי זענען ביידע האָמאָסעקסואַלען, אז דער ערשטער איז איפערזיכטיג אויף דעם צווייטען און אז דעם ערשטען'ס מעלאַנכאָליע און גייס־טיגע קראַנקהייט איז צו פערדאַנקען דעם פאַקט וואָס דער אַנדערער האָט איהם פערלאָזען.

א פרוי חלומ'ט אז זי זעהט א שרעקליכע חיה וואָס אָטעמט אונטער'ן וואַסער, און זי שלעפּט די חיה מיט שווערקייט ארויס... זי איז געווען שוואַנגער און האָט גע'מפּיל'ט.

אליין זאָגען אָפּט די קראַנקע ניט ארויס זייערע סודות, אָבער דורך זייערע חלומות קאָן מען צימליך פיעלעס אויסגעפינען.

ביי דער געלעגענהייט וועט עס וויכטיג זיין צו בעטאָנען אז די געוואָינהייטס ליגנער טוען אין א וואַכען צושטאַנד דאָסזעלבע וואָס אַלע בעלי חלומות טוען אין שלאָף: זיי שטעלען זיך פאָר אז דאָס וואָס זיי ווינשען ווערט פערווירק־

ליכט און זיי דערצעהלען עס די וועלכע ווילען דאָס הערען. אומגליקליכערווייז זענען ניט אלע מענשען אָפּענהערציג גענוג און זאָגען זיי ניט אז „דאָס איז א ליגען". ווען מען זאָל דאָס זיי תמיד זאָגען, וואָלטען זיי זייערע ליגענס אויפגעהערט.

ווען א פּסיכיאַטער אָדער א פּסיכאָלאָג אנאַליזירט די ליגענס פון א געוואָהנהייטס ליגנער און פערבינדט זיי מיט פאַקטען פון זיין לעבען, קאָן ער אָפט אויסגעפינען די געהיימסטע ווינשען פון'ם ליגנער. קיינער קאָן ניט אויסטראַכטען אזא ליגען וואָס זאָל אין גאַנצען אַרויסגעהן פון זיין ספּערע געדאַנקען; בעוואוסט אָדער אונבעוואוסט מוז אזא ליגנער, פּונקט ווי דער בעל החלום, רעדען פון זאַכען פון זיין אייגענעם געדאַנקען מאַטעריאַל.

דאָס אונגעפעהר זענען פריידס טעאָריען, פּאָפּולער ערקלערט. ניט אלע ספּעציאַליסטען פון נערוועןאון גייסטעס-קראַנקהייטען זענען מיט זיי איינפערשטאַנען.

די טעאָריען און זייער אָנווענדונג אין דער פּראַקטיקע טוען מאַנכמאָל אויף גוטס. אָבער זייער סוגעסטיאָן אויף די מוחות פון א סך יונגע לייט ווירקט אָפט שלעכט און א סך שווינדלער האָבען די אזוי גערופענע פּ ס י כ א נ א ל י ז י ע אָנגעווענדעט פאַר זייערע אייגענע רויבערישע צוועקען.

## צעהנטע אבטיילונג:

# צוויי פּראַקטישע מיטלען

אַזוי ווי די זיץ־בעדער און די וואַגינאַלע דושען זענען זעהר אָפט נויטיג אין דער בעהאַנדלונג פון געשלעכטליכע קראַנקהייטען און אַנאָמאַליען, וויל איך דאָ דיזע מעטאָדען בעשרייבען.

### זיץ־בעדער.

אַ זיץ־באָד איז אַ באָד פאַר דעם אונטערשטען טייל פון דעם קערפּער, אָבער נישט פאַר די פיס. עס ווערט געברויכט אַלס אַ מיטעל געגען פערשידענע קראַנקהייטען פון דעם אונטערשטען טייל פון קערפּער, געגען העמאָראָידען און געגען קראַנקהייטען פון די אינערליכע און אויסערליכע געשלעכטס־אָרגאַנען פון מאַן און פרוי. די זיץ־בעדער זענען פערשידען נאָך דער טעמפּעראַטור, *קאַלטע, קיהלע, לעבליכע, וואַרעמע* און *הייסע*. די הייסע און וואַרעמע קאָנען האָבען אַ גוטע ווירקונג אַלס *שמערץ־שטילענדיגע* בעדער וועגען שמערצהאַפטע אָרגאַנען פון יענער געגענד; זיי דיענען אויך אַלס אַנרעגונגס־מיטעל ביי געשלעכטליכער *אימפּאָטענץ*, ספּעציעל ווען מען מאַכט זיי אין אָבענד, איידער מען געהט שלאָפען. הייסע און וואַרעמע זיץ־בעדער קאָנען זיין שעדליך ביי ענטצינדליכע צושטאַנדען. ביי דיזע איז עס מעהרסטענס ווירקזאַם צו מאַכען קיהלע אָדער קאַלטע זיץ־בעדער. — אַ זיץ־באָד דאַרף געוועהנליך דויערען אַ האַלבע שטונדע; מען קאָן דאָס וואַסער יעדעס מאָל דערוואַרעמען, אונטערגיסענדיג פון צייט צו צייט הייס וואַסער. דאָרט וואו עס איז מעגליך, איז אַ וואַרעם באָד בעסער ווי אַן איינשפּריצונג פון מאָרפין, כדי צו *שטילען שמערצען*, ווייל עס קאָן ניט האָבען די שלעכטע פאָלגען פון דיזען גיפט.

מען קאָן אַם בעסטען מאַכען אַ זיץ־באָד אין אַ טיעפען צובער, אין אַ טיעפער שיסעל אָדער אַפילו אין דער וואַנע, אין וועלכער מען קאָן אריין שטעלען אַ קליין בענקעלע (אין וואַסער), זיך דאַרויף זעצען, און די פיס אַרויסהענגען. עס זענען אויך פאַראַן ספּעציעלע

וואַנעס פאַר זיץ־בעדער; זיי זענען רונד און מיט אַ לעהנע וועגען די פּלייצעס; ביי כראָנישע צושטאַנדען, ווען מען דאַרף זיי האָבען אַ לענגערע צייט, איז עס ווערט אויסצוגעבען עטליכע דאָלאַר און זיך אַזאַ וואַנע פערשאַפען.

מען דאַרף ניט פערגעסען, אַז די זיץ־בעדער זענען אָפטמאָל נאָר אַ סימפּטאָמאַטישע בעהאַנדלונג, דאָס הייסט זיי נעהמען נישט תמיד אַוועק די אורזאַך פון דער קראַנקהייט; מען דאַרף אַלזאָ אויסגעפינען די אורזאַך און זי בעהאַנדלען.

## די איינשפּריצונג אין דער שיידע.

### (וואַגינאַלע דוש)

(זעה די בילדער סוף פון בוך)

די איינשפּריצונג אין דער שיידע איז אַן איינשפּריצונג פון וואַסער, מיט אָדער אָהן אַ מעדיקאַמענט, מיט דעם צוועק צו ווירקען אויף אַ געוויסען אופן אויף דער שיידע אַליין אָדער אויף די אַנדערע אינערליכע געשלעכטס־אָרגאַנען פון דער פרוי, אָדער פּשוט כדי צו רייניגען די שיידע, ווען דאָס איז נויטיג.

מען קאָן אַנווענדען די וואַגינאַלע איינשפּריצונג ביי ווייסען אויספלוס, ביי גאָנאָרעע אין דער שיידע, ביי ענטצינדונגען אין דער געבערמוטער אָדער אין די איבריגע אָרגאַנען אָדער געגענדען אַרום זיי אין דעם בעקען פון דער פרוי. אין די פאַלען קאָן די איינשפּריצונג זיין די איינציגע בעהאַנדלונג אָדער זי קאָן זיין אַ טייל פון דער גאַנצער בעהאַנדלונג.

צו אַ פרוי דאַרף שטענדיג זיך מאַכען דושען אין דער שיידע, איז אַ פראַגע וועגען וועלכער נישט יעדער קאָן זיין איינפערשטאַנען. די פערטיידיגער פון אַזעלכע דושען זאָגען אַז מען דאַרף די שיידע יעדען טאָג וואַשען אַזוי ווי מען וואַשט זיך יעדען טאָג דאָס מויל. דער פערגלייך איז אָבער נישט ריכטיג, ווייל דאָס מויל איז געוועהנליך שמוציגער ווי די געזונדע שיידע; דאָס מויל נעהמט אריין עטליכע מאָל אין טאָג שפּייזען, פון וועלכע עס בלייבען ברעקלעך צווישען די ציינער אָדער אין אַנדערע ווינקעלעך פון׳ם מויל; אין מויל קומט אָפט אריין שליים פון דער נאָז, שפּייעכץ פון די לופט־

רעהרען אדער פליסיגקייט און גאזען פון דעם מאגען; אפט אטעמט מען דורך דעם מויל און עס געהט דארט דורך לופט וואס ענטהאלט שטויב אדער גאזען. דערפאר דארף מען דאס מויל וואשען און די צייהן רייניגען נאך יעדען עסען ווי אויך זאנסט נאך איינמאל א טאג. אבער די שיידע איז א ריין ארגאן, וואס ליגט אין א בעשיצט ארט, ווייל אורין אדער שטול קאן, אונטער געוועהנליכע אומשטאנדען, נישט אריין אין איהר. די הויפטזאך איז צו האלטען די דרויסענדיגע געשעלכטס־ארגאנען וואס רייגער, — און פאר דעם צוועק איז זייף און וואסער דאס בעסטע. פון דעם קאנט איהר פערשטעהן אז, ווען אלעס איז נארמאל, זענען רייניגונגס־איינשפריצונגען ניט נויטיג. אפילו נאך דער מענסטרואציע איז עס נישט אבסאלוט נויטווענדיג, ווי מאנכע דענקען, זיך צו מאכען אן איינשפריצונג; די שיידע רייניגט זיך אליין. אבער עס פערשטעהט זיך אז שאדען שאדט אן איינשפריצונג נאך דער רעגעל ניט.

ווען מען געהט צו קינד, מיט א פאר שטונדען פאר דער ענטבינדונג, ווען די וועהען הויבען זיך אן, געהערט עס צו דער פארבערייטונג צו דער ענטבינדונג, זיך צו מאכען איין מאל אן איינשפריצונג אין דער שיידע.

איצט, לאמיר צוריקקומען צו די אלגעמיינע רעגלען וועגען העה וואגינאלער איינשפריצונג. דאס וואסער מוז נים זיין אויסגעקאכט ביי געוועהנליכע איינשפריצונגען, אבער ס'איז בעסער ווען עס איז יא. עס דארף קיין מאל ניט זיין קאלט. עס זאל זיין ווארעם, אבער ס'איז גוט מען זאל די וואלוווא, די ליפען, אנשמירען מיט וואסעלין איידער מען מאכט די איינשפריצונג, ווייל זיי זענען זעהר עמפינדליך קעגען ווארעמקייט, וועהרענד די שייעדע אליין איז א סך ווענינער עמפינדליך. צוויי קווארט (ליטער) וואסער איז אונגעפעהר דאס מאס פאר אן איינשפריצונג. מען קאן זי מאכען איין מאל אדער צוויי מאל א טאג, נאך דעם בעדערפניש. דער איריגאטאר זאל נישט ווערען אויפגעהאנגען הויך (ווי ביים קליסטיר), כדי דאס וואסער זאל פליסען לאנגזאם. דער איריגאטאר מוז זיין ריין און דערפאר זאל מען איהם ניט לאזען הענגען ווען ער איז ניט אין געברויך, ווייל ער ווערט זאנסט פול מיט שטויב און שמוץ;

מען זאָל איהם לאָזען אויסטראָפּען, אויסטרוקענען און איהם בעהאַלטען אין אַ פערמאַכט אָרט. מען קאָן געברויכען דעמזעלבען איריגאַטאָר פאַר אַ קליסטיר אָדער אַ שיידע־איינשפּריצונג, אויב מען פּאַסט אויף אַז ער זאָל זיין ריין; אָבער ס׳איז בעסער נישט צו געברויכען דיזעלבע רעהר פאַר אַ קליסטיר ווי פאַר אַן איינשפּריצונג. עס פערשטעהט זיך אַז די *קאַנילע* מוז זיין אַ ספּעציעלע וועגען דער איינשפּריצונג. אויך איז עס אַ פעהלער אריין צו לעגען דאָס ענדע פון דער רעהר אין דעם איריגאַטאָר, ווי מאַנכע טוען עס. די קאַנילע זאָל נאָך דער איינשפּריצונג ארויסגענומען און אויסגעקאָכט ווערען; זי זאָל אויך אויסגעקאָכט ווערען פאַר דער איינשפּריצונג.

ווערענד דער איינשפּריצונג דאַרף די פרוי ליגען, נישט זיצען; ווייל ווערענד זי זיצט, געהט דאָס וואַסער כמעט גאָר נישט אריין. אויב זי האָט אַ וואַנע, איז דאָרט דאָס בעסטע פּלאַץ פאַר אַן איינשפּריצונג. אויב נישט, און ווען זי קאָן ניט ארונטערגעהן פון׳ם בעט, קאָן זי געברויכען אַ קאָוטשוק־לייוואַנד, אַז דאָס וואַסער זאָל ניט באַנעצען דאָס בעט. (פיג. 51, 52, 53, 54.)

### עלפטע אבטיילונג:

# שאַרלאַטאַניזם

## דער מעדיצינישער באַנדיט.

אין מעהרערע ערטער אין דיזען בוך איז געווען די רעד פון די שווינדלער וואָס נאַרען אוים דאָס געלד פון די קראַנקע אָדער מאַכען זיי קראַנקער, אָדער טוען ביידעס. זיי זענען אָפט גאָר קיין דאָקטוירים, אָבער א סך מאָל זענען זיי טאַקע ווירקליכע דיפּ־לאָמירטע דאָקטוירים וואָס זענען אראָב געגאַנגען פון דעם עהרליכען וועג.

זיי רעדען איין די געזונטע אַז זיי זענען קראַנק; זיי זאָגען צו די קראַנקע אונמעגליכע און וואונדערליכע היילונגען; זיי בענוצען זיך מיט דעם קראַנקען'ס אונוויסענהייט און ווייזען איהם מורא'דיגע מאַשינען, וואָס אימפּאָנירען רעספּעקט.

זיי ווענדען אָן אַלע מעגליכע מיטלען כדי צוצוציהען פּאַציענ־טען: זיי לאָזען צוטיילען און איבעראַל אויפקלעבען אַנאָנסען; זיי דרוקען ביכלעך און אַנאָנסען אין די צייטונגען; אומעטום לאָזען זיי וויסען די נסים וואָס זיי קאָנען אויפטון. זיי האָבען תמיד עדות דורך וועלכע זיי בעווייזען אַז זיי האָבען אויפגעטון וואונדערס. זיי גאַראַנטירען אויך אַן ערפאָלג פון זייערע מעטאָדען. זיי האָבען אַגענטען וואָס אַרבייטען פאַר זיי. זיי האַלטען אויף קאָרעספּאָנדענ־צען מיט יעדען מיט וועמען זיי קאָנען דאָס נאָר טון, כדי ניט אָבצולאָזען קיין איינעם וואָס קאָן אַריינפאַלען צו זיי אַלס א קרבן.

פּאַראַן שווינדלער אין אַלע ספּעציאַליטעטען פון דער מעדיצין; אָבער מעהר ווי אין אַלע זענען זיי דאָ אין דעם פעלד פון געשלעכטס לעבען און פון די וועגערישע קראַנקהייטען.

אָפט האַלט דער מעדיצינישער באַנדיט א מוזעאום אָדער א פּאַנאָראַמאַ, דורך וועלכען ער ציהט אַריין זיינע קרבנות.

די לעזער פון דיזען בוך וואָלטען געדאַרפט דערקענען די מע־דיצינישע באַנדיטען און זיי אויסמיידען.

עס זענען אויך דאָ שווינדלער צווישען די דאָקטוירים וואָס ווענדען ניט אָן דאָס אויביגע רעקלאַמע סיסטעם, אַזוי ווי עס פעהלען ניט קיין שווינדלער אין קיין שום פּראָפעסיע אָדער בעשעפ־טיגונג. אָבער דער מעדיצינישער באַנדיט איז א בעזונדערער טיפּ.

## די רעקלאַמע פון מעדיצינישע באַנדיטען.

איך ווייס וואָס פאַר אַ שווערע אַרבייט עס איז צו בעקעמפען די שווינדלען וואָס געהען אָן אין דער היילונגס־פּראָפעסיע. איך ווייס אַז עס נויטיגט זיך אַ הערקולעס־כח כדי אויסצורייניגען אַזעלכע אונערטרעגליך שמוציגע אויגיאַס־שטאַלען. נאָר איך גלויב אַז איך וועל נישט תמיד שטעהן אַליין אין קאַמף; איך האָף אַז אין גיכען וועלען מיר נאָך קרעפטען קומען צו הילף, אַזוי אַז די מעדיצינישע פּראַקסיס אין דער אידישער בעפעלקערונג זאָל, ווען נישט אין גאַנצען זיך רעפאָרמירען, וועניגסטענס שטעהן אויף אַ העכערען צושטאַנד, צו וועניגסטענס זאָלען אַ טייל פון די קראַנקע פערשטעהן וואָס זיי האָבען צו פערלאַנגען פון דאָקטאָר. איך וויל קעמפען געגען דעם באַנדיטיזם פון די דאָקטוירים וואָס מאַכען זיך רעקלאַמע דורך אַנאָנסען, אָבער איך וואָלט ניט וועלען מען זאָל דענקען אַז די וואָס דרוקען קיינע רעקלאַמען זענען אַלע ערליך. עס זענען דאָ צווישען זיי די בעסטע, עדעלסטע מענשען, אָבער ליידער אויך געפעהרליכע רויבער. דיזע דאַרף איך זיכער ניט שאַנעווען. און שרעקט זיך נישט פאַר די ווערטער „רויבער“ און „באַנדיטען“; זיי זענען נישט איבערטריבען. ווי אַזוי קאָן מען אָנרופען איינעם וועלכער כאַפּט אייך אין אַ פינסטערער נאַכט, אויף אַ וועג וועלכער איז אייך אונבעקאַנט און וואו קיינער קומט אייך ניט צוהילף, — און בערויבט אייך? ניין, דיזע אויסדרוקען זענען צו מילד, צו שוואַך, ווייל די רויבער האָבען אָנגעטון אַ מאַנטעל פון וואָהלטעטער און האָבען זיך מאַסקירט מיט אַ פּנים וואָס זאָל אייך געבען צוטרויען און זענען בעוואָפענט מיט אַ דיפּלאָם פאַר וועלכען איהר האָט רעספּעקט; און דערפאַר קאָנען זיי בעסער רויבען און איהר קאָנט זיך גאָר נישט פערטיידיגען.

---

פאַר איינינגע יאָהרען האָט אַ גרויסע אַמעריקאַנישע צייטשריפט צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון'ם עולם צו דער פראַגע פון די שווינדלערס אין דער מעדיצינישער פּראַקסיס, און צו דער פראַגע פון די שווינדלערישע פּאַטענטירטע מעדיקאַמענטען. אין דער רייהע אַרטיקלען איבער דער פראַגע איז אָבער נישט געזאָגט געוואָרען קיין וואָרט איבער די שווינדלערס וואָס האָבען דיפּלאָמען

אין אָרדנונג, וואָס זענען — נאָך דעם טיטעל און נאָך זייער שטור־דיום — ריכטיגע ערצטע, אָבער נאָך זייער אויפפיהרונג — די שרעקליכסטע רויב־פויגעל און היענען. און ווען אימיצער נעהמט אויף זיך איצט די אויפגאַבע געגען זיי אין פעלד צו געהן, דאַרף ער נישט בלייבען שטעהן אין מיטען וועג. ער דאַרף אויך פאַרגעהן געגען די אָרגאַנען, וועלכע העלפען זיי אַזוי געטריי צו פערשפּרייטען זייערע פערדונקעלענדע ווערטער, אָרגאַנען וואָס זענען זעהר שטאַרק און געגען וועלכע עס וואָלטען זיך געדאַרפט פערייניגען די קרעפטען פון אַלע אינטעליגענטע און אויפגעקלערטע מענשען פון אונזער ניו־יאָרקער אידישען קוואַרטאַל: דיזע אָרגאַנען זענען די ט ע ג ־ ל י כ ע פּ ר ע ס ע*). אָהן איהר וואָלטען די שווינדלער זיך נישט געקאָנט ווענדען צון אַזאַ גרויס פּובליקום, זייערע געשעפטען וואָל־טען נישט געווען אַ פערטעל פון דעם וואָס זיי זענען איצט. די טעגליכע פּרעסע נעהמט אַ טייל פון רויב פאַר'ן פערטראָגען די נייעס פון די שווינדלער'ס וואונדער איבער דער גאַנצער שטאָדט און פאַר — שווייגען. האָט איהר אָפט געזעהן אין דער טעגליכער פּרעסע אַרטיקלען געגען די באַנדיטען? ס'איז נאַטירליך אונמעגליך אַז די פּרעסע זאָל קעמפּפען געגען זיי, אַזוי לאַנג ווי זי איז פערציערט מיט די מיאוסע און ליגנערישע, אָבער גוט בעצאָהלטע אַנאָנסען פון די היענען. ווען מען אונטערזוכט די זאַך גענויער, הייסט עס אַזוי: די לעזער ווערען פון דער צייטונג געשיקט צום שווינדלער, ווען זיי געבען זייער געלד אַוועק; אַ טייל פון דעם גערויבטען געלד ווערט דערפאַר געגעבען דער צייטונג. דאָסזעלבע בלאַט וועלכעס דער לעזער האָט ליעב און וועלכען ער לעזט פייעריגע ווערטער געגען אויסבייטונג און שווינדעל, פערגיפטעט איהם און בעשווינ־דעלט איהם, זייענדיג דער שותף פון די רויבער. דאָס בלאַט צע־

*) דיזע ווערטער זענען צוערשט געשריבען געוואָרען אין אָקטאָבער 1910, אין דער צייטשריפט „אונזער געזונד". פון דענסטמאָל אָן האָט זיך די אידישע פּרעסע אַביסעל אויסגערייניגט. אָבער אפילו ביז איצט, 1918, האָבען נאָך ניט אַלע אידישע צייטונגען אַרויסגעוואָרפען די שווינ־דעל אַנאָנסען. און כאָטש אַ נייע געזעץ (1917) אין שטאַט ניויאָרק פערוועהרט צו דרוקען אַנאָנסען וואָס פערשפּרעכען היילונגען, ווערען די אַנאָנסען אַזוי געדרוקט אַז די היטער פון'ם געזעץ זאָלען ניט קאָנען פאַרגעהן געגען דער צייטונג.

פליהט זיך היים פון דער פּרעסע, פול מיט נייעס און מיט אַרטיקלען, דער לעזער נעהמט עס מיט רעספּעקט אין האַנד, מען געפינט עס וואַרטענדיג ביי דער טיר, עס ווערט געלעזען פון יונג און אַלט; די לעזער ווייסען אָבער נישט אַז אין די שורות געפינט זיך אַ שרעקליך גיפט, וועלכעס די צייטונג האַלט זיי אין איין איינגעבען, האַלט אין זיי אין איין אַריינגיסען. ס'איז זיכער נישט ערלויבט אַן עהרליכען רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג צו זאָגען: „וואָס געהט מיך אָן די אַנאָנס? דאָס איז דעם פערוואַלטער'ס זאַך! דער וואָס גיט אַריין די אַנאָנס צאָהלט, און דאָס איבעריגע איז נישט מיין געשעפט". ניין, די אַנאָנס איז זעהר אַ וויכטיגע זאַך, דען יעדעס עקזעמפּלאַר, זי אַוועקטראָגענדיג אין הייזער פון אונשולדיגע, אונוויסענדיגע מענשען, קאָן די לעזער מעהר שלעכטס טון ווי זייערע ערגסטע שונאים זענען פעהיג.

אַ חוץ דעם זענען אויך פאַראַן אַ פּאָר אידישע ליטעראַטען וואָס זענען דירעקט פערבונדען מיט די שווינדלער, וואָס רעדיגירען זייערע אַנאָנסען און קריגען דערפאַר געלד. דיזע ליטעראַטען זענען „אַנגעזעהענע" זשורנאַליסטען וואָס אַרבייטען אין אידישע צייטונגען.

די אידישע אַרויסגעבער פון צייטונגען אין אַמעריקאַ, ווי אויך מאַנכע שרייבער, ווען מען וואַרפט זיי פאָר זייער מיטשולדיגקייט מיט די מעדיצינישע באַנדיטען, זאָגען אַז אַזוי דאַרף עס זיין אין אַמעריקאַ. אָבער אין דער אמת'ן איז די אַמעריקאַנער פּרעסע אַ סך ריינער ווי די פרעמד שפּראַכיגע פּרעסע פון אַמעריקאַ. קיין שום אַנשטענדיגע אַמעריקאַנישע צייטונג נעהמט ניט אָן קיין אַנאָנסע פון אַ בעקאַנטען און זיכטבאַרען מעדיצינישען באַנדיט.

און וואָס איז רעוואָלטירענדער איז דער פאַקט אַז די גרויסע אידישע צייטונגען וואָלטען זיך געקאָנט בעגעהן אָהן דיזע אַנאָנסען, אָהן דעם דאָזיגען שמוציגען געלד. זיי זענען זיכער רייך גענוג אַרויסצוואַרפען אַלע שעדליכע אַנאָנסען.

---

אַרום דעם קראַנקען מענשען האָבען זיך תמיד געזאַמעלט אַלערליי אויסביימער און אויסזויגער, נאָר קיין מאָל נישט אין אַזא פּראָפּאָרציע ווי אין אונזער צייט און איצט זענען די אַרגסטע פון זיי די וואָס ספּעציאַליזירען זיך אין רויבערייען אַרום דעם ג ע-

שׁלעכטליך־קראַנקען אָדער דעם וועלכער האַלט זיך פאַר געשלעכטליך־קראַנק.

אָט זענען איינינע פּראָבען פון זייער סטיל:

„מענער, ווערט שנעל פּטור פון דעם אָנשיקעניש; ווען דאָס שיקזאַל האָט אייך געשטראָפט... אַ מענש האָט נאָר איין לעבען און דיזעם דאַרף ער אָנפערטרויען דר..... וועלכער איז די איינציגע אויטאָריטעט אין דער וועלט... קומט היינט, פערליערט ניט קיין צייט..." „לאָזט אייך ניט פערבלאָפען פון אנדערע..." „רעטעט אייער פריינד... האָט אויף איהם רחמנות, זאָגט איהם, ער זאָל קיין איבריגע מינוט ניט פערלירען און זאָל געהן צום בעוואוסטען ספּע־ציאַליסט דר..." „אונטערזוכונג פריי! שוואַכע מענער, ערלויבט מיר אייך געזונד צו מאַכען. איך האָב אַן עקסטראַ פערגעניגען אויסצוקורירען קראַנקע שנעל און זיכער... מעדיצין פריי... דער פּאַ־ציענט בעקומט אַ געשריבענע גאַראַנטיע..." „געהט ניט אַרום פער־צווייפעלט, קומט זיך בעראַטען מיט מיר ווען איהר ליידט פון קראַנק־הייטען וואָס קומען פון זינד..." „דער אַלטער דר... גאַראַנטירט די שנעלסטע היילונג פיר אימער". „לעזט מיינע ביכער"...

זיי בעטען זיך ביי אייך, זיי ווילען אייך געזונד מאַכען, די גוטע מענשען, זיי טוען דאָס צוליעב אייך; זעהט איהר נישט ווי זעלבסטלויז זיי זענען? און דאָס איז דאָך געדרוקט, שוואַרץ אויף ווייס, געדרוקט אין אייער ליעבלינגס־צייטונג? — און איהר טוט זיי אויך צוליעב און געהט צו זיי.

אַז דומקעפּ גלויבען דאָס איז נישט קיין גרויס וואונדער; אָבער אַז אינטעליגענטע יונגע לייט זאָלען, ווי מיר זעהן יעדען טאָג, פערנאַרט און פערפיהרט ווערען פון אַזעלכע אַנאָנסען, דאָס איז שווער צו פערשטעהן, סיידען מען קאָן אַריין דרינגען אין זייער נשמה־צושטאַנד און זעהן וואָס עס קומט דאָרט פאָר. עס שיינט דאָך צו זיין אַזוי קלאָר אַז אַזעלכע אַנאָנסען קאָנען נישט זיין אמת; נאָר דער יונגער מאַן האָט נישט געהאַט קיין סעקסואַלע ערציהונג; ער ווייסט פון געשלעכטס לעבען גאָר נישט אָדער, וואָס איז אַרגער, ער האָט געהערט, גענאַשט, געכאַפּט, דאָ און דאָרט, איינינע ערקונדיגונגען וואָס זענען דאָס געגענטייל פון אמת. ער האָט, אין זיין אינטימען לעבען, אַ פּאָר פעהלער זיך פאַרצוּוואַרפען,

וועלכע כמעט יעדער מאַן האָט בעגאַנגען; ער דענקט אָבער אַז ער איז דער איינציגער. אַז קיינע שלעכטע פאָלגען זאָלען פון דעם נישט אַרויסקומען, קאָן ער זיך נישט פאָרשטעלען. ער טראָגט זיין סוד מיט זיך און אַלעס וואָס ער הערט שטאַרקט איהם אין גלויבען אַז ער מוז קראַנק זיין. *און דער געדאַנק מאַכט איהם קראַנק*. אָדער ער האָט אַ ריכטיגע געשלעכטס־קראַנקהייט אָדער אַ סעקסואַלע אַבנאָרמאַליטעט. ער שעמט זיך נאַטירליך דערמיט, ער פיהלט זיך איינזאַם און פערלאָזען, ווי אַ פערברעכער. דאָקטוירים זענען דאָ אַ סך; אפשר פערשטעהן זיי אָבער נישט זיין קראַנקהייט? דער מאַן וואָס שטעלט אריין די אַנאָנס פערשטעהט אָבער זיכער, דענקט ער זיך. ער וועט מיך אויסהיילען. פאָרט אַ דאָקטאָר מיט אַ דיפּלאָם! אַ געבילדעטער מענש! און מיין ליעבלינגס צייטונג דרוקט דאָך זיין אַנאָנס. עס קאָן נישט זיין ער זאָל זיין אַזוי אונעהרליך... און דאַן זעהט ער מעהרסטענס אַז דעם דאָקטאָר'ס „ליטעראַטור" פּאַסט זיך גענוי צו צו זיין צושטאַנד. ער פיהלט, ער איז זיכער אַז דער מאַן וועט איהם היילען. די אַנאָנסען זענען אַזוי איינגעריכטעט, אַזוי ועדי־גירט אַז יעדער זאָל זיך אין זיי דערקענען, אַז יעדער זאָל דערפיהלען די סימפּטאָמען אָדער די קראַנקהייטען וואָס ווערען דאָרט אויסגערעכענט.

„נערוועןְ־צושטרייאונג, נערוועןְ־קראַנקהייט, אויספלוס, פערלוירענע מענער־קראַפט, שוואַכער זכרון, שלעכט בלוט, אָבשוואַכונג, בלוט־אַרמוט, ווייטאָג אין רוקען, קאָפּ־שמערצען, שוואַכקייט, געהיימע קראַנקהייטען און אַזוי ווייטער..."

ווער קאָן נישט אין דיזע אַזוי אונגענוי און פיעלזייטיג בעשריבענע פעהלער זיך אַליין דערקענען? וועלכער *געזונדער* מענש וועט זיך האַלטען פאַר אַזוי וועניג וויכטיג אַז ער זאָל נישט האָבען אַפילו קיין ביסעל „נערוועןְ־צושטרייאונג", איבערהויפּט אַז ער האָט אַ פּרעטענציע אויף אינטעליגענץ? און וויבאַלד שוין יאָ „נערוועןְ־צושטרייט", פאַר וואָס זאָל ער זיך נישט פאַר איין גאַנג האַלטען פאַר דעם נערוועזעסטען מענשען פון דער וועלט? און ער האָט אויך די אַנדערע אויסגערעכענטע סימפּטאָמען! שוואַכער זכרון? יאָ, ער דערמאָנט זיך טאַקע אַז ער האָט פערגעסען

רי און די זאך. קאפ־שמערצען ? דאס איז דאך שוין ביי איהם אן אלטע געשיכטע. און די אנדערע סמנים ? עפּיס האט ער דאך א מין אויספלוס פון וועלכענס בעדייטונג ער ווייסט אזוי ווייניג ווי וועגען זיין „שלעכטען בלוט“ און וועגען זיינע נערוועז. נאר וואס אונבעקאנטער זיי זענען איהם, דאס מעהר ליידט ער אויף זיי. און אזוי ווייטער...

„קראנקהייטען וואס קומען פון זינד“, שרייבען די שווינדלער. וואס הייסט „זינד“ ? יעדער קאן דאס איבערטייטשען ווי ער וויל. און דאס אונשולדיגסטע אינגעל ענטדעקט תמיד אז ער איז שולדיג אין שווערע „זינד“... און אזוי פאלט ער אריין אין די אויסזויגער׳ס הענד.

נאר דענקט נישט אז זיי זענען ווי אנדערע דאקטוירים. זיי געבען אייך א געשריבענע גאראנטיע אז זיי וועלען אייך אויסהיי־לען. פאר וואס נישט ? איהר קאנט זיי סיי ווי סיי גאר נישט טון, אויב זיי האלטען נישטווארט. תרוצים זענען לייכט צו גע־בען. ווי זאגט יענער: גנבות זאל נאר גאט באשערען !

וואס אנבעלאנגט די „אומזיסטע מעדיצינס“ וואס איהר קריגט הארט, קאן מען זיי שנעל אבפערטיגען: זיי זענען גליקליכערווייז קיין מעדיצינס, זיי זענען אונשעדליך, זיי זענען געפארבט וואסער.

די גאנצע בעהאנדלונג קאסט נאר 10 דאלאר“, שרייבען זיי אין אייערע צייטונגען; אבער מיט דער צייט ווערט, אזוי ווי דורך א צויבער, פון די 10 דאלאר — 100 דאלאר און מעהר, גראד אזוי ווי פון אייער געזונדען קערפער און מח ווערט אונטער זייער בע־האנדלונג א קראנקער מענש אדער פון א היילבארער קראנקהייט ווערט אן אונהיילבארע... איך גראטוליר די טעגליכע צייטונגען און בעזונדערס די ארבייטער־פריינדליכע פרעסע, וועלכע העלפען אזוי גוט די באנדיטען !

---

און פערדיענען נישט פערברענט צו ווערען די צייטונגען וואס שלעפען מאסען געלד פון אנאנסען וועגען „ר ע צ ע פ ט ע ן וואס היילען שוואכע מענער פריי“ ? וואס האט איהר פון זייער פערגלא־צען די אויגען און רעדען וועגען א צוקינפטיגער גערעכטער געזעל־שאפט, אז היינט נארען זיי אייך אב מיט אזעלכע שווינדלעי ?

דער סקאַנדאַל איז נאָך גרעסער דערפאַר, וואָס די פיהרער פון די ציימונגען וויסען אַז דיזע „רעצעפּטען" זענען שרעקליכע שווינדלען.

אייגענטליך וואָלט אַ גרויסע צייטונג געדאַרפט האָבען אַ בעאַמטען כדי צו קאָנטראָלירען אַלע אַנאָנסען, נאָר נאָך מעהר אַזעלכע אַנאָנסען וואָס האָבען צו טון מיט דעם לעזער'ס געזונד.

ווען איהר זעהט אַן אַנאָנסע, וואו קאַפּסעלן העלפען אין „אויספלוסען אין „24 שטונדען", ווען דיזע אויספלוסען דויערען ביי דער בעסטער בעהאַנדלונג און אונטער די גינסטיגסטע אומשטאַנדען ווענינגסטענס זעקס וואָכען, וואַרפט אַוועק די צייטונג.

אָדער, נאָך בעסער, שרייבט אַ שטרענגען בריעף צון אייער צייטונג. כאָטש וואָס די אידישע פרעסע אין אַמעריקאַ, מיט ווענינגע אויסנאַהמען, שעמט זיך ניט פיעל פאַר דעם לעזער, וואָלט זי דאָך געמוזט זיין מיינונג אין בעטראַכט נעהמען, ווען אַ גרויסע צאָהל לעזער וואָלטען פּראָטעסטירט געגען די שווינדעל אַנאָנסען.

---

און ווילט איהר זעהן דעם רעזולטאַט פון דער דאָזיגער שמוציגער און פערברעכערישער רעקלאַמע? אָט האָט איהר דאָ צוויי בריעף פון בעשווינדעלטע יונגע לייט, בלויז צוויי בריעף פון די הונדערטער וואָס זענען מיר אָנגעקומען, און וואָס רעדען קלאָרע דבורים וועגען דער פּראַקטיקע פון די שאַרלאַטאַנעס, וועלכע בעגניגען זיך ניט צו בעראַבעווען די נאַאיווע יונגע מענער פון אַמעריקאַ, נאָר וואָס האָבען אויסגעשפּרייט זייער נעץ אין אַלע לענדער וואו עס זענען פאַראַן אידען, דען „זיי בעהאַנדלען" דורך בריעף, מענער אין ענגלאַנד, רוסלאַנד, גאַליציען, זיד אַפריקאַ און זיד אַמעריקאַ!

---

## בריעף פון בעשווינדעלטע מענער.

— אַרויסגענומען פון דער צייטשריפט „אונזער געזונד" —

(1914)

(טיפּישע ביישפּיעלען פון מעדיצינישע באַנדיטען)

ווערטהער הער רעדאַקטאָר, איך בין געבוירען אין רוסלאַנד, האָב געלעבט אַ שטיק צייט אין זיד־אַפריקאַ און בין איצט אין ניו יאָרק. ווען

איך בין אַלט געווען 15 יאָהר האָבען מיר אַנדערע אינגלעך געזאָגט, אַז ווען דער זאַמען קומט ניט אַרויס ביים פערקעהר, ווערט מען קראַנק אויף גאָנאָרעע, דערנאָך אויף סיפילים און דערנאָך שטאַרבט מען. (ס'איז אינטערעסאַנט צו זעהן וואָס פאַר אַ שרעקליכע אַבערגלויבענס עס הערשען צווישען אינגלעך! — רעדאַקטאָר.) איך האָב דאָס געגלויבט און ווען איך האָב געלערענט די מיאוסע געוואָינהייט פון אָנאַניזם און איך האָב אָנאַנירט אין דער שול, אין קלאַס, בין איך איין מאָל אַרויסגעגאַנגען און האָב אויסגעפונען, אַז קיין זאַמען איז נישט געווען. (ער איז נאָך געווען צו יונג. — רעד.) איך האָב דאָס גליך געצויגען און עס מיסהאַנדעלט אַ לאַנגע צייט, אָבער גאָר ניט איז אַרויסגעקומען. איך בין געווען שטאַרק איבערגעשראָקען, ערוואַרטענדיג צו שטאַרבען. איך האָב געפיהלט אַ שמערץ און דאַן איז מיר שווער געווען צו לאָזען דאָס וואַסער. דאָס האָט אָנגעהאַלטען 9 מאָנאַטען. אָבער ס'איז מיר אַריינגעפאַלען אין די הענד אַ ביכעל פון דעם קעניג פון אַלע שווינדלער דר. ל. ל.; אין יענער צייט האָב איך ניט געוואוסט, אַז עס עקזיסטירען דאָקטוירים שווינדלער. און אַזוי שנעל ווי איך האָב געהאַט געלד בין איך אַוועק פון זיד־אַפריקאַ ספּעציעל צו זעהן דיזען שאַרלאַטאַן. ווען איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק איז דאָס ערשטע וואָס איך האָב געטון, איז געווען צו געהן צו איהם. ער האָט מיך ניט אונטערזוכט, ניט בעטראַכט, ניט אָנגעקוקט. ער האָט פערלאַנגט 5 דאָלאַר, וועלכע איך האָב איהם געגעבען און ער האָט מיר געגעבען אַ פלעשעל מעדיצין צום איינגעהמען און מיר געהייסען קומען דעם נעכסטען מאָנטאַג. איך בין געקומען, ער האָט ווידער געוואָלט 5 דאָלאַר. און אַזוי איז עס געגאַנגען ביז איך האָב פערשטאַנען וואָס פאַר אַ בלוט־זויגער ער איז. איך בין געגאַנגען צון אַן אַנדערען שווינדלער, וואָס האָט ביי מיר צוגענומען 10 דאָלאַר און האָט מיך אַזוי פערברענט מיט זיין בעהאַנדלונג, אַז איך בין שיער געשטאָרבען. אויך האָט ער מיך געקוועלט אויף עפּיס אַ מין עלעקטרישען שטול, וואו ער האָט מיך אַרויפגעזעצט. איך בין געגאַנגען צון אַנדערע שווינדלער און האָב זוי אַוועקגעגעבען יעדען סענט וואָס איך האָב פערמאָגט, אין דער צייט וואָס איך האָב געלעבט נאָר פון ברויט און קאַווע עטליכע חדשים. איך האָב ניט קיין קרובים אין ניו יאָרק און ווען איך בין, פון אַזאַ עסען, קראַנק געוואָרען אויף דעם מאָגען, בין איך אַריינגעפאַלען אין די הענד פון אַנדערע שאַרלאַטאַנעם. איין שווינדלער האָט געזאָגט, אַז איך לייד פון אַן ענטצינדונג פון די טעסטיקלען און זאָט מיר צוגעזאָגט מיך אויסצוהיילען. ער האָט אַ מין שפּיטאָל פאַר מענער־קראַנקהייטען און ער נעהמט אַ געוויסע סומע געלד יעדע וואָך. איך בין צון איהם געגאַנגען עטליכע יאָהר; ער האָט מיך בעהאַנדעלט אויף אַלע אופנים, מיר געמאַכט איינשפּריצונגען, איינרייבונגען אין רעקטום און אַנדערעס; איך האָב זיך יעדען טאָג געפיהלט אַרגער,

עס האָט מיך שרעקליך געברענט. און מיר שיינט איך וואָלט נאָך געווען צון איהם געגאַנגען, ווען איך פאַל ניט איין מיט אַ שטאַרקער לונגען־ענטצינדונג. איך בין אַריין אין אַ שפּיטאָל, און ווען איך בין ווידער אַרויס בין איך געגאַנגען צון אַן עהרליכען דאָקטאָר און איך בין זעהר איבערראַשט געווען צו הערען, אַז איך בין גאָר ניט קראַנק, אַז דאָס וואָס איך לייד קומט פון דער רייצונג פון צו פיעל בעהאַנדלונג און אַז דאָס בעסטע איז צו לעבען רוהיג און צו אונטערברעכען יעדע בעהאַנדלונג. און כאָטש איך האָב נאָך געהאַט אַנפאַלען פון שמערצען, האָב איך מיך אָבער ענטשלאָסען צו זיין מיין אייגענער דאָקטאָר און צו לעבען נאָך די פאָרשריפטען פון יענעם לעצטען דאָקטאָר. איצט פיהל איך זיך בעסער ווי איך האָב זיך ווען־עס־איז געפיהלט און — זאָל מיין געשיכטע זיין אַ וואָרנונג פאַר אַנדערע יונגע לייט I — ק. (די רעדאַקציע האָט זיין נאָמען און אַדרעס.)

---

ווערטהער הער רעדאַקטאָר: — איך וויים ניט צו איך וועל קאָנען אייך דערצעהלען אַלעס, איך וועל אָבער זעהן אַז אַלעס זאָל זיין קלאָר. איך לייד פון „פערלוירענער מענער קראַפט“. קומענדיג אין אַמעריקאַ (דאָס איז געווען אין 1910טען יאָהר) האָב איך אָנגעפאַנגען צו זוכען אַ מיטעל ווי אַזוי געהיילט צו ווערען. עס האָט לאַנג ניט גענומען און איך האָב געפונען. לעזענדיג אַ אידישע צייטונג האָב איך געפונען אַן אַנאָנס פון דר. פ.; האָב איך זיך דערפרעהט; איך האָב בעשלאָסען צו פאָהרען צון איהם. איך אַליין בין דאַן געווען אין דעם שטאַט אילינאָי. איך בין געקומען צופאָהרען קיין ניו־יאָרק און האָב זיך געפונען אונטער זיין בעהאַנדלונג. ער האָט געפאָדערט געלד וואָס מעהר און מעהר. נאָך 3 מאָנאַטען האָב איך פערלאָזען ניו יאָרק. און גערענקט האָב איך אַז איך וועל קומען צון עפּיס געלד וועל איך ווייטער קומען, נאָר אַזוי שנעל האָב איך ניט געקאָנט. עס זענען אַוועק קנאַפּע 3 יאָהר. פאַר דער צייט האָט ער זיך פון דאָרט אַרויסגעצויגען. געפין איך ווייטער אַן אַנאָנס פון אַן אַפּאָטעק אין אַ אידישער צייטונג, אַז פאַר 50 סענט אַ שאַכטעל פּילען ווערט מען געהיילט פון „פערלוירענער מענער קראַפט“. איך בין אַוועק אויף דעם אָנגעגעבענעם אַדרעס. עפענענדיג די שאַכטעל געפין איך דאָרט אַ קליין ביכעלע, וועלכעס פערשפּרעכט צו היילען גוט און שנעל. דאָס ערשטע האָב איך בעצאָהלט 15 דאָלאַר. און יעדע וואָך 1.50 דאָלאַר. איך בין געגאַנגען 5 מאָנאַטען צייט. נאַכהער האָט מען פון מיר געפאָדערט 25 דאָלאַר, האָב איך געפרעגט: צו וואָס? איהר האָט דאָך מיר פערשפּראָכען מיך אויסצוהיילען אין גאַנצען. האָט מען מיר געענטפערט, אַז איך נויטיג זיך אין אַן איינשפּריצונג פון 606 און דאָס קאָסט זעהר טייער. דאָ האָב איך אַרויסגעזעהן אַז עס מוז זיין אַ שווינדעל, ווי דאָס ערשטע מאָל, און איך בין ווייטער אַוועקגעפאָהרען. שפּעטער, לע־

זענדיג אַן אַנדערע אידישע צייטונג, געפֿין איך אַן אַנאָנס פון דר. ל. ל., און פון דעם זעלבען דר. פ., וועלכער האָט מיך „באַהאַנדעלט” מיט 4 יאָהר צוריק. דעם 18טען אויגוסט דיזען יאָהר בין איך ווידער אין נויאָרק און איך געה צו דר. ל. ל., נאָר עס האָט פּאַסירט אַזוינס וואָס עס האָט מיך גערעטעט פון אריין צו פאַלען אין אַ דריטער פּאַסטקע. איך בין צוגעגאנגען קויפען אַ צייטונג, האָב איך בעמערקט אייער „אונזער געזונד”, איך האָב זיך צוגעקוקט, איבערגעלעזען דעם אינהאַלט און געקויפט אַן עקזעמפּלאר. דאָס איבערלעזענדיג, האָב איך בעשלאָסען זיך ניט מעהר צו לאָזען בעהאַנדלען פון שווינדלער, נאָר אויף מאָרגען בין איך דאָך צוגעפאָהרען צו דר. ל. ל., ניט מיט דער אבזיכט צו געבען געלד, נאָר אזוי זיך קאָנען דעם בעשעפֿינש. קומענדיג צון איהם, און אנשטאט צו טרעפען ל. ל., וועלכער איז מיר אונבאקאנט, טרעף איך גאָר מיין ערשטען דר. פ. איך האָב זיך ניט געמאכט וויסען, איך האָב איהם דערצעהלט. פערלאנגט ער פון מיר דאָס ערשטע 5 דאָלאר און נאכהער וועט מיך קאָסטען צו 2 דאָלאר יעדער בעזוך. פרעג איך איהם צי ער איז דאָס דר. ל. ל. ער האָט מיר עפּעס געענטפערט אונטער דער נאָז, אונפערשטענדליכעס. איך האָב איהם געזאָגט אז קיין 5 דאָלאר האָב איך יעצט ניט ביי זיך, האָט ער פערלאנגט דערווייל אַ פּאָר דאָלאר. איך האָב איהם ווידער געפרעגט צי ער איז דר. ל. ל. ער האָט אויף מיר אַ שטאַרקען קוק געגעבען און איך האָב ווייטער קיין בעשטימטען ענטפער ניט געקראָגען. איך האָב פערשטאנען אז ביידע זיינען שותפים און איך בין אַוועק. — איצט פרעג איך, איז דאָס מעגליך אז עס זאָל אַנגעהן אַזאַ אָפּענער שווינדעל? און איך וואָלט געקאָנט וועגען אַ סך אַזעלכע שווינדלען דערצעהלען. — ב. מ. ל. (דער נאָמען און די אַדרעס איז אין דער רעדאקציע.)

ס ו ף.

# צוזעצונגען

## צו זייט 154:

דער האָמאָסעקסואַליזם פערשפּרייט זיך אויך דורך נאָכאָמונג און סוגעסטיאָן. אין די יאָהרען אין וועלכע מען רעדט און שרייבט אַ סך דערפון, פערמעהרען זיך די האָמאָסעקסואַלען. דאָס איז אַ באַווייז, אַז דער מין פאַרקעהר איז שטאַרק אָבהענגיג פון סוגעסטיאָן, פון אוינרעדעניש.

## צו זייט 124:

צווישען די אורזאַכען פון מאַסטורבאַציע ביי קינדער זענען: אַלע מינים רייצונגען, לאָקאַלע און אַלגעמיינע, סעקסואַלע און אַנדערע. אויך קאַווע, טעע, אַלקאָהאָלישע געטראַנקען, שמוץ אויף די געשלעכטס־אָרגאַנען, ווערים מיט דעם שטולגאַנג, אַנאַטאָמישע מיסבילדונגען, ענטצינדונגען פון דער וואולוואַ אָדער פון דער שיידע, פאַרשטאָפּונג, זיצענדיגע געוואָינהייטען, אונגעניגענד שפּילען און שטיפען, זיין צו פיל אין דער געזעלשאַפט פון דערוואַקסענע ווערענדיג אַלט צו יונג.

## צו זייט 169:

איינע פון די בעסטע עצות, וואָס מען קאָן געבען אַ מאַן, וואָס ליידט פון אימפּאָטענץ, און אויך סיי וועלכען מאַן, כדי צו פערהיטען אימ־

פּאַטענץ, איז: ניט זיך אָנצושטרענגען צו האָבען פאַרקעהר ווען מען פיהלט, אַז מען קאָן ניט; און זיך ניט ערגערען דערפון; זיין מח ניט צו קאָנצענטרירען דערויף; דאָס אַליין קאָן אָפט בעסערען דעם פערקעהר. וואָס מעהר מען זאָרגט זיך איבער אונפעהיגקייט, דאָס אונפעהיגער ווערט מען. אַם אָנפאַנג פונ'ם פאַרהייראַטען לעבען זיינען אַ סך נאָרמאַלע מענער צייטווייליג אונפעהיג. דאָס רעגולירט זיך באַלד אויב מען ווערט ניט פאַרצווייפעלט.

## צו זייט 101:

ביי נאָר וואָס פארהייראַטע אָדער ביי יונגע לייט וואָס האָבען זיך ניט לאַנג פאַראייניגט — אין דער באַציאונג איז קיין אונטערשיד ניט צי ס'איז א לעגאַלע הייראַט צי ניט — איז פאַראַן א פעריאָדע פון צופּאַסונג ביי וועלכער מען פארשטעהט זיך ניט תמיד גוט איין. אין דער צייט איז וויכטיג מען זאָל זיך ניט לאָזען אַוועקרייסען פון כעס, ליידענשאַפט און קליינליכע מאָטיוון. מען דאַרף זיין וואָס רואיגער. אויך איז עס אַ פעלער צו לאָזען די עלטערען אָדער קרובים פון דער פאַמיליע זיך אריינ־מישען צווישען דעם פאָר פאָלק. זייער איינפלוס איז מערסטענס שעדליך.

ביים פאַרקער דאַרף דער קערפּער זיין ריין, ווייל שמוץ קאָן ארויס־רופען עקעל און אומפעאיגקייט צו דער סעקסואַלער באַציאונג.

אייפערזוכט איז אָפט אומפאַרמיידליך. אָבער ראַציאָנאַלע מענשען קאָנען זי אָדער אין גאַנצען ביייקומען, אָדער זי שטאַרק באַהערשען. אויב מאַן און פרוי זיינען אמת'ע פריינד און זיי האָבען צוטרויען איינער צום אַנדערען, וועלען זיי געפינען אַ וועג זיך איינצופאַרשטען ווען עס זאָל זיך אַפילו טרעפען אז איינער פון זיי ליבט אַ דריטע פערזאָן. מיט גע־וואַלט אַרויפצווינגען ליבע קאָן מען ניט און מען דאַרף ניט. עס וואָלט אויך ניט געטויגט. אויב איינער פון די שותפים האָט אַמאָל פאַרקער מיט א דרויסענדיגער פערזאָן איז ניט קיין אומגליק; עס באדייט ניט תמיד אַז די ווירקליכע ליבע האָט זיך געענדערט. עס קאָן זיין א פאָרי־בערגעענדיגער קאַפּריס.

יעדענפאלס דאַרף מען ניט באַטראַכטען זיין שותף אַלס זיין פּריוואַט־אייגענטום. יעדער דאַרף דעם אַנדערען לאָזען אַ גרויסע מאָס פריי־הייט. דורך צוואַנג האַלט מען ניט אויף קיין ליבע. די בעסטע באַוואָרעניש איז פריייוויליגע איבערגעבענהייט. איבריגענס איז עס גאָר ניט גוט מען זאָל ניט טאָרען זען און באַגעגענען קיין אנדערע מענשען ווי דעם אייגע־נעם מאַן, די אייגענע פרוי. מערסטענס איז די אייפערזוכט באַזירט אויף בלויזער שוואַכקייט און גאַנץ אומשולדיגע מענשען ווערען אָפט באַ־שולדיגט. יעדער שותף דאַרף דעם אַנדערען ערלויבען אַן אייגן ווינקעל אין דער נשמה און ניט פאָדערען אַז דער אַנדערער זאָל זיך טאַקע פול־שטענדיג איבערגעבען אויב ער וויל ניט.

## צו זייט 239:

אַן איינפאַכע רייניגונג פון די געשלעכטס־אָרגאַנען באַלד נאָך דעם פאַרקער מיט אַ פאַרדעכטיגער פערזאָן קאָן זיין א גוטע פאַרהיטונג פון ווענערישער קראַנקהייט: אַ פשוט'ע אָפּוואַשונג מיט זייף און וואַסער אָדער מיט אַ זעהר שוואַכער לעזונג פון „פּאָטאַססיום פּערמאַנגאַנאַט" (וועלכעס מען קאָן קויפען פאַר עטליכע סענט, אָן אַ דאָקטאָר'ס פאַרשרייבונג, אין סיי וועלכער אַפּאָטעקע).

# אינדעקס:

---

## ר



---

## ש



---

## ת



די זעצער וואָס האָבען דירעקט געאַרבייט ביי דיזען בוך:
משה דזשאַרגאָווסקי
ס. שטיינוואָלף

# 57 בילדער

## אילוסטרירענדיג דאָס בוך „דאָס געשלעכטס לעבען“.

---

**זעה:**

דאָס קאַפּיטעל „געבורט בעשרענקונג“ פאַר פיגור א, ב, ג, ד.

די אָבטיילונג „אַנאַטאָמיע און פיזיאָלאָגיע“ פאַר פיגור 1 ביז 22.

די אָבטיילונג „שוואַנגעראַשפט און ענטבינדונג“ פאַר פיגור 23 ביז 38.

דאָס קאַפּיטעל „פּימאָזיס“ פאַר פיגור 39.

די אָבטיילונג „געשלעכטס קראַנקהייטען“ פאַר פיגור 40 ביז 50.

דאָס קאַפּיטעל „איינשפּריצונג אין דער שיידע“ פאַר פיגור 51 ביז 54.

די בילדער זענען פון די ווערק פון פיערסאָל (אנאַטאָמיע), טיילאָר (סעקסואלע קראַנקהייטען), רונגע (געבורטס הילף) און אנדערע.



פיגור 1. — די לענגערע פיגורען מיט אַ קעפּיל און אַן עק זענען די ערמאַטאָזאָען. די רונדע זענען צעלען וואָס האָבען זיך צופעליג גע־ען אין דער זאַמען פליסיגקייט.




יג. 2 — צעלע. — 1 פּראָטאָ־סמאַ, 2 קערן, 3 הויט. (אַלע ועבען פון לעבעדיגע וועזען שטעהען פון צעלען.)




פיג. 3. — אָוואולום. — 1 פּראָ־טאָפּלאַסמאַ, 2. 3 קערן, 4 הויט.

פיג. 4. — אַנאַטאָמיע פון די אינערליכע מענליכע געשלעכטס־אָרגאַנען.
(פון דער אַמעריקאַנישער פּאָסט־צענזור אונטערדריקט).




**פיג. 5.** — ווייבליכע געשלעכטס אָרגאַנען. — 1 **אייער שטאָק, 2 טור־**בע. 3 געבער־מוטער, 4 שיידע, 5 וואולווא.




פיג. 6. — די געבערמוטער, פון אינווענינ. לינקס פאַר ענטבינדונגען און רעכטס נאָך מעהרערע ענטבינדונגען. העלפט פון דער ווירקליכער גרויס




פיג. 7. — די אינערליכע געשלעכטס־אָרגאַנען פון דער פרוי. געזעהען פון פאָרענט. — 1 געברמוטער, 2 אייערשטאָק, 3 טובע, 4 פראָנזען פון דער טובע, וואָס נעהמען אויף דאָס אָוואולום, 5 ברייטע באַנד, 6 רונדע באַנד, 7 עפענונג פון דער געבערמוטער אין דער שיידע אָדער דרויסענדיג מויל, 8 שיידע.



פיג. 8. — די אויסערליכע עפענונג פון דער געבערמוטער. פון לינקס נאָך רעכטס: ביי אַ בתולה, ביי אַ פרוי וואָס האָט געטראָגען צום ערשטען מאָל, ביי אַ פרוי מיט מעהר ווי איין שוואַנגערשאַפט.

פיגור 9. — אַנאַטאָמיע פון די אינערליכע ווייבליכע געשלעכטס־אָרגאַנען. (פון דער אַמעריקאַנישער פּאָסט־צענזור אונטערדריקט).




פיג. 10. — אַ בילד וואָס ציינט די ריכטונג פון דער געבערמוטער אין פערהעלטניס צו דער שיידע. די ליניען 6, 7 און 8, 9 ציינען ווי געבויגען די געבערמוטער איז געוועהנליך קעגעניבער דער שיידע. 1, געבערמוטער; 2, שיידע; 3, וואולוואַ; 4, בלאָז; 5, רעקטום.




פיג. 13. — דאָס אַריינגעהען פון די זאַמען־פעדים אין דעם אָוואָרלום. — פון אַלע זאַמען־פעדים געהט אַם ענדע איינס אַריין. דאַן הויבט זיך אָן די ענטוויקלונג פון דער מענשליכער פרוכט.




פיג. 11, 12. — 1) אַ שניט אין איערשטאָק, אין דער לענג, 6 מאָל פערגרעסערט. 1, גראַאַף׳שע פאָליקלען; 2, געלע קערפער; 3, רעסטען פון צושטערטע געל קערפער; 4, רינדע; 5, מאַרך. — 2) פאָליקלען, 200 מאָל פערגרעסערט. 1, יונגער פאָליקעל וואָס הויבט ערשט אָן צו וואַקסען; 2, דאָס איי; 3, 4, די צעלען פון דער וואַנד פון אַ כמעט אויסגעוואַקסענעם פאָליקעל.




פיג. 14. — דער רעכטער טעס־טיקעל געזעהען פון פאָרענט; די הייטלעך וואָס וויקלען איהם איין זענען איינגעשניטען און אַוועקגע־צויגען אין אַ זייט.

1, אונטערשטעס ענדע פון׳ם ספּערמאַטישען שטראַנג. 4, נעבען־האָדען. 5, טעסטיקעל.




פיג. 15. — אַ פערויינפאַכטעס בילד פון די הויפּט־טיילען פון דעם האָדען און נעבען־האָדען. — 1, 3, געוואונדעטע זאַמען־קאַנאַ־לען אין נעבען־האָדען. 2, דוק־טוס דעפערענס. 4,, 5, גלייַ־כע זאַמען־קאַנאַלען אין נעבען־האָדען און האָדען. 6, נעץ. 7, געוואונדענע זאַמען־רעהרלעך אין האָדען. 8, אבטיילונגס־ווענטעל.




פיג. 16. — 1, בלאָז; 2, זאַמען קאַנאַל (וואָס דעפערענס); 3, זאַ־מען־בלעזעל; 4, פּראָסטאַטאַ; 5, אורעטראַ. (אַלעס געזעהען פון ריק־ווערטס).




פיג. 17. — 1 בלאָז; 2, זאַמען־בלעזעל; 3, זאַמען־קאַנאַל; 4, פּראָ־סטאַטאַ; 5, אורעטראַ. (אַ שניט אין די אָרגאַנען, פון דער זייטע).




פיג. 19. — אַ שניט דורך דעם פּע־נים, פון אויבען נאָך אונטען; דער פאָדערשטער טייל. 1, פאָרהויט; 2, שוועל־קערפּער; 3, עפענונג פון דער אורעטראַ.



פיג. 18. — אַ שניט דורך
זַר מיט פון דעם פּעניס.
דונקלערע טיילען זע־
ן די דריי שוועל־קערפּ־
ער. אין דער מיט פון
ם אונטערשטען, קלענע־
ן שוועל־קערפּער זעהט
ן די אורעטראַ.










פיג. 20, 21, 22. — 1, אַ שניש דורך ז'ער ברוסט, פון דער זייט. 1, מוסקעל, אונטער דער ברוסט; 2, בינדעגעוועבע; 3, מילך־דריזלעך; 4, מילך־רעהרלעך; 5, ברוסט־וואַרצע.

2. אַ מיקראָסקאָפּיש בילד פון אַ שטיק מילך־דריזעל. 1, פיינע בלוט־אָדער, צווישען די מילך־רעהרלעך; 2, מילך־צעלען מיט די פּעט־טראָפּען; 3, מילך־רעהרלעך.

3. אַ מיקראָסקאָפּיש בילד פון אַ שטיק מילך־דריזעל, ווען קיין מילך ווערט נישט פּראָדוצירט. 1. אויספיהרונגס־קאַנאַל; 2 מילך־רעהר־לעך; 3, בינדע־געוועבע.



פיג. 24. — צווייטער מאָנאַט שוואַנגערשאַפט. די געבערמוטער אויפגעשניטען צייגט דאָס איי, וועלכעס איז אויך אויפגעשניטען און צייגט דעם פעטוס מיט דעם נאָפּעל שטראַנג. נאַטירליכע גרויס.



פיג. 23. — דאָס איי פיקסירט זיך אין דער שליימהויט פון דער געבערמוטער.



פיג. 25. — פולשטענדיג איי פון׳ם 10־טען שוואַנגערשאַפטס מאָנאַט. אַרויסגענומען פון דער געבעו׳מוטער. פיגור פערקלענערט.




פיג. 26. — לאַגע פון'ם קינד ביי דער ענטבינדונג אין דער ערשטער פעריאָדע. דער קאָפּ איז אין בעקען. די וואַסער־בלאָז אין וועלכער דאָס קינד ליגט, צייגט זיך פאַר דעם קאָפּ פאַרטיג צו פּלאַצען. — 1, פּלאַצענטאַ; 2, רעקטום; 3, פאָרדערער טייל פון דער וואַסער־בלאָז אין וועלכער דאָס קינד ליגט; 4, אורעטראַ; 5, אורין־בלאָז, צונויפגעדרוקט.




פיג. 27. — אַ נאָרמאַל פרויען־בעקען.




פיג. 28, 29, 30, 31. — ווי אַזוי צו פערזאָרגען דעם קינד'ס נאָפּעל,
(זעה די בעשרייבונג אין טעקסט.)



פיג. 32. — די פרוי ליגט באַנדאַזשירט באַלד נאָך דער ענטבינדונג.



פיג. 33. — דיאַגראַם אָדער מאָדעל, נאָך וועלכען מען קאָן צושניידען דעם מוירפי־קוק ברוסט־בינדער. יעדער פיערעק (יעדעס קעסטעלע) שטעלט פאָר אַ קוואַדראַט אינטש. (צאָל).



פיג. 34, 35. — דער מוירפי ברוסט־בינדער פון קוק פערבעסערט; איבער דער שולטער און פאָרענט בעפעסטיגט מיט זיכערהייט־שפּילקעס.



פיג. 36. — אַ ראַכיטיש בעקען, דאָס הייסט פון אַ פרוי וועלכע האָט אין איהר קינדהייט געהאַט ראַכיטיס (די ענגלישע קראַנקהייט). בעמערקט ווי די אויבערשטע בעקען עפענונג איז שמאָלער פון פראָנט נאָך ריקווערטס ווי ביים נאָרמאַלען בעקען.

די ראַכיטיס האָט זיך אין דער קינדהייט געהיילט, אָבער דאָס בעקען איז געבליבען ענג.



פיג. 37. — נאָרמאַלע שוואַנגערע פרוי.



פיג. 38. — אַ שוואַנגערע פרוי מיט אָסטעאָמאַלאַציע, אַ קראַנקהייט ביי וועלכער די ביינער זענען צו ווייך און זענען אַזוי דאָס גאַנצע לעבען, ווערענד ראַכיטיס איז נאָר אַ קינדער קראַנקהייט.

פיג. 39. — פימאָזיס ביי אַ קינד. (פון דער אַמעריקאַנער פּאָסט־צענזור אונטערדריקט).





פיג. 40, 41. — אַזוי זעהט אויס אַ שפּריצעריל (מיט אַ שפּיץ פון גלאָז אָדער קאַוטשוק) וועגען גאָנאָרעע.





פיג. 42, 43. — קאַטהעטער (אויבען), בוזשי (אונטען).



פיג. 44. — מעטאַלענע סאָנדען.



פיג. 45. — איין פאָרם פון האָר־אויספאַלען ביי סיפילים.



פיג. 46. — קאָנדילאָמען אַרום דעם רעקטום.



פיג. 47. — גוממאַ.



פיג. 48. — גוממאַ.



פיג. 49. — כאַראַקטעריסטישע צייהן ביי הערידעטערער סיפילים פון קינדער.



פיג. 50. — הערעדיטערע סיפילים ביי אַ קינד. די זיכטבאַרסטע סמנים: ביידע אויגען קוקען מיט גלייך; די נאָז איז איינגעפאַלען.

פיג. 51. — ריכטיגע און אומריכטיגע איינשפריצונג אין דער שיידע. (פון דער אַמעריקאַנישער פּאָסט-צענזור אונטערדריקט).